יחזקאל קאָטיק

# מיינע זכרונות

צווייטער טייל

כלל-פאַרלאַג
בערלין, 1922 - תרפ"ג

KLAL - VERLAG
BERLIN SW 68 / MARKGRAFENSTRASSE 73

# הקדמה

אויב אין מיין ערשטן טייל זכרונות בין איך געווען אַ פריי פויגעלע, אַ קינד אָהן זאָרג, און האָב מיך געבּאָמבּלט אין דעם קליינעם ליבן קאַמעניץ צווישן פרייליכע חסידים און פאַרקלערטע מתנגדים, אַרום דעם פאַרשמייעטן זיידן און דער האַרציגער באָבען, צווישן פאַרשיידענע רביים, מגידים, גוטע אידן, אָפּשפּרעכער און פּרושים, און האָב געמיינט, אַז קאַמעניץ איז די גאַנצע וועלט און גאָט זיצט אויבן, אויפן הימל, און קוקט נאָר צו אונז אין שטעטעלע אַריין — אויב דאָס איז אַזוי אין דעם ערשטן טייל, בין איך דאָ, אין דעם צווייטן, אַן עכטער גלות־איד, אַ נע־ונדניק, אַ וואַנדערער, אַ איד מיט אַ גרויס פּעקל, אַ פּרנסה־זוכער, אַ מלמד, אַן אַרענדאַר, אַ פּאָסעסאָר, אַ קרעמער, אַ ווײַנער, אַ מנחם־מענדל, וואָס וואַרפט זיך אַהין און אַהער און קאָן צו אַ תּכלית נישט קומען.

אָבער וואַרפנדיג זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, האָב איך דאָך געהאַלטן אָפן די אויגן. צוליב די אָפענע אויגן בין איך אפשר צו אַ תּכלית נישט געקומען... דערפאַר אָבער האָב איך עפּעס געזעהן. עפּעס געזעהן און געהערט. און דאָס גיב איך איבער אין מיין צווייטן באַנד.

מעגליך, אַז איך פאַרנעם זיך צופיל מיט זיך. מעגליך, אַז אין דעם אַלעם, וואָס איך באַשרייב, בין איך צופיל איינגעפלאָכטן, צופיל אָרט זיך גענומען. אָבער ווי קאָן זיין אַנדערש? דאָס זיינען דאָך מיינע זכרונות, מיינע איבערלעבונגען, מיין זכרון...

און גלאַט אַזוי ווי קאָן מען אַ געשעהעניש, אַ פאַקט, אַן עפּיזאָד, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַ שטיק פון מיין נשמה, אָפּטיילן פון זיך?

י. ק.

# קאַפּיטל I

נאָך דער באָבעס טויט. — דער זיידע טוט אַ שדוך. — פּלוצלינג געקומען מיט אַ ווייב. — דער איינדרוק אויף דער פאַמיליע. — די „באָבע". — דעם זיידנס תענוג. — זיינע נייע טעכטער. — צעזייט און צעשפּרייט. — מאַיאָנטקעס. — אונזערע הכנסת־אורחימס. — יוכבד. — לאה. — מען דערווייטערט זיך פון זיידן. — נישטאָ אַמאָליגע ימים־נוראימס.

די באָבע איז געשטאָרבן — און דעם זיידנס לאַגע האָט זיך גראָד פאַר־בעסערט. ער איז ווייטער געבליבן דער איינציגער גואל ומושיע, דער בעל־יועץ און וועג־ווייזער באַ די פּריצים, וואָס זיינען געווען צעמישט פון אויפ־שטאַנד, פון די רדיפות און צרות, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף זייער קאָפּ פון מוראַוויאָווס ברייטער אייזערנער האַנט. מאַנכע פון זיי האָבן איצט געפונען טרייסט אין דעם אַלטן קלוגן אהרן־לייזערן, און ער האָט זיי טאַקע מיטגעהאָלפן אין אַלע פּרטים. אַ דאַנק זיינע עצות, האָבן זיי אָפּגעגעבן זייערע מאַיאָנטקעס אירן אין אַרענדע און באַקומען געגוג געלט, אום צו פירן זייער פּריציש לעבן ווייטער. געלט האָבן זיי דעמאָלט באַזונדערס נויטיג געהאַט.

דער זיידע האָט אָבער אויך אָנגעהויבן פאַרדינען אַ סך געלט און זיין לעבן איז אַוועק נאָך ברייטער ווי פריהער. זיין בריטשקע מיט די פּאָר פערד, וואָס האָבן פריהער אויסגעזעהן איד ישליך, האָבן ערשט געקראָגן אַ פּריצישן אויסזעהן. די פערד מיטן שפּאַן האָט אים אַ פּריץ אַוועק־געשיינקט, און אין בריטשקע איז ער געזעסן מיט דער גאַנצער ברייטקייט זיינער.

דער זיידע, וואָס איז שטענדיג געווען אָנגעגאָסן מיט אימפּעט און האַסט, האָט, פאַרשטייט זיך, נאָר באַדאַרפט אויסגיסן די גאַנצע טרערן, וואָס ער האָט געהאַט, אויף דער באָבעס טויט, און קוים האָבן די ראָזיגע טרערן־קוואַלן עטוואָס אויסגעטריקנט, האָט ער שוין אַ טראַכט געטאָן וועגן אַ צווייט ווייב... שדכנים האָבן דאָס באַלד דערשמעקט און גענומען באַ־

לענערן דעם זיירן טאָג־טעגליך מיט פֿאַרשיידענע שרוכים, יונגע ווייבלאַך, רייכע, אפילו שיינע, יחסנטעס א. אַ. וו. דאָס האָט אָבער דאָך נישט געפּאַסט פֿאַר דער פֿאַמיליע. פֿלעגן די שרכנים זאָגן, אַז זיי רייִדן שרוכים אהרן־לייזערס זון ישראלן, וואָס איז מיט מיר געווען אין איין עלטער. קיינעם פֿון די קינדער איז דאָך נישט איינגעפֿאַלן, ווי מען האָט נישט געקענט דעם זיירן, אַז ער זאָל וועלן חתונה האָבן נאָך אַזאַ הייסגעליבט ווייב, בײַ אַזוינע עלטערע יאָרן, בעת ער האָט בײַ זיך אַלע קינדער מיט אַ זיבעציג אייניקלאַך און אוראייניקלאַך.

דער גערעדט ווענן אַ צווייט ווייב האָט דעם זיירן אַזוי צעהיצט, אַז ער האָט גאָר פֿאַרגעסן אָן זיין זונס שרוכים, מיט וואָס ער האָט זיך זעהר אינטערעסירט פֿריהער, און ער, ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, האָט נאָר געטענעט מיט די שרכנים, אַז מען זאָל אים שרכענען עפּעס א שיין ווייב, פֿון מיטעלע יאָרן און אַ יחסנטע. אַלץ זאָל זיין צוזאַמען.

און אין אַ דריי חדשים אַרום קומט דער זיידע פֿלוצלינג פֿון ערגעץ צופֿאָרן אַהיים אַ פֿריילעכער און הייסט מאַכן אַן אָרדענונג אין שטוב. עס דאַרף קומען אַ געהויבענער גאַסט. און אין אַ ווײַלע אַרום זאָגט ער זיך אַזוי פֿאַרבייגייענדיג צו די קינדער:

— איך האָב חתונה געהאַט... מיט אַ גרויסער יחסנטע... ר׳ איצעלע קאַרלינער רבס טאָכטער... אַ אידענע אַ צדיקת...

און בײַלד דערויף רוהיג דערציילט ווענן איר. דעם מאַן האָט זי געגט, ווייל ער איז געוואָרן אַן אַפּיקורס, נישט קוקנדיג אויף דעם, וואָס ער איז אַ איר זעהר אַ שיינער, אַ געבילדעטער און האָט דערוואַקסענע קינדער מיט איר. זי, די צדיקת, האָט נישט געקוקט אויף די אַלע גליקן און האָט נישט געוואָלט לעבן מיט אַן אפּיקורס.

אין שטוב איז געוואָרן אַ חורבן. אַלעמען איז פֿינסטער געוואָרן אין די אויגן; און מען איז זיך צעלאָפֿן אין די אַנדערע צימערן — זיך אויסוויינען. די זאַך איז אָבער אָפּגעטאָן געוואָרן, פֿאַרפֿאַלן הייסט עס. און דער זיידע האָט ווי עס איז אַראָפּגעשלונגען דעם צער פֿון די קינדער און איז בײַלד אַוועקגעפֿאָרן ברייננגען דאָס נייע ווייב...

ווען ער איז אַוועקגעפֿאָרן, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די גרויסע יללה. די געוויינערייַ און גוואַלדערייַ איז געווען כּמעט אַזוי גרויס, ווי אין דעם טאָג פֿון דער באָבעס טויט. אַלע האָבן מיט טרערן געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן, אָהן ווערטער, ווי מענשן, וואָס דאַרפֿן איבערקומען אַן אומ־פֿאַרמיידליכע געפֿאַר. עס האָט זיך קיינעם אַוודאי נישט געגלויבט, אַז דער זיידע, וואָס האָט ליב געהאַט די באָבע און אַזוי פֿיל איינגעלעגט די וועלט נאָך איר טויט, זאָל בײַלד פֿאַרגעסן אָן דעם אַלעם, און אויף דער עלטער,

צו זעכציג יאָר, באַ אַ פּולע שטוב מיט קינדער און קינדס־קינדער, זאָל ער אַריינבריינגען אַ שטיפמוטער. די טרערן זיינען אָבער נישט מער געווען ווי טרערן. העלפן האָט מען נישט געקאָנט. און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז טאַקע אַראָפּגעקומען אַ ברייטע, אַ שיינע אידענע פון אַ יאָר פינף און פערציג, שיין אויסגעפּוצט, און דער זיידע האָט געהייסן דער דינסט שטעלן דעם סאַמאָוואַר.

די קינדער האָבן זיך געמאַכט האַרץ, נישט אַרויסגעוויזן פאַר דער ברייטער, שיינער אידענע זייער צער און פאַרדראָס און האָבן זי אויפגענומען נישט קאַלט און נישט וואַרעם. דעם זיידן איז געווען זעהר נישט באַקוועם: אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט, אַז זיין צווייט ווייב זאָל וואַרעם אויפגענומען ווערן. אָבער פאַרלאַנגען עס האָט ער נישט געקאָנט, און דאָסזעלבע הויז, וואָס איז שטענדיג געווען אַזוי קאָכעדיג און רוישיג מיט קינדער און מיט אייניקלאַך, וואו מען האָט געשטיפט און געלאַכט, געטאַנצט און געזונגען — דאָסזעלבע הויז איז איצט געוואָרן שטיל, פאַרכמאַרעט, ווי אויסגעשטאָרבן.

קיין הויך רייערן, קיין געלעכטער, קיין געשרייען, קיין געפּילדער, אַלץ איינ־געהאַלטן, דערשלאָגן, שטיל. פון שטאָט האָט מען אויך אויפגעהערט צו קומען, נישט צו די קינדער און אַפילו נישט צו אהרן־לייזערן. מען האָט געוואוסט, אַז ער איז פאַרנומען מיטן נייעם ווייב, אַז ער מוז, מסתּמא, זיצן באַ זיך אין צימער מיט איר און קלייבן פאַרגעניגן.

די „באָבע" נעמי, ווי די אייניקלאַך האָבן זי פאַר לייטן גערופן, האָט זיך דערוויייל אויך געהאַלטן קאָרעקט צווישן די קינדער און אייניקלאַך. זי האָט, אַפּנים, פאַרשטאַנען, אַז דער שטוב־עולם איז לפי ערך אַ גאַנץ איידעלער און אַז מען דאַרף זיך סטאַרען ווי ווייט מעגליך צו־צוציהען אָט די אַלע מענשן, כּדי זיי זאָלן נישט וואַרפן אויף איר קיין אומחן, וואָס דאָס איז נישט געוואונשן. האָט זי זיך באַצויגן צו דער גאַנצער פאַמיליע זעהר העפליך און אַרויסגעשטעלט זיך פאַר אַ „מאַמען" און אַ „באָבען".

אין אַ צוויי וואָכן אַרום איז געקומען צופאָרן צום זיידן אַ גאַסט. דאָס איז געווען דעם ווייבס אַ יונגערע טאָכטער, אַ פריילין פון אַ יאָר פערצען. שפּעטער, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, איז געקומען נאָך אַ גאַסט: ווידער אַ טאָכטער, אַ פריילין, שוין פון אַ יאָר זיבעצען. די דאָזיגע טעכטער זיינען פאַרבליבן נעבן דער מוטער. אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט דעם ווייבס אַ זון חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ קאָמעניצער בעל־הבית...

און אַזוי אַרום איז שוין אין אַ קורצער צייט פון אַ קנאַפּן האַלב יאָר אויס־געוואַקסן באַם זיידן אַ נייע פאַמיליע... די ביידע טעכטער האָבן זיך שוין געהאָרעוועט באַם זיידן, און ער האָט זיי אַרויסגעוויזן אַ סך פאָטערליכע ליבע. דער איידעם מיט דער שנור, דער מחותּן און מחותּנתטע מיט זייער

גאַנצער פֿאַמיליע זיינען געוואָרן גאַנצע בני־בית באַם זיידן אין שטוב, האָבן פֿאַרנומען דעם אויבנאָן, אַזוי אַז עס איז שוין נישט געבליבן קיין אָרט פֿאַר ביילע־ראַשעס קינדער און אייניקלאַך, וואָס האָבן פֿריהער פֿול געמאַכט די שטוב מיט שמחה און געלעכטער. די קינדערשע פֿאַרגאַלטקייט און דער־שלאָגנקייט האָט טיילווייז אויך געווירקט אויפֿן אחדות צווישן אַנאַנד. עס איז נאָך געווען די נאָהענטקייט, עס איז נאָך געווען עפּעס ליבע, אָבער די ליבע האָט שוין נישט געפֿלאַקערט, און וואָס ווייטער האָט עס אַלץ נעקילט און געקילט...

דער זיידע, וואָס האָט שטענדיק געזאָגט דאָס ווערטל, אַז „דעם זאָל די ערד אַרויסוואַרפֿן די ביינער, ווער עס גיט אָפּ אַ קינד פֿון זיך", האָט זיך דאָך גענומען צו פֿאַרזאָרגן די קינדער יעדן באַזונדער. מעגליך, אַז ער האָט ניכער געוואָלט פּטור ווערן פֿון זייערע פֿאַרגאַלטע בליקן, וואָס האָבן אים פֿאַרדאָרבן דעם פֿאַרגעניגן מיטן נייעם ווייב. פֿאַר יעדן קינד האָט ער געדונגען אַן אַנדער הויף אין אַרענדע. פֿאַר זיך אַליין האָט ער אויך געדונגען אַ הויף — „פּרוסקע" באַ ווילעווינסקין, פֿיר וויאָרסט פֿון קאַמעניץ, מיט אַ בראָנפֿן־ברויז.

אין אַ האַלב יאָר צייט האָט ער באַוויזן צו פֿאַרשטעקן יעדעס קינד אין אַן אַנדער הויף. מען איז זיך צעפֿאָרן און צעשפּרייט זיך, און ער האָט זיך געשעפּט נחת פֿון זיין „ווייבל" און אירע טעכטער. אַרום איז געווען: שאַ, שטיל... פּטור געוואָרן פֿון די קינדער, האָט ער נאָך פֿון אָנפֿאַנג געוואוינט אין קאַמעניץ, מחמת דער הויף איז געווען נאָהענט. אין אַ שעה האָט מען שוין געקאָנט זיין אין פּרוסקע אַהין און צוריק. אָבער אין אַ קורצער צייט האָט אָט דער רוישיגער מענטש זיך פֿאַרביינקט נאָך אמתע רוה, נאָך שטילקייט אַזוי, אַז עס זאָל אים גאָרנישט שטערן אין זיין פֿאַרגעניגן. אַזוי פֿאַרכּשופֿט איז ער געווען פֿון זיין נייעם ווייב.

די קינדער האָבן זיך יעדערער געוואוינט אין זיין הויף איינזאַם. דער פֿאַמיליע־פֿאַרבאַנד איז זיך ביסלעכווייז אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט געוואָרן. און ווען נישט יוכבד, דעם פֿעטער יאָסלס ווייב, וואָס האָט זיך שטאַרק צום האַרצן גענומען דעם גורל פֿון דער משפּחה און האָט זיך געסטאַרעט צונויפֿ־צובינדן די אָפּגעריסענע אָפּגעשוואַכטע לעצטע פֿעדימלאַך, וואָלט מסתּמא פֿונם פֿאַמיליע־אחדות געוואָרן אַ תּל. אָט די יוכבד איז געווען אַ גרויסע מכנים־אורחטע און זעהר אַן איבערגעגעבענע פֿרוי. געוואוינט האָט זי אין באַביטש, אַ הויף — אַכט וויאָרסט פֿון קאַמעניץ, און די פֿאַמיליע פֿלעגט אָפֿט קומען צו איר אין געסט מיט געשפּאַן און פֿערד. שטענדיק פֿלעגן זיך באַ איר געפֿינען אַ צען, פֿופֿצען פּערזאָן, די — אַוועקגעפֿאָרן, יענע — געקור־

מען, און מען האָט געגעסן מלינטשיקעס און זיך געבאָרן אין מילכיגס. דער טומל פון דעם זיידנס הויז, הגם שוין שוואַכער און קלענער, האָט ביסלעכווייז עמיגרירט צו איר. באַ איר פלעגט מען זיך פרייען, טאַנצן, לאַכן און ריידן פון דער ברייטער „באָבען" מיט אירע טעכטער.

די צווייטע מכנים־אורחטע איז געווען דעם טאַטנס שוועסטער, לאה, אויך זעהר אַ קלוגע און אַ גוטע פרוי. מען האָט אויף איר געזאָגט אין דער פאַמיליע און אין שטאָט, אַז דאָס איז די מוטער ביילע־ראַשע. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ גוזמא. איר מאַן אליעזר גאָלדבערג איז געווען אַ יונגער מאַן — אַ למדן, אַ משכיל און אַ משורר. אַז אים האָט זיך פאַרגלוסט, האָט ער געמאַכט אַ העברעאישן שיר אויף חנוכה, אויף פורים און איז דערביי געווען אַ לעבאינגל. ער האָט געהאַט זעהר אַ ברייטן כאַראַקטער; אין דער פאַמיליע האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט שיטערע פינגער... געלט איז באַ אים געווען כלה. געוואוינט האָט ער אין אַ הויף סטאַרשעווע, נעבן זאַסטאַוויע. דאָס איז געווען דערזועלבער הויף, וואָס דער זיידע האָט זיך געשעמט צו נעמען, בעת אַ פריץ האָט עס אים געוואָלט אָפּשרייבן במתנה.

איז סטאַרשעווע געווען דער צווייטער הכנסת־אורחים פאַר דער פאַמיליע, נאָר שוין אַן ערגערער פון יוכבדס הכנסת־אורחימס. בהמות האָט זי קיין סך נישט געהאַט. און אַז עס איז אָנגעפאָרן די פאַמיליע, האָט איר נישט געסטייעט קיין מילך און קיין פוטער. עסן פלייש איז דעמאָלט גאָר אין מאָרגע נישט געווען, אויסער שבת; און אויך אויף שבת איז עס שווער אָנגעקומען. אנגב האָבן דעם עולם שטאַרק געצויגן יוכבדס מלינטשיקעס. יוכבד האָט זיך אויסגעלערנט זיי צו מאַכן באַ איר שווינער ביילע־ראַשע, וואָס איז שוין געווען מיט דעם מפורסם. דאָס זיינען געווען וואונדערליכע מלינטשיקעס, וואָס היינט זעהט מען שוין נישט מער אַזעלכע.

מיין ליבער פאָטער, וואָס איז געווען דער עלטסטער אין דער פאַמיליע, האָט גאַנץ ווייניג באַזוכט די דאָזיגע הכנסת־אורחים. ער האָט געהאַט זיינע רעיונות. ווידער איז ער געווען פאַר די יונגע צו פרום, צו געלאַסן, הגם זיי האָבן אים זעהר ליב געהאַט; און אַז ער האָט זיך אַמאָל באַוויזן באַ יוכבדן אין שטוב, איז דאָס געווען באַ אַלעמען אַ מין יום־טוב, ווי אַ רבי קומט צו פאָרן אין געסט צו זיינע חסידים. אין זיין געזעלשאַפט האָבן אַלע קאָקעטירט מיט רוהיגקייט און געלאַסנקייט, קיין געשרייען, קיין געלעכטער, קיין שטיפן. אַלע פלעגן אים אַרומרינגלען, און ער פלעגט זיי וואָס דערציילן אָדער זאָגן אַ קלוגן וויץ, ווי זיין שטייגער איז שטענדיג געווען, און אַלעמענס אויגן פלעגן אויפשטראַלן.

ווינטער האָט יוכבר געזעצט געגז צו דרייסיג אויף אַמאָל און געפּרעגלט שמאַלץ און גריבענעס; האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט יוכבדס גריבענעס. די גענז האָט זי איינגעזאַלצן אין אַ פעסעלע, און אַ חודש צייט האָט מען געגעסן געגזענס און גריבענעס. דערצו האָט זי נאָך יעדערן מיטגעגעבן אַ פּאָרציע אַהיים. עס האָט זיך געטאָן אַ וועלט מיט יאָכעס גריבענעס. זי האָט אויך געפּאַשעט ענריקעס און יעדן פון דער פאַמיליע האָט זי געטיילט אויף פּסח ענריקעס.

אַ בּריה איז זי געווען אַ גרויסע, סיי אין שטוב און סיי אין הויף. זי האָט פון אַלץ געוואוסט, אומעטום געווען, האָט געהיט די בּהמות, קעלבּלאַך, פערד און רעסנלייכן. אַ גאַנצן טאָג איז זי געווען פאַרנומען. פלעגט אויפ־שטיין זעקס אַזייגער אין דערפריה. סיי זומער, סיי ווינטער, האָט זי זיך אַ גאַנצן טאָג געפּאָרעט, נאָר מעשה־כוואַט, לייכט, ווי די אמתע בּריה. זי האָט זיך אומעטום געמישט, האָט אַלץ בּאַוואָרנט, און ווינטער פלעגט זי אָפּט שטיין אַ גאַנצן טאָג אין שייער בּאַם דרעשן די תּבואה... צו דער בּאַ־קוועמליכקייט פון די געסט האָט עס אָבער גאָרנישט געשאַדט. בּאַלד אין דערפריה האָבן אַלע געסט געהאַט הייסע טיי פון סאַמאָוואַר מיט די גוטע סליווקעס און געבּעקסן.

געווען בּאַ איר אָבער אַ שוואַכקייט — פּאָרט אַ אשה! — וואָס פלעגט טיילמאָל גאַנץ שווער ווירקן אויף די געסט: זי האָט זיך ליב געהאַט צו בּאַרימען פאַר אַלעמען, אַז זי איז אַ גרויסע בּריה... און בּאַרימען זיך נישט קורץ, נאָר לאַנג, מיט ניין מאָס רייד. האָט זי דערציילט פון אירע אַרבּעטן, פון איר קאָכן, בּאַקן, פון בּקיאות אין געשעפטן, פון קאָנען אויפנעמען אַ גאַסט, פון קאָנען פאַרצירעווען אַ געוואַלד־רים א. אַז. וו., און האָט אָפטער אַלעמען פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט די ראָזינע ווייבערשע בּאַרימערייען. אין די ראָזינע ניין מאָס רייד איז אָבער צומאָל געלעגן אַ שטאָך, געצילט אין איר מאַן, וואָס איז כּלומרשט אַ גאַנצער פּריץ, מחמת זי טוט פאַר אים. ער איז אַ פּריץ, זי איז שטענדיג פאַרטון אין אַרבּעט. ער קומט צו אַלעם פאַרטיגן, זי דאַרף דרייען מיטן קאָפּ. אָבער אַ בּריה איז זי פּאָרט געווען אַ גרויסע, און די שוואַכקייט אירע האָט מען איר געקאָנט מוחל זיין.

אין די ימים־נוראים־טעג, ווען אַלע ישובניקעס קומען אין שטאָט אַריין אויף ראש־השנה, יום־כּפּור, איז זיך אונזער פאַמיליע צונויפגעקומען אין קאַמעניץ. צום זיידן אָבער איז מען נישט פאַרפאָרן, הגם אין קאַמעניץ איז בּאַ אים געשטאַנען ליידיג אַ גרויסע וואוינונג. יעדערער האָט זיך געדונגען אויף ראש־השנה און יום־כּפּור אַ דירה. דער זיידע פלעגט אויך קומען מיט זיין ווייב און צוויי „טעכטער“.

זיין איינגאַנצן דערוויטערט פון זיירן האָט דאָך נישט געפּאַסט. און אַז מען איז געקומען פון דאַוונען, פלעגן די גרעסערע קינדער גיין אָפּגעבן גוט יום־טוב דעם זיידן און באַלד אַהיים געגאַנגען. פאַרן גאַנצן טאָג איז מען שוין מער צום זיידן נישט געגאַנגען, און די שטוב האָט אויסגעזעהן דעם ערשטן ראש־השנה, נאָך דער באָבעס טויט, ווי אַ חרוב־געוואָרענע שטאָט. נאָר אויב עס האָט זיך דאָך עטוואָס געדורעט אין דעם זיידנס שטוב ראש־השנה־צייט — זיינען דאָס געווען די ג ע ס ט, וואָס פלעגן קומען צו זיינע שטיף־טעכטער.

מיין טאַטע איז געווען ראש־השנה באַם רבין אין סלאָנים.

דעם פעטער מרדכי־ליבן האָט זעהר פאַרדראָסן זיין ברודערס חתונה, האָט ער זיך אויך דערווייטערט פון אים. ער האָט אים אַפילו גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם, נאָר באַ זיך האָט ער עס געהאַלטן פאַר אַ גרויס פאַר־ברעכן און פאַר אַ מאוסער גראָבקייט, און אַזוי אַרום האָט ער זיך ביסלעכוויז אָפּגערוקט פון זיין ברודער. דער זיידע פלעגט שוין קומען צו מרדכי־ליבן, נישט ווי אַמאָל, מיט יענער ברייטקייט און פרייקייט. דער קלוגער זיידע האָט גרויסאַרטיג פאַרשטאַנען דעם ברודערס שטומען ברוגז און האָט זיך גע־סטאַרעט צערייבן עס ווי עס איז. אַזוי, למשל, האָט ער אָנגעהויבן קומען אָפט צום ברודער, אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער פלעגט יענער קומען צו אים.

די נאַכט צו ערב יום־כּפּור, וואָס האָט געהאַט אַזאַ חן באַם זיידן אין שטוב, איז איצט אַוועק זעהר שטיל און אומעטיג. דער שוחט איז טאַקע געקומען קודם צו אהרן־לייזערן, אָבער די בעלי־בּתּים האָבן נישט אַריינ־געשיקט זייערע כּפּרות צום זיידן אין שטוב. אַלע קינדער, ווידער, האָבן זיך אָפּגעשלאָגן די כּפּרות באַ זיך און אַריינגעשיקט צום זיידן די כּפּרות פאַרטיגע, „אָפּגעשלאָגענע", נישט ווי פאַראַיאָרן.

נאָר די נאַכט פון ערב יום־כּפּור זיינען די גרעסערע קינדער אַוועק צום זיידן. עס איז געווען דערזעלבער גרויסער רייכער טיש מיט די פאַרשיידענע איינגעמאַכטסן און טאָרטן און פּערעשקעס, און לעקעכער, און ניס, און זיסע בראָנפנס, אָבער וואו איז די שמחה? וואו איז די פריינטשאַפט, די ברידער־שאַפט, די גרויסע ליבע? אַלץ וואָכעדיג, קאַלט, מרה־שחורהדיג, פאַרשלאָפן, נישטאָ דאָס רוישן פון די פיל קליינינקע און גרעסערע אייניקלאַך, נישטאָ די שטראַלנדיגע בליקן. אַלע האָבן זיך ביסלעכוויז צערוקט, צעוואָרפן, פאַרבאָרגן. און דאָס בענטשן ערב יום־כּפּור איז שוין אויך נישט דאָס, ווי פאַראַיאָרן, בעת אַלע האָבן געוואַרט איינע אויף די אַנדערע, קיינער איז נישט אַוועקגעגאַנגען אַליין. אַלע האָבן צוזאַמען געוויינט און די געוויינעריי מיטן יאָמעריי סיי פון די גרויסע און סיי פון די קליינע זיינען דערגאַנגען ביזן זיבעטן הימל.

דער פעטער בעריל־בענדעט, וואָס פלעגט שטענדיג פאַרפאָרן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע קינדער און אייניקלאַך צום ויידן אויף ראש־השנה און יום־כפור, איז היינט פאַרפאָרן צו זיין פאָטער זעליג אַנדראַרקעס... נאָר איין זאַך איז אפשר געווען מער ווי פאַראַיאָרן: שטילע, דערשטיקטע טרערן...

נאָך יום־כפור זיינען זיך אַלע צעפאָרן אין די הויפן און אַלץ איז אַוועק־געשוואומען. עס איז געווען קלאָר, אַז די גרויסע שיף איז צעבראָכן געוואָרן, און יעדער שווימט אַוועק באַזונדער אויף איינציגע העלצלאַך און ברעטלאַך, וואָס זיינען געבליבן פון דער גרויסער שיף...

---

# קאַפּיטל II

**מיין טאַטנס אומעט. — זיין ביינקשאַפט. — די נויט צו דאַווגען מיט מתנגדים. — זיך פאַרביינקט נאָכן רבין. — דער היזק. — אַמאָליגע חסידישע שמחות. — ר׳ אברהמעלע. — זיין אריינפאָר קיין קאַמעניץ. — דער פאַראַד. — חסידים קאָכן, באַקן אויפן אַמעריקאַנער שטייגער. — די באָד. — דעם רבינס לכו נרננה. — די מאָלצייטן. — דעם רבינס זיפצן. — שריים. — ר׳ ישראל וויל נישט זינגען. — דעם רבינס מאַכט. — ר׳ יחזקאל גט זיך מיט זיין פרוי. — חסידישע שפּילעכלאַך. — מען שמייסט מיין טאַטן. — איך וויין. — עס איז פרייליך.**

דער טאַטע האָט, זייענדיג אין דאָרף אָהן די חסידים און אָהן ר׳ ישראלן, פאַרלאָרן זיין שטיל־פרייליכע מינע, וואָס איז שטענדיג געלעגן בּאַ אים אויפן פּנים. אים האָט קענטיג אינעווייניג אין האַרצן געצויגן און געריסן צו זיינע חסידים, און דאָ איז ער געווען „אַליין ווי אַ שטיין“.

איבערהויפּט האָט אים באַנג געטאָן די שבּתים. אַ רחמנות געווען צו קוקן. ער האָט זיך אפילו פּרייטאָג צו נאַכטס משמח געווען מיט זיינע קליינע קינדער, מען האָט אָנגעצונדן אפשר אַ דרייסיג ליכט אין שטוב, ער האָט געזונגען און האָט צוגעגעבן אַלעמען מוט, אָבער דאָס איז געווען אַז אָך און וויי. איך האָב אַפילו אים געהאָלפן זינגען, איך האָב געקענט, גערעכנט איך, אַ סך חסידישע נגונים (מען האָט מיך דערמיט זאָגאַר פאַרלויבט בּאַ מיינע מחותנים, ווען איך בין אַ חתן געווען. צווישן מיינע שבחים האָט מען אָנגעגעבן אויך דאָס, אַז איך קאָן אפשר צוויי הונדערט נגונים זינגען). אָבער נישט אַלע מאָל האָב איך געקאָנט זיין בּאַ אים, און נאָך דער חתונה, ווערנדיג אויס חסיד, האָבן מיר שוין די אַלע חסידישע נגונימלאַך נישט געשמעקט, אויסער ר׳ ישראלס, וואָס האָבן שטענדיג אויפגעוועקט אַלע סטרונעס פון מיין האַרצן.

איך האָב דעם טאַטן געהאָלפן זינגען די חסידישע נגונים אָהן חשק, און כּדי איך זאָל זינגען מיט מער טעם, פלעגט ער אומישנע זינגען ר׳ ישראלס נגונים. אָבער די שמחה זיינע, ווי געזאָגט, איז געווען אַ געמאַכטע,

ווי דער ערליכער איד עסט דעם מרור באַם סדר. אַזוי האָט מען זיך „משמח געווען“ ביז אַזיינער צוועלף באַנאַכט.

געראַוונט האָט דער טאַטע שבת אויך אין דערהיים, כאָטש אַלע ישובים פון אַ וויאָרסט, צי פון צוויי וויאָרסט אַרום, קלויבן זיך אויף, לויט דער טראַדיציע, צו איין ישובניק ראַוונען שבת מיט אַ מנין. אין אַזאַ מנין לייענט מען אויך די תורה, ווי עס פירט זיך אומעטום: צוויי ישובניקעס, גבאים, רופן אויף צו דער תורה. עס איז אויך דאָ שנאה, קנאה פאַר עליות. יערערער וויל די פעטערע עליה, און די גבאים קאָנען קיינמאָל נישט יוצא זיין. טיילמאָל קומען דערפון אַרויס גרויסע מחלוקתן ביז מסרן אָדער ביז אויסדינגען באַ יענעם זיין קרעטשמע, צו זיין פּאַקט.

דער טאַטע האָט קיינמאָל נישט געוואָלט ראַוונען מיט די ישובניקעס מתנגדים, נאָר אַז עס האָט געפעלט צום מנין, פלעגט ער מוזן קומען. אָבער ער פלעגט באַ זיך נישט קאָנען פועלן צו ראַוונען מיט זיי בציבור. ער פלעגט שוין דעמאָלט האָבן אָנגעגרייט באַ דעם ישובניק אַ מדרש אָדער אַ זוהר און פלעגט בעתן ראַוונען קוקן אין די ספרים. געראַוונט האָט ער אין דערהיים פאַר זיך. שטיל האָט ער שטענדיג געראַוונט און אין זיין פאַר־קנייטשטן שטערן און די פאַרטונקענע אויגן האָט זיך אַרויסגעזעהן זיין כונה.

נאָכן ראַוונען, געקומען אין שטוב אַריין, געזאָגט דעם גרויסן „גוט־שבת“, אַריינגעגאַנגען צו דער מאַמען אין צימער, וואָס איז געזעסן אָדער באַם סידור אָדער באַם צאינה וראנה און אָפּגעגעבן איר באַזונדער גוט־שבת. דערנאָך קומט דער קידוש, דערנאָך לעקעך און קיכל מיט הערינג און קאַלט בּרוסט־פלייש פון נעכטיגן צימעס. דאָס האָט געמוזט זיין. דערנאָך איז מען געגאַנגען עסן. עס האָט געמוזט זיין פיש, ציבעלע מיט אייער און שמאַלץ.

אין מיינע אינגלשע יאָרן האָט ער מיר איינמאָל דערציילט, אַז דער לעכוויטשער האָט געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ באַזונדער אבר באַ אַ אידן, וואָס האָט נאָר הנאה פון ציבעלע אום שבת...

נאָך דעם אַלעם פלעגט מען דערלאַנגען טשאָלנט, קאַרטאָפל, קאַשע, צוויי סאָרטן קוגלען, פלייש א. א. וו. דאָס עסן האָט געדויערט אַ שעה צוויי, דריי. מען האָט געזונגען זמירות און געגעסן, געזונגען און געגעסן, אָבער אויפן טאַטנס פּנים איז געלעגן אַ באַהאַלטענע מרה־שחורה, וואָס ער איז פאַרשטויסן געוואָרן פון שטאָט, פון זיין חסידים־שטיבל, וואו עס איז געווען באמת פריילך און האַרציג, וואָס ער איז פאַרשטויסן געוואָרן פון זיינע סעודות און פון זיין ר׳ ישראלן און פון דעם גאַנצן כולל חסידים. און ער האָט ווירקליך אויסגעזעהן ווי אַ פייגעלע, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין נעסט...

נאָכן עסן איז ער געגאַנגען שלאָפֿן, ווי דער שטייגער איז. נאָכן שלאָף — געלערנט חומש, מדרש, זוהר און זיך מיט אַלע כּחות געסטאַרעט צו דערשטיקן דעם אומעט.

אָבער איך האָב אים שוין גוט געקענט און אַרויסגעלעזן דעם אומעט פֿון זיין יעדער באַוועגונג. וואָלט איך כאָטש געווען אַ חסיד, וואָלט ער דאָך פֿאַרגעניגן געהאַט, וואָלט געווען מיט וועמען צו פֿאַרברייינגען אין חסידישע תּורות און נגונים. אָבער דאָס איז נישט באַשערט געווען, און זיין זון איז געווען וויט פֿון אים כּרחוק מזרח ממעריב. אויסערדעם, האָט אים נאָך געענבערט אין מוח, טאָמער חלילה ווער איך נאָך אַן אפּיקורס אויך, אַ קשיה אויף אַ מעשה. אַ שם פֿאַר אַ חקרן האָב איך סיי ווי סיי, און ווער וויים וואָס עס קאָן אַרויסקומען פֿון די גרויסע חקירות — און דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געשראָקן.

איך האָב אויף אים גרויס רחמנות געהאַט. מיר האָט עס ממש דערנומען דאָס לעבן, און איך האָב געזוכט פֿלענער ווי אים צו באַרוהיגן. איך וועל זיין אַ מתנגד, אָבער אַ הייסער איד. אַ הייסער איד וועל איך זיין. אָבער וואָס איך האָב זיך נישט געסטאַרעט, האָט עס אַלץ נישט געהאָלפֿן. בּאַ אים איז אויסגעקומען, אַז ווי באַלד איך האָב געקאָנט דורך די ויכּוחים אַראָפּגיין פֿון די גלייכע חסידישע וועגן, טאָ ווער וויים צו וואָס איך קאָן נאָך דערגיין מיט די דאָזיגע ויכּוחים און חקירות! אפשר לייקענען אינגאַנצן אין בּורא יתבּרך. אַוודאי האָט ער מגזם געווען מיין כּח אין ויכּוחים.

וואוינענדיג אין פּאַסעקי, האָט זיך דער טאַטע איינמאָל, אַרום ראש־השנה, פֿאַרבּיינקט נאָכן רבּין. אָפּרייסן זיך פֿון דערהיים אין אָט דער צייט איז כּמעט אוממעגליך פֿאַר אַ פּאָסעסאָר: די גאַנצע פֿעלד־אַרבעט ווערט קאָנצענטרירט אַרום ראש־השנה, מען דאַרף גראָבן קאַרטאָפּל און באַהאַלטן אין גריבער; מען דאַרף דרעשן קאָרן, מען דאַרף פֿאַראַקערן און פֿאַרבּראָ־נעווען די פֿעלדער; מען דאַרף צוגרייטן תּבואות צו פֿאַרזייען אויפֿן קומענדיגן יאָר, מען דאַרף דאָס צווייטע מאָל שניידן היי א. אַז. וו. א. אַז. וו.

דעם טאַטן האָט זיך אָבער פֿאַרבּיינקט נאָכן רבּין — זאָל גאָט היטן. אַ גאַנץ יאָר האָט ער געהאָרעוועט, געתּכליתט, געעסקט מיט גויים, פֿון וואָס עס האָט אים ממש געאיבּלט. אַ קליינינקייט, האָבן אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָר אַן עסק מיט פּויערים, מיט גויים.

נישט אָנזעהן אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָר אַ חסידישע קהלה. אים האָט פּשוט פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ, ווי בּאַ אַ קינד, ווען די מוטער איז אַוועקגעגאַנגען. און נישט קוקנדיג דערויף, וואָס עס ברענט די אַרבעט, וואָס איין אַרבעט יאָגט די צווייטע, און נישט קוקנדיג דערויף, וואָס די צייט איז

אַ געדריקטע, און אַ הונדערטער איז פּשוט אַן עולם ומלואה, איז ער דאָך אַוועקגעפאָרן קיין סלאָנים, איבערלאָזנדיג די גאַנצע אַרבעט אויף אַ פּויער. אין סלאָנים האָט ער פאַרבראַכט גאַנצע אַכט טעג. געקומען איז ער אַהיים פאַר יום־כפּור און האָט געפונען באַ זיך אין הויף זעהר אַ שיינע אָרדענונג.

דעם האָבער (עס איז געווען אַ שפּעטיגער זומער) האָט מען געשניטן נישט אין דער צייט, האָט ער זיך צעשאָטן אין פעלד; די קאַרטאָפל האָט מען נישט אַריינגעלעגט אין די גריבער, איז מער ווי אַ העלפט צעפוילט געוואָרן; דעם קאָרן האָבן די דרעשער געדראָשן נישט פון טאָג, נאָר פון שאָק, האָבן זיי טאַנדעטעוועט אין דער אַרבעט, איבערגעלאָזט אין יעדן זאַנג נישט ווייניגער פון אַ פיר קערנער און רעסנלייכן.

אַזוי האָט דער טאַטע געהאַט היזק פון זיין סלאָנימער רבין באַ אַ פינף — זעקס הונדערט רובל, אויסער רייזע־קאָסטן.

וויסנדיג דעם טאַטנס געדריקטע לאַגע, האָב איך זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דער טאַטע זאָל זיך באַשליסן אויף אַזאַ שאָדן צוליב זיין סלאָנים.

— איז דאָס אמת, טאַטע, — האָב איך אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן, — פינף הונדערט רובל היזק האָסטו געהאַט?

— היזק האָב איך געהאַט אַרום זיבן הונדערט רובל — האָט דער טאַטע שטיל געענטפערט.

זיבן הונדערט רובל!

— טאַטע! — האָב איך זיך איינגעשטעלט — צו וואָס האָסטו עס באַדאַרפט? וויל מען פאָרן, קלייבט מען אויס אַ בעסערע צייט.

דער טאַטע האָט מיט אַ מאָדנער טריבער פאַרביינקטקייט אַ קוק געטאָן אויף מיר.

— דו ביסט קיינמאָל קיין חסיד נישט געווען, ווייסטו נישט, וואָס הייסט פאָרן צום רבין. נישטאָ קיין גרעסערער תענוג. דער רבי גיט כחות צו לעבן...

און דער טאַטע איז שטיל געבליבן און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ מינע, פּונקט ווי עמיצער וואָלט אים אַ שטאָך געטאָן באַם האַרצן.

איך בין אויך אַנטשוויגן געוואָרן.

ווי קומט מיין טאַטע צו לעבן אויפן דאָרף, צווישן גויים? דער איד, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט אידישן פרומען טומל, אידישע שמחה, אידישן טאַראַראַם און אַפילו דעם ריח פון אַ אידן...

טייל מאָל פלעגט דער טאַטע פאַרזונקען ווערן אין זיינע זכרונות — דער איינציגער תענוג אין איינזאַמקייט. עס איז אויך געווען וואָס צו געדענקען. דער טאַטע האָט געשפּילט נישט קיין קליינע ראָליע צווישן חסידים, און

ער פלעגט זיך פאַרגינען אויפנעמען אויף עטליכע טעג אַ רבין מיט זיין גאַנצער כּנופיא, וואָס דאָס האָט אַ היפּש ביסל געלט געקאָסט. איך געדיינק נאָך ווי איצט דעם פאַראַד, וואָס די קאָמעניצער חסידים האָבן געמאַכט זייער גרויסן גאַסט — דעם סלאָנימער רבין.

דער סלאָנימער רבי, ר׳ אברהם, איז געקומען קיין קאָמעניץ דאָנערש־טאָג פריה אין אַ בויד מיט דריי פערד. צוזאַמען מיט אים זיינען געזעסן דריי משמשים, איינער אַן עלטסטער און צוויי געהילפן. נאָך זיין בויד זיינען נאָכגעפאָרן פיר בעל־עגלהשע פורן מיט עטליכע און צוואַנציג בריסקער חסידים. די קאָמעניצער חסידים, ווידער, אַרום דריי מנינים אידן, זיינען אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן אין בריסקער גאַס מקבל־פּנים זיין דעם רבין. און אַז דער פורמאַן פון רבינס בויד האָט דערזעהן פון ווייטן די חסידים גיין, האָט ער אָנגעהויבן צו פאָרן פּאַמעליך. די קאָמעניצער חסידים ווידער, אַז זיי האָבן פון ווייטן דערזעהן דעם רבינס בויד, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זינגען זייער חסידיש נגונדל, וואָס דער סלאָנימער רבי האָט באַזונדערס ליב געהאַט. איך בין דעמאָלט אויך מיטגעגאַנגען מיט די חסידים. דער טאַטע האָט מיר געוואָלט אָנטון אַ נחת רוח. און אָט, ווי איצט, הער איך דאָס זיסע נגונדל און, ווי איצט, זעה איך די מחנה חסידים, וואָס גייט פון שטאָט באַגעגענען דעם רבין.

אַך, ווי פרייליך עס איז געווען.

אַז די חסידים זיינען צוגעקומען צום רבינס בויד, האָבן זיי די בויד אַרומגערינגלט און מען האָט אויסגעזונגען אַ פרייליכן שלום־עליכם, וואָס אונזער טייערער ר׳ ישראל האָט פאַרפאַסט, לויט מיין טאַטנס בקשה.

די ערשטע האָבן דערלאַנגט דעם רבין שלום־עליכם מיין פאָטער מיט ר׳ אהרעלען, וועלכע דער רבי האָט אַריינגענומען צו זיך אין בויד אַריין.

אַז די גאַנצע צערעמאָניע פון שלום־עליכם אָפּגעבן האָט זיך געענדיגט, און געדרויערט האָט עס נישט ווייניג, האָט דער פורמאַן אַ שמיץ געטאָן די פערדלאַך. די חסידימלאַך האָבן גענומען פאַרכאַפּן ערטער אויף די פורלאַך. מען האָט געכאַפּט, וואו ווער עס האָט געקאָנט. פאַר די בעסטע ערטער זיינען געהאַלטן געוואָרן די הינטער־ברעטער פון דעם רבינס פורל. בכלל האָט מען זיך אויסגעזעצט אַ חסיד אויף חסיד, פּונקט ווי אַ וואָגן געגז, און עס איז געגעבן געוואָרן אַ קאָמאַנדע:

— געפאָרן זאָל ווערן!...

— וויאָ! — האָבן די בעלי־עגלות אַ קנאַל געטאָן מיט די בייטשן.

מיך האָט דער טאַטע אַריינגענומען אין בויד אַריין צום רבין.

— דאָס איז מיין זון...! — האָט מיך דער טאַטע פּאַמעליך פאָרגעשטעלט.

— רײַן זון — האָט דער רבי פֿון דער זײַט אַ קוק געטאָן אויף מיר — װעט זײַן אַ װאַרעמער חסיד...

דער טאַטע האָט זיך געפֿרײט.

מען האָט געטריבן די פֿערד, און די חסידים האָבן געזונגען הויך אויפֿן קול. און אַ זײַטיגער, אַ קריסט, למשל, װאָלט זיכער געקאָנט מײנען, אַז דאָס פֿאָרן די סאַמע גליקלעכסטע מענטשן אין דער װעלט. נישט מער, די מלבושים זײַנען נישט זעהר רײך...

אַז מען איז געקומען אין שטעטל אַרײַן, האָט מען שוין האָפֿערדיג אונטערגעבראָמט אונטער דער נאָז, און די התפעלות איז געװען גרויס, פּונקט װי מען װאָלט אײַנגענומען אַ פֿעסטונג.

אַזוי איז מען געקומען צו אונזער שטוב. דער טאַטע האָט צוגעגרײט פֿאַרן רבין אַ גרויס צימער און געשיקט צו רוד־יצחקן לײַען דעם גרויס־פֿאָטעל פֿאַרן רבין. חסידים האָבן דעם רבין אַרויסגענומען פֿון בױד, אַרײַנגעפֿירט אים אין זײַן באַשטימטן צימער, װאו מען האָט אים איבער־געלאָזן צוזאַמען מיטן עלטסטן משמש. די איבעריגע צװײ משמשים האָבן זיך צעשטעלט בײַ די טירן, װי אַ שטרײַנגע װאַך פֿון סאָלדאַטן. די חסידים האָבן זיך צעשאָטן אין די איבעריגע חדרים. באַלד איז דער עלטסטער משמש אַרויס פֿון רבינס חדר און אָנגעזאָגט, אַז ער, זאָל לעבן, האָט זיך צוגעלעגט אויף דער קאַנאַפּע, זאָל זײַן שטיל... זײַנען אַלע חסידים, װי אײן מענטש, געװאָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט הערן אַ פֿליג אויפֿן װאַנט. מען האָט מורא געהאַט אַ װאָרט אויסצורײדן.

דערנאָך האָבן זיך די קאָמעניצער חסידים גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט צוגעגרײט אַ שבת פֿאַר אַ פּאָר הונדערט מאַן. אַלע האָבן געאַרבעט, און די פֿרעמדע חסידים, די אורחים, האָבן זיך צעלעגט אויף די בײַנק. די גרויסע סטאָראָלע אונזערע האָט מען יום־טובדיג צוגערוימט, אויסגעשאָטן מיט זאַמד און אַרום די װענט האָט מען הויך אויסגעלעגט מיט הײ פֿאַר די חסידים אויף צו שלאָפֿן. די פֿורן מיט די פֿערד מיט דעם רבינס בויד האָט מען אַװעקגעשיקט צו זעליג אַנדראַרקעס אין סטאָראָלע.

מיט אַ װאָך פֿריהער האָט דער טאַטע מיט די חסידים געמאַכט אַ חשבון, װאָס מען דאַרף צוגרײטן אויף שבת פֿאַר אַזוי פֿיל אורחים. דער חשבון האָט לאַנג געדויערט. מען האָט באַראַרפֿט צוגרײטן פֿיש און פֿלײש, װײַן און בראָנפֿן, פּוטער, אײער, שמאַלץ, צימעריגג, פֿײגן, מאַנדלען, חלות, בולקעס, ברויט און נאָך און נאָך. דאָס איז אַן אַרבעט גאָרנישט קײן קלײנע.

ר׳ ישראל, װידער, איז געשטאַנען און נאָכאַנאַנד געלערנט מיט זײַנע תּלמידים־זינגערס די נגונים, װאָס ער האָט צוגעגרײט. צװישן די זינגערס בין איך אויך געװען. ר׳ ישראל איז געװען פֿאַרשװיצט, האָט געפּאָכט מיט

די הענט, געטופּעט מיט די פיס, קאָמאַנדרעוועט, געדרייט מיטן פינגער און געמאַטערט אונזערע זכרונדלאַך, מיר זאָלן פאַרנעמען די נייע נגונים. קאַלטס און וואַרעמס האָט ער, נעבעך, פון אונז געהאַט. דער עולם האָט זיך נישט זעהר אויסגעצייכנט מיט אַ גוטן געהער, און ר׳ ישראל האָט זיך ממש געבאָרן אין שוויים.

ר׳ ישראל האָט דאָ געהאַט איין אויפגאַבע: אויסלערנען אונז זינגען. זינגען אַליין און מיט אונז צוזאַמען פאַרן רבין האָט ער נישט געוואָלט. דאָס איז געווען אַ פרעמדער רבי... ווי אַ גוטער חסיד, האָט ער זיך נאָר מתחייב געווען צו שאַפן נגונים פאַר דעם פרעמדן רבין!... זינגען גאָך אַליין — דאָס איז שוין געווען איבער זיינע כחות, און באַ דער גאַנצער שמחה האָט ער זיך געפילט, ווי אַן אָרימער און שטאָלצער איד, וואָס וויל אַוועקגיין און מוז דאָך פאַרבלייבן...

דער טאַטע האָט קאָמאַנדרעוועט מיט די עסן־גרייטער, ער האָט די אַרבעט צעטיילט אויפן אַמעריקאַנער שטייגער: די גרופּע האָט געמאַכט פיש, יענע גרופּע איז געווען פאַרטון מיטן געבראָטנס, אַנדערע האָבן צוגעריכט דעם שנאַפּס, מאַנכע האָבן זיך גלאַט געבאָמבלט ווי אויף אַ גבירישער חתונה — און עס איז געווען ליהודים!

צו דער סעודה האט מען געקוילעט אַ בהמה, קעלבער, גענז און הינער.

פרייטאָג האָבן די חסידים געבעטן די מלמדים, זיי זאָלן באַפרייען די חסידישע אינגלאַך פון חדר צוליב דעם רבין. איך אָבער, ווי אַ פאָלקאָווניקס אַ זון, בין באַפרייט געוואָרן נאָך דאָנערשטאָג. און אַז די אינגלאַך זיינען געקומען פון די חדרים, האָט מען זיי אויך מכבד געווען מיט אַרבעט. עס איז געווען גענוג וואָס צו טון.

חסידים האָבן ליב אין אַלץ אַריינצוטראָגן פרייליכקייט, און בשעת מען האָט געמאַכט די פיש, פלעגט, אַשטייגער, אַ חסיד נעמען אַ העכט אין האַנט און דערמיט אַ פאַטש טון דעם צווייטן חסיד סאַמע אין פנים אַריין. איז געוואָרן אַ געלעכטער. אייגנטליך האָט מען מער געשטיפט ווי געאַרבעט. דעם האָט מען אונטערגעגאָסן אַ קענדל קאַלט וואַסער אונטערן קאָלנער, אַ צווייטן האָט מען געגעבן צו האַלטן אַ גרויסן פאָלומעשאָק פיש. האַלט ער מיט ביידע הענט דעם פאָלומעשאָק און יעדער ציהט אים דערווייל פאַר דער באָרד, פאַר דער פאה, פאַרן אויער, פאַר דער נאָז... און ער האַלט נעבעך דעם פאָלומעשאָק און קאָן זיך קיין עצה נישט געבן. לאַכט ער אויך מיט אַלעמען. וואָס זאָל ער טון?

מיך האָט דער טאַטע אויך צוגעניצט. און שטיל, אויפן אויער, האָט ער מיר איינמאָל אָנגעזאָגט:

— פאַר אַ רבין דאַרף מען דרך־ארץ האָבן, פונקט ווי פאַרן מלך...

ראַנערשטאָג האָט דער טאַטע געשיקט רופֿן דעם בעדער און אים אָנגעזאָגט, אַז די באָד זאָל ער אויף מאָרגן צוגרייטן מיט אַ פּאָר שעה פֿריהער; אַז עס וועט זיין צוגעגרייט, זאָל ער גלייך שיקן אָנזאָגן, דער רבי דאַרף גיין אין באָד אַריין. די מקוה זאָל אויך זיין צוגעגרייט. זאָל דער בעדער האַלטן גרייט אַ קעסל הייס וואַסער, וועלן קומען מאָרגן אין דערפֿריה די חסידים און אַריבערגיסן דאָס הייסע וואַסער אין מקוה אַריין פֿאַרן רבינס וועגן. פֿאַר דעם אַלעם וועט דער בעדער קריגן אַ פֿיינע מטבע.

אויף מאָרגן זיינען אַוועקגעגאַנגען פֿיר חסידים אין באָד און איבערגעגאָסן דאָס הייסע וואַסער אין מקוה אַריין. אַרום עלף אַזייגער איז שוין געווען גרייט די באָד. מען האָט געבראַכט די בויר און עס האָט זיך אַריינגעזעצט דער רבי מיטן משמש, דער טאַטע מיט ר׳ אהרעלען, מיט נאָך עטליכע פֿון די בכבודערע חסידים — אַ מנין דאַרף זיין, און מען איז אַוועקגעפֿאָרן אין באָד אַריין. דער טאַטע האָט מיך אויך גענומען: לויט זיין מיינונג, דאַרף איך זיך געפֿינען וואָס נעהענטער צו חסידים און נאָך מער צום רבין.

אַ מנין חסידים זיינען אַריין מיטן רבין אין באָד. דער עולם האָט זיך מיט גרויס יראה אויסגעטאָן און זיך אויסגעזעצט אין שוויץ־באָד אַרום רבין מיט די שעפֿעלאַך וואַסער. מען האָט זיך, ווי איך געדיינק, גאָרנישט געוואַשן. מען האָט נאָר געקוקט אויפֿן רבין, אויף זיין נאַקעט לייב, געקוקט מיט פּחד און נייגעריגקייט צוזאַמען, פּונקט ווי קינדער קוקן אויף אַ גרויסער וואונדערליכער צאַצקע.

דער רבי האָט זיך פּאַמעליך געוואַשן און געקרעכצט בעת מעשה מיט פֿאַרגלאָנצטע אויגן. אין דער טונקעלער לופֿט פֿון באָד האָט מאָדנע געבלייכט דעם רבינס לייב. און מיר, אַ קליין אינגעלע, האָט זיך געדוכט, אַז זיין נאַקעטער קערפּער וואַקסט ווילעוויז אין דער ברייט און אין דער לייננג.

דערווייל האָבן זיך אַריינגעגנבעט נאָך אַ צענדליג חסידים, עזות־פּנימער, וואָס וואָלטן זיך דורכגעריסן צום רבין אַפֿילו דורך אייזן. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט נעבן טיר מיט שעפֿעלאַך און אויך געקוקט אויפֿן רבין. בײַ זיי איז געווען אַ קרן כאָטש פֿון וויטן זעהן אַ שטיקל נאַקעט לייב דעם רבינס...

אַז דער רבי האָט זיך אָרומגעוואַשן, איז ער געגאַנגען אין מקוה מיט מיין טאַטן און ר׳ אהרעלען. איך האָב זיך אויך נאָכגעשלעפּט נאָך זיי. דער רבי האָט זיך געשטעלט ביז האַלז אין וואַסער, און די באָרד זיינע האָט זיך אָנגעפּילט מיט ליכטיגע בלישטשענדיגע טראָפּן. עס איז געווען משונה: דער רבי, אַ איד מיט אַ גרויסער באָרד, שטייט אין אַ מקוה וואַסער.

פון מקוה איז דער רבי אַרויס מיט זיין געוויינליכן קרעכץ און איז אַוועק אָנטון זיך. די חסידים נאָך אים. דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען זעהר לאַנגזאַם. עס פאַרשטייט זיך, אַז די חסידים האָבן פון דער באָד גופא קיין הנאה נישט געהאַט. אַלע מאָל, געוויינליך, האָט מען זיך געוואַשן און געפּאַרעט. דאָס מאָל אָבער איז מען נאָר געווען אָנגעפילט מיטן הייליגן פּחד פאַרן רבין. דעם רבינס פּנים האָט אויסגעדריקט אַ צופרידנקייט, וואָס ער האָט זיך מקדש ומטהר געווען צו עבודת הבורא, און די חסידים האָט יעדע תנועה זיינע באַגייסטערט.

דער עולם האָט גיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דאָס העמד מיט די הויזן און אַלץ נישט אָפּגעריסן די אויגן פון רבין. לאַנג האָט געדויערט זיין אָנטון זיך. פּאַמעליך און רוהיג האָט ער אַלץ געטאָן. אַזייגער איינס איז מען, נאָט צו דאַנקען, אַרויס פון באָד, און אַז מען איז געקומען אַהיים, האָט מען אים באַלד דערלאַנגט אַביסעלע זיסן בראָנפן, אַן אייער־קיכל מיט אַ שטיקעלע פיש...

פרייטאָג איז געקומען דער גאַנצער בריסקער כולל חסידים, און די שטוב איז געווען פול געפּאַקט מיט אידן, קאָפּ אויף קאָפּ.

צו קבלת־שבת האָט דער רבי געדאַוונט פאַרן עמוד. איידער ער איז צוגעגאַנגען צום עמוד, איז געוואָרן אַ שטיל־שווייגעניש, און די חסידים האָבן מיט גרויס יראה געוואַרט. באַלד האָט דער רבי אַרויסגעזאָגט לכו נרננה מיט אַזאַ הויך קול, אַז אויף אַלע חסידים איז געפאַלן אַ גרויסע אימה. נאָר תיכּף האָבן פון אַלע ווינקעלאַך די דאַוונער ווי איין מענש אָפּגעענטפערט מיט געזאַנג דעם רבין, און עס האָט זיך געדוכט, אַז די ווענט דאַוונען אויך. כאָטש איך בין אַ אינגל פון צען יאָר און פאַרשטיי ווייניג, פונדעסטוועגן האָט זיך מיר אויך איבערגעגעבן דער הייליגער פּחד פון די חסידים. אַז עס איז געקומען צו דעם אָרט פון זוהר: כּגונא דאינון, האָט ער געגעבן אַזאַ געשריי, פּונקט ווי אַ מחנה חיל וואָלט מיט אַמאָל אין שטעטל אַריין, און אַלע האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן. נאָך איצט שטייט מיר זיין קול פאַר די אויערן, און פּונקט ווי איין מענש האָבן אַלע אַרויסגעשאָסן פון די העלזער מיט מאוימדיגע קולות:

— כּגונא דאינון...

— גוט שבת! גוט שבת! האָט געגומען רוישן אין אַלע ווינקעלאַך, אַז מען האָט געענדיגט דאַוונען.

באַלד נאָכדעם איז מען איבערגעגאַנגען אין דער גרויסער עס־שטוב. דער רבי האָט אָנגעהויבן זאָגן שלום־עליכם, אַלע חסידים האָבן צוגעברומט, און איבערן שטוב, וואָס איז היינט געווען שטאַרק באַלויכטן, האָט זיך צעגאָסן אַ זיסער געזאַנג, אַ זיסער, נישט קיין שרייענדיגער, און אַ האַר־

ציגער, און עס האָט זיך געפּילט, אַז די שבתדיגע מנוחה האָט אַלעמען פאַרכאַפּט און די נשמה טרייסלט אַראָפּ פון זיך דעם אָנדערוואָכנדיגן יאָך.

דערנאָך האָט דער רבי געמאַכט קדוש. אויג און אויערן זיינען אויסגע־שטעלט. יעדער חסיד פאַרזוכט פון רבינס כוס. נישט אַלע חסידים אָבער האָבן געקאָנט פאַרזוכן פונם וויין, און די ראָזיגע שלימזלים האָבן געהאַט נעבעך גרויס צער דערפון.

דעם טאַטן האָט ער שוין גערופן בעל־הבית און נישט משה, ווי אַלע מאָל, און דעם טאַטנס אויגן האָבן געלויכטן.

דער עולם איז מער געשטאַנען אויף די בייַנק, ווי געזעסן. עס זיינען געווען מער ווי דריי הונדערט חסידים. אַזוי פיל ערטער איז נישט געווען. ווידער האָבן חסידים ליבער צו שטיין אויף דער באַנק: מען קאָן בעסער זעהן דעם רבין.

די אָרדענונג באַם עסן איז געווען אַזאַ:

די חסידים, וואָס זיינען געזעסן, האָט מען דערלאַנגט איין טעלער פאַר צווייען, און די, וואָס זיינען געשטאַנען, האָט מען געגעבן איין טעלער פאַר דרייען.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער רבי אַליין האָט באַקומען מאוימדיגע פּאָרציעס פון יעדן מאכל, כּדי ער זאָל קאָנען איבערלאָזן דערפון שיריים פאַר די חסידים. איך האָב איינגעזעהן, אַז דער רבי האָט ליב באַ יעדער געלעגנהייט צו קרעכצן מיט פאַרגלאָנצטע אויגן. האָט ער געגעסן פיש, האָט ער געקרעכצט, האָט ער געגעסן פלייש — ווידער געקרעכצט מיט פאַר־גלאָנצטע אויגן, פּונקט ווי ער וואָלט נישט קאָנען אַראָפּשלינגען דעם ביסן.

און איינמאָל האָט ער אַרויסגעלאָזט אַזאַ „אוי, רבונו של עולם!“, אַז מיר האָט זיך געדוכט, דער סופיט האָט געפּלאַצט. איך האָב אָבער אויך איינגעזעהן, אַז די ראָזיגע קרעכצענישן און אויקענישן האָבן צוגעגעבן מער אַפּעטיט די חסידים.

אַז ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער אַ רוק געטאָן דעם טעלער פון זיך, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס זיינען שיריים. איז געוואָרן אַ שרעקליכע כאַפּעריי. די, וואָס זיינען געשטאַנען ווייט, האָבן געבעטן באַ די גליקליכע, מען זאָל זיי כאָטש געבן אַ ברעקל צו פאַרזוכן. נאָר דער עולם איז געווען מוראדיג צעהיצט און פאַרשמייעט און עגאָאיסטיש. די בעטער האָבן ווייניג געפּועלט. צווישן די געריכטן האָט מען געזונגען. מיט נגונים האָט מען איינגנטליך קאָנקורירט. יעדערער האָט אויסגעזונגען אַ נגון, און אויב דער ראָזיגער נגון איז געפעלן געוואָרן, איז ער אָנגענומען געוואָרן אויף אַ געוויסער צייט, ביז ער איז דערעסן געוואָרן. געדויערט האָט דאָס עסן אַ שעה פינף.

נאָכן עסן איז מען געגאַנגען שלאָפן אין סטאָראָלע. דער רבי איז מיט גרויס פאַראַד אָפּגעפירט געוואָרן צו זיך אין חדר.

אויף מאָרגן האָט מען זיך געשטעלט דאַוונען צען אַזייגער אין דערפריה, און צוועלף איז שוין געווען אָפּגעדאַוונט. מען איז געגאַנגען עסן, און דער רבי האָט ווייטער אָפּגעקרעכצט מיט גרויסע פאַרגלאָנצטע אויגן. עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָסזעלבע, וואָס נעכטן, נאָך מיט מער פרישקייט. עס זיינען געווען פינף סאָרטן קוגלען: אַ לאָקשענער, אַ טרוקענער, אַן איינגעמאַכטס־קוגל, אַ רייז־קוגל און נאָך עפּעס אַ קוגל.

דערנאָך האָט מען דעם רבין דערלאַנגט אַ גרויס שטיק ענריק, באַ וועלכן דער רבי האָט שטאַרק געקרעכצט. וויין און בראָנפן איז געווען לרוב.

אַזייגער פיר נאָכן עסן האָט מען געכאַפּט אַ טענצל, וואָס האָט זיך אָוועקגעצויגן ביז מנחה און באַלד ווידער געזונגען. נאָר דער בעסטער זינגער, ר׳ ישראל, האָט נישט געזונגען. ער איז געווען אַ קאָצקער חסיד, און דער רבי האָט געשיקט אַ חסיד בעטן אים צום טיש. ר׳ ישראל איז געקומען, אָבער דעם גאַנצן שבת איז ער געזעסן אַ שטומער. דאָס איז געווען נישט זיין יום־טוב, נישט זיין רבי, און עס איז געווען אַ רחמנות אויף אים. צו שלש־סעודות האָט זיך דער רבי געווענדט צו אים:

— ישראל, זינג עפּעס.

ר׳ ישראל האָט אַראָפּגענומען די הענט פון האַרצן, האָט זיך אַרומגעקוקט און אָנגעהויבן... נאָך קיינמאָל האָט ער אַזוי נישט געזונגען... אַפּנים, אַז אין אים האָט דעמאָלט געזונגען די בייַנקשאַפט נאָך זיין רבין...

און די חסידים זיינען געבליבן פאַרגאַפט.

נאָך שבת איז געוואָרן שיטערער. אַ סך זיינען זיך צעפאָרן, און זינטאָג האָט דער רבי געגעסן דעם לעצטן מיטאָג אין קאַמעניץ. עס זיינען שוין געווען נישט פיל מענטשן באַם טיש, און די קאַמעניצער חסידים זיינען געווען זעהר צופרידן, וואָס זיי האָבן איצט פרייע ערטער אַרום רבין.

איצט וועלן זיי קאָנען זעהן די שכינה, וואָס רוהט אויפן רבינס שיינעם פּנים און וועלן הערן דעם רבינס תּורות, וואָס מלאכים און שרפים ציטערן ד׳ערפאַר.

און דער רבי איז עפּעס געווען זעהר פריילין און גערעדט באַם עסן מיט אַלע חסידים.

אַוועק אַלע פרעמדע חסידים, זיינען די קאַמעניצער געווען אויפן זיבעטן הימל.

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, דער לעצטער מיטאָג אין קאַמעניץ. נאָך מיטאָג איז דער רבי אַוועקגעפאָרן צו איינעם אַ ישובניק און באַ אונז אין

שטוב און אין שטעטל איז געוואָרן שטיל, פונקט ווי אַ רוישיגער ים וואָלט אָפּגעפּאַלן און די כוואַליעס וואָלטן מיט אַמאָל אַנטרונען געוואָרן. דאָרטן אין דאָרף האָט נעבעך דער רבי געהאַט אַ מאוסן פּסק. *)

אַז איך רייד שוין וועגן דעם סלאָנימער רבין, ר׳ אברהם, קומט מיר אַרויף אויפן זכרון אַ פּאַקט, וואָס האָט דעמאָלט אויפגערודערט די גאַנצע משפּחה אונזערע און וואָס כאַראַקטעריזירט אויסגעצייכנט דעם רבינס מאַכט איבער זיינע חסידימלאַך. דער עולם האָט אים געפאָלגט אין פייער און אין וואַסער.

געשען איז עס מיט מיין שוואָגער יחזקאל, דעם קאַמעניצער רבס זון.

באַ דעם דאָזיגן יחזקאלען האָבן זיך נישט געהאַלטן קיין קינדער, און דבורה, זיין טאָכטער, דאָס ווייבל, וואָס דער מחותן איז אַוועקגעשטאָרבן אין דער נאַכט פון איר חתונה, האָט אויך ווייניג געלעבט. און ר׳ יחזקאל מיט זיין ווייב הדס זיינען אויף די עלטערע יאָרן געבליבן אָהן קינדער.

ר׳ יחזקאל פלעגט אַכט־ניין חדשים אין יאָר אומפאָרן פון סלאָנימער כולל נאָך ארץ־ישראל געלט, און די איבעריגע צייט איז ער געזעסן באַם רבין. ער איז געווען די ערשטע האַנט פון רבין.

איינמאָל פּורים זיצט ער אַזוי נעבן רבין באַ דער סעודה. גיסט דער רבי אַליין אָן צוויי כוסות וויין: פאַר זיך און פאַר ר׳ יחזקאלען. טרינקען ביידע לחיים. דערבייאיגע חסידים קוקן מיט קנאה, ווי זיי טרינקען. נאָר נאָכדעם, ווי דער רבי גיט אַ זופּ, זאָגט ער:

— לחיים לחיים, יחזקאל. אם ירצה השם איבער אַ יאָר מיט אַ בן זכר...

חסידים האָבן אויסגעשטעלט מויל און אויערן און נישט געקאָנט פאַר־שטיין דעם רבינס רמז, וואָרום יחזקאל מיט זיין ווייב קאָנען שוין קיין קינדער נישט האָבן.

ר׳ יחזקאל איז אָבער געווען אַ קלוגער חסיד און באַלד פאַרשטאַנען דעם רבינס ברכה. גאָר פּשוט: אָפּגטן דאָס ווייב און נעמען אַן אַנדערע, אַ יונגערע... מיט הדסן האָט ר׳ יחזקאל אָפּגעלעבט עטליכע און פערציג יאָר, געלעבט ווי טויבן. ער איז געווען אַ פרייליכער מענש און אַ גרויסער בעל־מרה. דאָסועלבע איז געווען זיין פרוי. ביידע זיינען געווען וואונדער־ליך גוטע מענשן. דערצו איז זי געווען זעהר אַ ציכטיגע און אַ גרויסע בריה, אַ גרויסע בעל־הביתטע, און אַ ליבע היימליכקייט האָט געוויעט באַ זיי אין שטוב. און ביידע, זעכציג־יאָריגע, האָבן זיך שטענדיג אָנגעקוקט, ווי יונגע ערשט־פאַרליבטע קינדער.

דער רבי האָט אָבער מרמז געווען...

*) זעה מיין ערשטן טייל.

פאַרווירקליכן דעם רבינס רמז איז אַן ענין זעהר אַ שווערער. אָבער אַ חסיד איז ווי אַ גוטער סאָלדאַט. הייסט דער רבי, דאַרף מען פאָלגן. און יחזקאל האָט לאַנג געטראַכט און האָט הרסן אָנגעשריבן אַ בריף. אין בריף האָט ער געשריבן, אַז זיי מוזן זיך... גטן, אַזוי מיינט דער רבי. און קוים מיינט אַזוי דער רבי, איז דאָס מסתמא נגזר געוואָרן מן השמים און מען דאַרף עס אָננעמען פאַר ליב. און זי זאָל נישט מיינען, חלילה, אַז זי קאָן דאָס איבערמאַכן, ניין. וואָרום אַזוי ווי דער הימל קאָן קומען צו דער ערד, אַזוי קאָן זי שוין זיין פון היינט אָן זיין ווייב! און ער גיט איר טויזנט רובל כתובה־געלט, און דאָס געלט גיט דער רבי, וואָרום אַליין האָט ער קיין געלט נישט. און זי קאָן נאָך אם ירצה השם קריגן אַ שענערן אידן פאַר אים, זי קאָן נאָך חתונה האָבן, און בכן... א. אַז. וו.

דאָס ווייב האָט איבערגעלייענט דעם בריף און... געחלשט. איז אָנגעלאָפן די גאַנצע פאַמיליע און מען האָט אויפגעהויבן אַ ויצעקו.

— ס׳טייטש, וואָס וויל ער, דער גזלן! אָפּקוילען דיך מיט אַ מעסער וויל ער! אַ איר האָט אָפּגעלעבט מיט אַ ווייב באַלד פופציג יאָר, געהאַט מיט איר זעקס קינדער און איצט וויל ער זי גטן. וואָס מיינט ער זיך, וואָס?

און מען האָט זי אויסגעריכט קיין סלאָנים צום רבין און צום מאַן. זאָל זי זיי דאָרט מאַכן שוואַרץ, ווי די ערד.

אָבער ר׳ יחזקאל איז שוין געווען אַוועקגעפאָרן נאָך ארץ־ישראל־געלט און האָט איבערגעלאָזט באַם רבין אַ פאָרמעלן גט.

האָט זי אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען און צו טענען כאָטש פאַרן רבין, אָבער דער רבי האָט זי איבערגעשלאָגן:

— אשה, קיין קינדער קאָנסטו שוין נישט האָבן, פאַרוואָס זאָלסטו שטערן דיין מאַן דעריין? וואָס ווילסטו, דיין מאַן זאָל קיין תקומה נישט האָבן אויף יענער וועלט? ער קאָן נאָך נעמען אַ בת־בנים... געדיינק, וועסטו מיך פאָלגן, וועסטו מאריך ימים זיין און איבער הונדערט מיט צוואַנציג יאָר אַרום וועסטו האָבן אַ ליכטיגן גן־עדן...

דערהערנדיג אַזוינע רייד, האָט הרס ווידער געחלשט. אָבער מיטן חלשן האָט זי דאָך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם גט. דער רבי האָט זיך האַרטנעקיג געהאַלטן באַ דאָס זייניגע.

און זי האָט נישט ווילנדיג גענומען דעם צוגעגרייטן גט...

דערנאָך האָט איר ר׳ יחזקאל געגעבן געלט, און זי איז אַ דערשלאָגענע אַוועק קיין קיעוו.

שפּעטער האָט יעדער איינער פון דעם דאָזיגן פּאָרל, וואָס האָבן זיך אַזוי ליב געהאַט, באַזונדער חתונה געהאַט...

אין קיעוו, וואוהין זי איז אַוועקגעפאָרן, האָט זיך איר געמאַכט זעהר אַ געראָטענער שרוך מיט אַ שיינעם אידן מיט געלט, מיט כבוד א. אַז. וו. האָט זי חתונה געהאַט און צו דעם נייעם מאַן איז זי אויך געווען ווייך, טריי און איבערגעגעבן. און זייטיגע האָבן געזאָגט אויף זיי, אַז זיי לעבן, ווי טייבעלאַך. אוראי איז עס נישט געווען קיין גוזמא.

ר׳ יחזקאל ווידער האָט גענומען אַ מיידל פון צוויי און צוואַנציג יאָר... פאַר דער דאָזיגער כלה זיינער איז ער אויף אַזאַ אופן עלטער געווען סך הכל מיט אַ פערציג יאָר...

מיט דעם נייעם ווייב האָט ער געהאַט צוויי מיידעלאַך... דער רבי האָט נישט געטראָפן. מיט פרנסה איז ער געווען באַזאָרגט. דער סלאָנימער רבי האָט אים צוגעזאָגט שיקן געננוג צום לעבן, און ר׳ יחזקאל איז אַרויס־געפאָרן קיין ירושלים. און אַ מאָרנער צופאַל: הרס מיטן מאַן זיינען אויך אַרויסגעפאָרן קיין ירושלים און איר איז געווען באַשערט דאָרט צו וואוינען אין איין גאַס מיט איר אַמאָליגן מאַן. עס פלעגט זי זעהר קלעמען, וואָס ער האָט אַ יונג ווייב מיט צוויי קינדער. פון צער איז זי אפילו איינמאָל קראַנק געוואָרן.

ר׳ יחזקאל האָט זיך דאָרט געפירט חסידיש, ווי באַ זיך אין דערהיים, און האָט געהאַט זעהר אַ שיינעם נאָמען.

מאַנכע פלעגן קומען צו אים נאָך אַ ברכה. אָבער ער פלעגט אַרויס־טרייבן פון שטוב מיט דער דאָזיגער „קללה״:

— גאָט זאָל אייך בענשן...

אַ סוף האָט ר׳ יחזקאל געהאַט אַ שלעכטן. איינמאָל, פרייטאָג צו נאַכטס, בעת ער איז געשטאַנען באַם טיש און געמאַכט קדוש, איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטיק סופיט און געטראָפן אים אין קאָפּ אַריין. ער איז אויפן אָרט דער־הרגעט געוואָרן.

אַז הרס האָט דערהערט, וואָס מיט איר געוועזענעם מאַן האָט געטראָפן, האָט זי געטאָן דאָס אירינגע: זי האָט געחלשט און געחלשט...

אָט אַזוי האָט דער רבי צעשיידט צוויי נשמות נאָך דעם, ווי זיי האָבן אָפּגעלעבט צוזאַמען קאַרגע פופציג יאָר. האָט ער עס געהאַט אַ מאַכט, דער רבי!

מיט דעם דאָזיגן יחזקאלען זיינען גלאַט פאָרגעקומען מאָדנע זאַכן. ווי געזאָגט, האָט ער געהאַט זעקס קינדער און אַלע זיינען זעהר יונג גע־שטאָרבן. געבליבן איז אים נאָר איין טאָכטער דבורה. ציטערנדיג פאַר איר לעבן, האָט מען זי חתונה געמאַכט צו פופצען יאָר. די חתונה איז געווען אין קאַמעניץ. דער מחותן איז געווען, געדיינק איך, זעהר אַ ריקער און אַ שיינער איד, אַן „אָסאָבע״, בלוט האָט אים געשפּריצט פון

פּנים, ער איז איינגעצן עטליכע און דרייסיג יאָר אַלט געווען. נאָך דער חופּה האָט ער געזאָגט, אַז ער פילט זיך נישט גוט און איז אַוועק צו זיך אויפן סטאַנציע — צולייגן זיך אַביסל.

— איך בין מיד פון וועג און פון דער גאַנצער חתונה־צערעמאָניע — האָט ער געזאָגט.

די חתונה איז געווען באַם רב אין שטוב. מען האָט געשפּילט און געטאַנצט און געהוליעט, אויף וואָס די וועלט שטייט. די גאַנצע שטאָט איז געקומען משמח זיין דעם חתן מיט דער כּלה. באַ אונז איז געווען אַ מאָדע צו שטעלן אַ חופּה פאַרנאַכט. פאַר דער חופּה טאַנצן מיידלאַך, ווייבלאַך; נאָך דער חופּה טאַנצן מאַנסבלען און מען איז זיך משמח ביז עלף — צוועלף באַנאַכט. דערנאָך איז אַ וועטשערע. נאָך דער וועטשערע טאַנצט מען ווייטער ביז זיבן־אַכט אין דערפריה.

דער עולם האָט זיך שטאַרק פונאַנדערגעטאַנצט און מען האָט פאַרגעסן, אַז דער מחותּן פעלט. אַ צוויי שעה נאָך דער חופּה האָט מען זיך דער־מאָנט אָן מחותּן. איז מען אַוועק נאָך אים. אָבער ווי צעטומלט, דער־שראָקן איז מען געוואָרן, אַז מען האָט געפונען דעם מחותּן אַ טויטן. ער איז געלעגן אָהן אָטעם אויפן בעט. האָט מען אויפגעהויבן אַ גוואַלד, איז מען געקומען צולויפן פון שטעטל און פון דער חתונה.

קענטיג, אַז דער מחותּן איז נאָר וואָס געשטאָרבן, וואָרום ער איז נאָך געווען אַ וואַרעמער. דער עולם איז געשטאַנען אַ צעמישטער, אַ צעטומל־טער און האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון: צי ווייגען נאָכן געשטאָרבענעם, צי פרייען זיך מיט דער חתונה. דער רב האָט אָבער געזאָגט, אַז חתן־כּלה טאָרן נישט וויינען אין דעם טאָג פון חתונה. האָט מען געכאַפּט שנעל דעם טויטן מחותּן און אַוועקגעלאָפן מיט אים אויפן בית־עולם. באַלד האָט מען פאַרטיג געמאַכט אַ קבר און מען האָט אים באַגראָבן. צענדליגער אידן האָבן זיך מתעסק געווען מיט דער מצוה, כּדי עס זאָל נישט אויסקומען חתן־כּלה צו וויינען. עס האָט נישט געדויערט קיין צוויי שעה, און ער איז שוין געווען אַ באַגראָבענער... אָקאָרשט האָט געלעבט אַ מענש — און אָט ליגט ער שוין אין דער ערד.

חתן־כּלה זיינען געווען אַ ווײַלע אויפן בית־עולם. באַלד האָט מען זיי געבראַכט צוריק און עס האָט זיך אָנגעהויבן די וועטשערע. קיינער האָט נישט געטאָרט וויינען. דערנאָך האָט דער עולם געטאַנצט... די קעפּ אַראָפּגעלאָזט, דערשלאָגן, אין די אויגן — נישט אויסגעוויינטע טרערן, נאָר די פּיס האָט מען מיט געוואַלד געהויבן: מען טאָר דעם חתן נישט לאָזן וויינען נאָך זיין טאַטן... דאָס איז עפּעס געווען שרעקליך.

אַז דער גרויל און דער צער פונם אָקאָרשטינגן טויט האָט דאָך מנצח געווען די געמאַכטע פרייליכקייט און די פיס זיינען געבליבן שטיין אין מיטן טאַנצן, האָט דער רב געהייסן טאַנצן קליינע קינדער. מען מוז משמח זיין חתן־כלה. האָט מען גענומען זעקס־אַכט־יאָריגע אינגלאַך מיט מיידלאַך און געהייסן זיי טאַנצן.

די כלי־זמר האָבן געשפילט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען זעקס יאָר און מען האָט מיך אויך איינגעלאַדן טאַנצן, אָבער איך בין נישט געגאַנגען.

— נאַרעלע, גיי טאַנצן — האָבן מיך אַלטע ווייבער צוגערעדט.

איך האָב נישט געפּאָלגט...

... דאָס חסידישע הוליען און שטיפן האָט גאָר קיין שיער און קיין גרענעץ נישט געהאַט. און טאָמער האָבן זיך אויסגענומען די אַלטע שפּיצלאַך, האָט מען אויסגעטראַכט נייע. איינמאָל איז געקומען צו אונז יאָסעלע דער חסיד און גערופן דעם טאַטן אין שטיבל אַריין. מען דאַרף אים דאָרט נויטיג האָבן. אַז מען איז געקומען רופן, דאַרף מען גיין. ווי קאָן זיך דאָס אַ חסיד אָפּזאָגן?

דער טאַטע האָט מיך אויך גענומען.

אין שטיבל האָבן זיך געפונען אַלע חסידים. אַז מיר זיינען אַריינגעקומען, האָט דער עולם געלאַכט מיט פאַרפלאַמטע פּנימער. איך בין דעמאָלט אינגאַנצן אַלט געווען אַ דריי־פיר יאָר און האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער עולם לאַכט, וואָס ער צאַפּלט זיך פון געלעכטער. דאָס איז אָבער באַלד קלאָר געוואָרן. גאָר אַ פּשוטע זאַך: דער עולם חסידים האָט באַשלאָסן אָפּצושמייסן די סאַמע פיינסטע און יחסנישע חסידים, כּדי זיי זאָלן געדיינקען אויף שטענדיג, אַז אַ מענש דאַרף זיך נישט האַלטן גרויס בּאַ זיך, דאַרף נישט האָבן קיין סימן פון גאווה אין זיך. אמת טאַקע, איצט פירן זיך אויף די יחסנישע חסידים אָרנטליך, פיין, אָהן גאוה. אָבער אַז מען ווערט גערעכנט פאַר אַ פיינעם חסיד, איז דאָס שוין אויך אַ טריט צו דעם חסרון, און דעריבער דאַרף מען פאַרכאַפּן פריהער און אַריינקאַטעווען, כּדי עס זאָל גאָר קיינמאָל צו דעם חסרון נישט קומען.

דער אַרט שמייסן דאַרף אויך צוגיין פּשוט: אַוועקגעלעגט אויפן טיש מיטן פּנים אַראָפּ, פאַרקאַטשעט די קאַפּאָטע און — שיט!

צוערשט האָט מען געוואָרפן גורל, ווער זאָל זיך לייגן דער ערשטער.

דער גורל איז געווען אויף אַזאַ אופן: מען האָט אויפגעעפנט אַ סידור, און אַז דער ערשטער אות פון בלאט האָט אָנגעוויזן דעם ערשטן אות פון אַ נאָמען, איז יענער, מחילה, זיך געגאַנגען לייגן....

אַז איך האָב דערזעהן, ווי אַ בערדיגער איד האָט זיך אַוועקגעלעגט אויפֿן טיש און חסידים האָבן מיט אַלע כּחות גענומען פּאַטשן אין אַ באַ־שטימט אָרט, איז מיך באַפֿאַלן אַ געוואַלדיגע שמחה.

— אָט איז אַ גוטע שפּיל! — האָב איך אָנגעקוואָלן.

דער בערדיגער איד האָט געלאַכט און געאויקעט צוזאַמען.

אָבער אַז עס איז געקומען צו מיין אָרימען טאַטן, אַז מען האָט אים אַרויפֿגעלעגט אויפֿן טיש מיטן פּנים אַראָפּ, און אַ מחנה חסידים האָבן אויפֿגעהויבן די הענט מיט פֿאַרפֿלאַמטע געזיכטער, האָט זיך מיר עפּעס אָפּגעריסן אין האַרצן און איך האָב גענומען וויינען מיט אַזוינע קולות, פּונקט ווי מען וואָלט מיך וועלן קוילען.

איך האָב געוויינט מיט אַלע כּחות. די חסידים זיינען אָפּהענטיק געוואָרן, די האַנט האָט זיך זיי אַראָפּגעלאָזט, און אויף אַזאַ אופֿן האָב איך „אָפּגע־ראַטעוועט" מיין אָרימען טאַטן. שווער, הייסט עס, צו שמייסן פֿאַר אַ ווייַ־נענדיג קינד אין די אויגן.

— אַי, משה, — האָט אַ חסיד פֿאַרדראָסיג געשאָקלט מיטן קאָפּ און צוגעלעגט אַ פֿינגער צום נאָז, — צי האָסטו אַמאָל נישט געבראַכט אומישנע דיין אינגל?.. דאָס וועט וויינען, און מיר וועלן דיך נישט קאָנען שמייסן...

נאָר מיין טאַטע האָט געלאַכט. ער האָט געמעגט לאַכן, וואָרום ער האָט נאָך דעמאָלט קיין באָרד נישט געהאַט און איז אוראי אַלט געווען אַ יאָר זיבעצן — אַכצען... אין זיינע יאָרן איז נישט אַזוי שרעקליך געשמיסן צו ווערן, בפֿרט נאָך, אַז ער קאָן שמייסן אויך אַנדערע. ער האָט אָבער שוין געהאַט אַ קינד און דאָס קינד האָט געשטערט...

אָפּגעגאָלטן האָט נאָר מיין טאַטן אַליין. ווייטער האָט מען געקאַטעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט.

אַז עס איז געקומען צו ליב קרוהעלער, אַ גרויסער שטיפֿער און זעהר אַ געזונטער יונג, האָט ער זיך נישט געלאָזט נעמען. אים האָבן, אַפּנים, נישט אַזוי געשראָקן די שמיץ, ווי עס איז אים געווען אַנגענעם דאָס ראַנגלעניש, אַוועקשטויסן פֿון זיך, נישט לאָזן זיך כאַפּן. איז ער אומ־געשפּרונגען אויף בייַנק און אויף טישן, דאָ האַלט מען אים פֿעסט און דאָ רייסט ער זיך אַרויס און שטייט שוין מיט אַ פֿולן מויל געלעכטער אויף אַ ווייטער באַנק, אויף אַ טיש. און ער האָט שטאַרק פֿאַרמאַטערט דעם עולם. עס האָט אַלעמען אָפּגעגאָסן מיט שוויים. אָבער אַ כּלל איז פֿאָרט שטאַרקער און מען האָט אים געפּאַקט. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז ווער עס האָט געהאַט נאָט אין האַרצן, דער האָט איצט געשאָטן מוראדיגע פּעטש. מיט דעם ראָזינן ליב קרוהעלער האָט זיך געענדיגט די שפּיל. ער איז געווען דער לעצטער.

באַלד זיינען אַנידערגעשטעלט געוואָרן אויפן טיש עטליכע פלעשער שנאַפּס. עס האָט זיך באַוויזן אַ גרויסע חלה מיט הערינג און דער מידער עולם האָט געטרונקען דעם פרייליכן לחיים. נאָכן טרינקען איז מען אַוועק אַ טענצל. אַקסל צו אַקסל, האַנט צו האַנט, פּנימער פאַרשוויצט, רויט, באַגייסטערט און צו דעם גרויסן רעש פון די טריט איז באַהעפט געוואָרן אַ לעבעדיגער, אַ כוואַטישער חסידישער נגון.

אָט אַזוי האָבן זיך געפרייט חסידים.

די שמחה פון שמייסן פרעמדע האָט באַלד פאַרלאָשן אין מיר דעם צער פון דעם, וואָס מען האָט געוואָלט שמייסן מיין טאַטן, און פון דער ראָזיגער חסידישער שפּיל בין איך אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען אַ באַגייסטערטער.

און שפּעטער האָב איך מיך באַרימט פאַר מיינע חדר־חברים:

— האָט מען דאָס געשמיסן גרויסע טאַטעס... איך האָב אַליין געזעהן... אַי, האָט מען געשמיסן... איך האָב אַליין געזעהן...

— וואו ? — האָבן זיי מיט קנאה געפרעגט.

— אין שטיבל... האָב איך מיט גאוה אַ טרייסל געטאָן מיט דער האַנט.

און מיינע חדר־חברים האָבן מיר נישט פאַרגינען דאָס גליק... אַ קליי־נינקייט, זעהן ווי מען שמייסט גרויסע טאַטעס.

---

# קאַפּיטל III

ווידער בילדונג. — אָפּגענאַרט. — מיין נסיעה קיין בריסק. — האַלבערשטאַם. — דער ליגן. — איך פאָר קיין ביאַליסטאָק. — די נסיעה. — „אַכט פאַרשווינדלאַך". — דער בעל־עגלה. — מיר ווערן דערשטיקט. — איך ווייס נישט, וואו איז מיין פּוס. — די בלאָטע. — געפּלאַצט אַ ראָד. — „אָכאָטניקעס". — שיער נישט געשטאָרבן. — ביאַליסטאָק! — די מומע. — אַ בריף. — מיין שוואַכקייט. — איך פאָר אהיים. — נאָרנישט. — צוריק אין דערהיים. — וואַנדערן ווילט זיך. — וואַרשע.

צו דער צייט איז בײַ מיר פאַרבליבן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז איך מוז „אַוועקוואַרפן" מיין ווייב מיטן זון און אַוועקפאָרן שטודירן.

דאָס איז אַפילו אַ שווערע זאַך פאַר מיין ווייב. זי איז אַ יתומה, אָהן אַ מוטער און אָהן אַ פאָטער, מיט אַ קינד אויפן האַנט. ווי קאָן איך זי איבער־לאָזן בײַ מיינע עלטערן, וואָס די מאַמע אינטערעסירט זיך מיט קיינעם נישט, נאָר מיט איר חובות הלבבות, און דער טאַטע איז צו איר אינגאַנצן אָפּגעקילט געוואָרן.

דאָס איז בײַ מיר געווען אַ גרויסע פראַגע, און איך האָב זיך אַ סך געפּיינינגט. צו קיין געשעפט טויג איך נישט, ווייל איך בין בײַ זיך יחסנדיג, הייסט עס, אַז געשעפט פּאַסט מיר נישט. ווידער בין איך „דער גרויסער" ערליכער מאַן און קאָן נישט שווינדלען, איז אויף אַזאַ אופן דאָס גלייכסטע — שטודירן, וואָס מיר האָט זיך זעהר געוואָלט נאָך פון פריהער. דורך בילדונג, ווידער, וועל איך מפרנס זיין מיין ווייב.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז פון מיר קאָן אַרויסקומען אַ רעכט־געבילד־רעטער מענש, וואָס וועט קאָנען בכבוד מפרנס זיין ווייב און קינד. קוים וועל איך זיך נעמען דערצו, וועל איך אין אַ דריי־פיר יאָר אַרום געוויס ענדיגן מיין שטודיום, און איך בין אַ באַוואָרנטער מענש. כדי צו ווערן אַ רב, צום בייספּיל, דאַרף מען האָרעווען אַ צען־צוועלף יאָר און דערנאָך קאָן מען ערשט קיין שטאָט נישט געפינען. אויך איז מיר פון דער פּראַקטיק געווען באַקאַנט, אַז דער, וואָס האָט נאָר עפּעס געענדיגט, איז ער שוין

געווען באַוואָרנט מיט פּרנסה, און מיין באַשלוס האָט אין מיר געוואַקסן און געוואַקסן. וואָרום אויפן דאָרף, האָב איך נישט אָהן גאוה געטראַכט, וועלן מיר אַלע פאַרגרעבט און פאַרפאַלן ווערן. נאָר איין מאָל פאַר אַלע מאָל יעבור עלי מה, אַלץ אין דער וועלט וועל איך ליידן, הונגער, נויט, דחקות, אָבער נישט פאַרגרעבט צו ווערן. מיין ווייב האָט אויך איינגעשטימט מיט מיר, אָבער נאָר לפּנים ווענן. אין האַרצן, האָב איך פאַרשטאַנען, וואָלט זי שוין בעסער געוואָלט ווערן אַ ישובניצע אָדער אַ גוטע קרעטשמערין, אָדער אַ גוטן פּאַקט האַלטן, וואָס דאָס האָט אונז אייגנטליך געקאָנט אָנקומען גאַנץ גרינג דורכן זיירן. זי האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז באַ די דאָזיגע זאַכן וועל איך מיך לאַנג נישט קאָנען האַלטן.

און דערפאַר האָט זי איינגעשטימט.

מאַכן אַן אָנהויב איז דאָך געווען זעהר שווער. ווי לאָזט מען פאָרט דאָס ווייב באַ שווער און שוויגער? דאָרט וועט איר זיין אומעטיג און נישט גאָר גוט. קיין אַנדער אָרט — עפּעס אַ בעסערס האָב איך נישט געפונען. וואָס טוט מען אָבער? מען מוז דאָך פאָרט אַוועקפאָרן, און באַ מיר איז געבליבן זי אָפּנאַרן (צוליב בילדונג מעג מען...), אויסטראַכטן עפּעס אַ נסיעהלע און אַוועקפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן, דערביי זאָל איך קאָנען נעמען אַביסל זאַכן מיט זיך. פאָרן וועל איך, למשל, קיין בריסק, וואו מיין אַלטער באַקאַנטער משכיל וועט מיר אָנווייזן, ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַן אופן איך זאָל זיך נעמען דערצו.

דאָס איז געווען מיין צווייטע רייזע קיין בריסק מכּח בילדונג.

געווען איז באַ מיר אין דערזעלבער שטאָט אַ רייכע מומע, אַ מכניס־אורחטע, און אויך אַ חבר מיינער — שמואל מאַירימס, מיט וועמען איך פלעג אָפט פילאָזאָפירן. געווען איז ער אַ אינגל אַן עלוי און אַ קלוגער און אַן אָריגינעלער חקרן. און דערביי פלעגט ער אויפן אַמאָליגן שטייגער פאַסטן שובבי״ם ת״ת, אַלע פרייטאָג און עשרת ימי תּשובה. נאָך דער חתונה אָבער איז ער געוואָרן אַ משכּיל, זעהר אַ פרייער און אַ אויפ־געקלערטער, און האָט באַלד געקראָגן אַ שם פאַר אַן אַפּיקורס. דער דאָזיגער שמואל האָט מיך אויך עקסטרע צוגערעדט, איך זאָל שטודירן, וואָס ער האָט אַליין זעהר געוואָלט און נישט געקאָנט צוליב זיין טוך־קראָם. ווי אויף צו להכעיס איז זיין טוך־קראָם אַוועק גאָרנישט שלעכט.

— איך וואָלט געוואָלט זיין בעסער אַ קבצן, נאָר אַ געשטו־דירטער — האָט ער זיך מיט אַן אמת געקלאָגט.

געבליבן איז באַ מיר מיט אים, איך זאָל פאָרן קיין ביאַליסטאָק, וואָס איז דעמאָלט געווען אין אונזער סביבה דער ערשטער פונקט פון השכּלה. אָן דער שפּיץ פון דער ביאַליסטאָקער השכּלה איז געשטאַנען זאַבלודאָווסקים אַן

איידעם — אליעזר האַלבערשטאַם, אַ בערלינער משכּיל, וואָס האָט זיך גענומען צו בילדן אַלע ביאַליסטאָקער יונגעלייט. טויזנטער רובל האָט עס אים געקאָסט אַ יאָר. ער האָט אויך געקראָגן צו דעם צוועק גרויסע סומעס געלט פון זיינע באַקאַנטע משכּילים און סוחרים, און כאָטש אַליין איז ער געווען אַ טוך־פאַבריקאַנט, האָט ער זיך דאָך אָפּגעגעבן מער מיט השכּלה, איידער מיט דער פאַבריק. דאָס געשעפט האָט געפירט זיין ווייב, אַ פרוי — אַ בריה, און ער האָט זיך געטאָן זיינס: אָ פּ גע ר ע ד ט יונגעלייט פון בית־המדרש און גע ב י ל ד ע ט זיי. קיין געלט, ווי געזאָגט, האָט מען נישט געקאַרגט.

אין אָט דער צייט, אין האַלבערשטאַמס צייט, זיינען געווען אין ביאַליסטאָק צ ע נ ד ל י נ ג ע ר ג ט ן צווישן מאַן און ווייב. די ש ווע ר האָבן אָ פּ ג ע נ ט זייערע א י י ד ע מ ס, וואָס זיינען גענומען געוואָרן אַלס לומדים און פרומע לייט און זיינען דערנאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אַפּיקורסים". אין ביאַליסטאָק איז געווען אַן אמתע איבערקערעניש, און די שטאָט האָט גע־קראָגן אַ שם פאַר אַן אַפּיקורסישע שטאָט, אַ ש ט אָ ט פ ו ל מ י ט ה ש כּ ל ה א ו ן ב י ל ד ו נ ג.

אַ צווייטער באַקאַנטער מיינער, אויך אַ משכּיל, איינער אַ בערגזאָהן, האָט מיר געגעבן אַ בריוו צום ביאַליסטאָקער ראַבינער, אויך אַ משכּיל, טאַקע האַלבערשטאַמס אַ ידיד. אין בריוו איז געווען געשריבן, אַז איך קען נאָך גאָרנישט קיין רוסיש. אויסער תּלמוד — קען איך גאָרנישט. נאָר, לויט ווי אים שיינט, קאָן פון מיר אַרויסקומען אַ גוטער משכּיל. וואָרום, שרייבט ער, אַ יונגערמאַן פון אַ דאָרף, וואָס קאָן האָבן דאָרט פּרנסה, רייסט זיך אַזוי צו השכּלה און „ליכט", מסתּמא זיצט אין אים אַ גרויסער גייסט... לכן דאַרף מען אים שטיצן און באַהילפיג זיין א. אַ. וו. א. אַ. וו.

איצט, אַז בּאַ מיר איז שוין געווען קלאָר דער פּלאַן, ווי אַזוי איך זאָל גיין צו מיין ציל, בין איך געפאָרן אַהיים, און פאָרנדיג האָב איך אָפּגעקלערט, ווי אַזוי אָפּצונאַרן מיין ווייב. איך וועל איר זאָגן, אַז איך דאַרף פאָרן קיין ביאַליסטאָק אויף אַ פּאָר וואָכן צייט, און דערביי האָב איך פאַרפּאַסט זעהר אַ גרויסן און אַ לאַנגען ליגן: היות ווי מיין מומע פון ביאַליסטאָק, דער מוטערס שוועסטער, אַ נגידה, האָט געבעטן איר מאַנס אַ שוואָגער, וואָס איז געפאָרן קיין בריסק, אַז ער זאָל אַראָפּפאָרן אין וואַכנאָוויטש און זעהן, צי איך בין דאָס טאַקע אַזאַ וואוילער יונגערמאַן, ווי מען לויבט מיך. אויב יאָ, זאָל ער מיך מיטנעמען קיין ביאַליסטאָק, וואו זי, די מומע, וועט שוין פאַר מיר קריגן זעהר אַ אָנשטענדיגע שטעלע, בּאַ וועלכער איך וועל זיין גליקליך. אָט דעם שוואָגער, וואָס האָט זיך געקליבן קיין וואַכנאָוויטש, האָב איך גראָד געטראָפן אַקוראַט אין בריסק. איך בין אים געפעלן געוואָרן,

און ער האָט מיר געהייסן פאָרן אַהיים נאָך מיינע זאַכן און קומען גלייך קיין ביאַליסטאָק . . .

דער לינג איז גרויס און פאַרפלאָנטערט. מיר איז, דעם אמת געזאָגט, זעהר שווער געווען צו זאָגן דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אַ לינג. דאָס איז באַ מיר געווען ערגער ווי דער טויט. מיין פנים איז מיר שוין רויט געוואָרן, ווען איך האָב נאָר געטראַכט וועגן דעם, זיצנדיג אויפן פויערשן פורל.

האָב איך דעם גאַנצן וועג זיך געראַנגלט און געפייניגט: צי זאָל איך זאָגן אַזאַ גרויסן לינג מיין ווייב און ווערן דערפאַר אַ געבילדעטער מענש, אָדער בלייבן אַ ישובניק אין דאָרף צווישן די פויערים מיט די חזרים?

אָבער איך האָב זיך איבערגעשטאַרקט און באַשלאָסן פעסט אויסצופירן מיין פּלאַן.

געקומען צופאָרן אַהיים, האָב איך באַלד אָפּגעטאָקט דעם ווייב די גרויסע בשורה: אַזוי און אַזוי, געשעפט, גליקליך, געטראָפן פּלוצלינג דער מומעס שוואָגער אין בריסק, געפעלן געוואָרן אים און אַז. וו.

די „גוטע בשורה" האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויפן ווייב און מיר איז נאָך ערגער געוואָרן אויפן האַרצן, זעהענדיג, ווי דאָס ווייב ווערט נעבעך אומזיסט איבערראַשט פון דער ראָזינער בשורה, וואָס איז נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב איר צוגעזאָגט אַראָפּצונעמען זי קיין ביאַליסטאָק, אַ שטאָט זעהר אַ שיינע, פול מיט לומדים און משכילים און מיט נאָך גוטע זאַכן. דאָס ווייב איז געבליבן באַרוהיגט און צופרידן.

און אַזוי אַרום האָב איך מיך לעגאַל צוגעגרייט אין וועג אַריין, גענומען די אַלע נויטיגע זאַכן, פאַרפּאַקט, און — אַוועקגעפאָרן.

דעם גאַנצן וועג האָבן זיך באַ מיר געגאָסן טרערן, געגאָסן און געגאָסן, און מיר האָט שטאַרק באַנג געטאָן אויף מיין ווייבל, וואָס איז אָפּגענאַרט און איבערגעלאָזט געוואָרן אַליין.

אין בריסק האָב איך מיך געזעהן מיט מיינע משכילים און באַלד געדונגען קיין ביאַליסטאָק, אַכצען מייל פון בריסק, אַ בעל־עגלה מיט אַ בויד און מיט דריי פערד. דער מקח פון אַ פּאַרשוין איז געווען אַ רובל מיט פופציג.

מיין נסיעה קיין ביאַליסטאָק איז אָבער געווען אַזאַ טשיקאַווע און דערביי אַזאַ שווערע — אַמאָליגע יאָרן — אַז עס לוינט זיך צו באַשרייבן זי לייענגער.

אַז איך האָב געפרעגט דעם בעל־עגלה, וויפיל פּאַרשוינען וועט ער נעמען אין בויד, גיט ער זיך אַ זאָג:

— אַכט פּאַרשוין . . .

אַכט פּאַרשוין — אויסער סחורה, ווי: אייזן, פעקלאַך, פעסלאַך, זעקלאַך און נאָך אַזעלכע זאַכן! האָב איך אים צוגעזאָגט דריי רובל „האָנאָראַר"

און זאָל ער נעמען װײניגער נפשות. װאָרום אַניט װעט מען דערשטיקט װערן. מײן בעל־עגלה האָט אײנגעשטימט.

באַלד װי מען איז אַרױסגעפאָרן, זײנען אין בױד געזעסן אַרום זעקס נפשות. דערצו אַ ים מיט סחורה — קאָן שױן װעגן באַקװעמליכקײטן גאָר קײן רײד נישט זײן. אגב פיל איך שױן, אַז איך װער דערשטיקט. הױב איך מיך אָן קלאָגן:

— ס׳טײטש, איך גיב דאָך אײך דאָפּלט געלט, דאַרפן דאָך פאָרן װײניגער נפשות? איר האָט דאָך געזאָגט, אַז מען װעט פאָרן זאַלבעפערט?

— איז װאָס װילט איר — ענטפערט ער מיר נישט גאָר געלאַסן — מיט אײערע עטליכע רובל זאָל איך שפּײזן מײנע דרײ פערד מיט אַ װײב און זעקס קינדערלאַך, להבדיל?...

שװײג איך שױן. זײנען מיר אָפּגעפאָרן אַ װ י אָ ר ס ט װעג, זײנען צו־ג ע ק ו מ ע ן נ אָ ך אַ פּ אָ ר פאַרשױנען און ביז װ י ס אָ ק ע, זעקס מײל פון בריסק, זײנען שױן, גאָט צו דאַנקען, ג ע ז ע ס ן צ ע ק װ ע ט ש ט ע אין בױד גאַנצע צ ע ן נפשות, אַלטע אידן, אידענעס, װײבלאַך, מײדלאַך, בחורים... פון װיסאָקע, װידער, האָט ג ע ש ט י ג ן אױף צ װ ע ל ף פאַרשױן... איז מען געזעסן אײנער אױפן צװײטן, דער האָט געשריען: אױ, דער פוס, דער—די הענט. קײנער האָט נישט געװאוסט, װאו די פיס זײנע זײנען, און דער בעל־עגלה טוט נאָר און שרײט:

— װיאָ, װיאָ!... ער האָט, אַפּנים, געהאַט משא, אױסער פּאַסאַזשירן, אַ ר ו ם ה ו נ ד ע ר ט פ ו ר. דערצו איז נאָך אָסיען־צײט, עס רעגנט, נאַס. די פערד קאָנען נישט גײן, אַ בלאָטע, װי אַ געדיכטע קאַשע. נעמען די פערד נישט דעם װאָגן, שמײסט ער די שקאַפּעס, שלאָגט, שרײט, װיאָקעט — ביז זײ בלײבן שטײן אײנגאַנצן. שטעהען זײ. הײסט דער בעל־עגלה, מיר ז אָ ל ן אַ ל ע אַ ר ו י ס ג י י ן פון בױד.

— די בלאָטע... איר ז ע ה ט נישט — װאַרפט ער זיך מיט דער בײטש צו אונז און צו די פערד.

הױבן מיר אָן אַרױסצוקריכן אײנציגװײז כסדר. איז געװאָרן אַ געשרײערײ, אַלע האַלטן אין אײן פילדערן און איצט האָט מען אָנגעהױבן צו פ י ל ן די פיס מיט די הענט, מיט אַלע אברים. אָבער, גאָט מײנער, זײ טוען װײ! באַ די זײנען פאַרשלאָפן די פיס, באַ די — אָפּגעלעגן אַ האַנט, באַ יענע — אַ זײט, און דער בעל־עגלה שרײט:

— גיכער רירט זיך, יחסנים, פּרצים, אײך װילט זיך פון בױד נישט אַרױס!!...

אָבער אַז אַלע זײנען שױן אַרױסגעקראָכן װי עס איז פון בױד, זײנען די פערד אַלץ געשטאַנען, קאָנען נישט גײן. שרײט דער בעל־עגלה װידער:

— עולם, שטופּט אַביסל אונטער דעם וואָגן, ראַטעוועט! וואָרום אַניט וועלן מיר דאָ האַלטן שבת...

איך בין געווען דער ערשטער, וואָס איז געגאַנגען שטופּן די בויד, נישט קוקנדיג דערויף, וואָס איך האָב שוין פאַרן מעת־לעת קיין פּיס און קיין הענט נישט געפילט. איך בין אַפילו געווען אַ געזונטער יונג, אָבער אַלע ביינער ברעכן מיר. נאָר ס'איז קיין תירוץ נישט, מען דאַרף העלפן שטופּן. גאָט צו דאַנקען — די פערד זיינען אַרויסגעקראָכן פון דער בלאָטע.

— נו, אין וואָגן אַריין! — האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן דער בעל־עגלה — מיר פאָרן.

אָבער איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צרה: יעדער וויל פאַרכאַפּן אַ בעסער אָרט אין בויד. האָט מען זיך גענומען רייסן צווישן זיך, איז געוואָרן אַ גרויסע קריגעריי מיט אַ געשילטעריי, אַז מען האָט געקאָנט פאַרטויבט ווערן.

מיר האָט זיך שוין גאָרנישט געוואָלט קריכן אין בויד. וואָלט געווען באַטאָג, טראַכט איך, וואָלט איך שוין בעסער געגאַנגען צו־פוס. עס איז דאָך אָבער נאַכט און איך ווייס נישט דעם וועג און מיינע זאַכן זיינען שווערע. שטיי איך און וואַרט ביז אַלע וועלן זיך אָפּקריגן און זיך איינזעצן, וועל איך מיך פאָרט דערנאָך ווי עס איז זיך אָנטשעפּען אָן בויד און „פאָרן".

אָבער צו די קריגערייען האָט נישט גענומען קיין עק. אַלץ העכער און העכער שטייגן די קולות, ביז דער בעל־עגלה האָט אָנגעהויבן שרייען מיט אַ קול פון אַ וואַלד־גזלן:

— אין וואָגן אַריין! די מינוט אין וואָגן אַריין!

און באַלד עטוואָס ווייכער, נאָר מיט אַ בייזן חוזק צוגעגעבן:

— מיינע שיינע פּריצים, זעצט זיך שוין אַריין אין בויד, וואָרום איך גיב, ווי איר קוקט מיך אָן, אַ טרייב די פערד, וועט איר דאָ בלייבן ליגן אין בלאָטע. וואָס קריגט מען זיך, פּריצים מיינע! ווי מען זיצט — זיצט מען.

דעם בעל־עגלהס געשרייען האָבן געהאָלפן. דער עולם האָט זיך ווי עס איז אַריינגעזעצט, און איך בין אַרויפגעקראָכן אויף די קאָזלעס, נעבן בעל־עגלה, און זיך דאָרט אַנידערגעזעצט, די פיס אַראָפּגעהאַנגען און מיט די הענט זיך שטאַרק אָנגעהאַלטן, איך זאָל נישט אַראָפּפאַלן. חלילה, ווען מען פאַלט אַראָפּ, איז דאָס אויף טויט דערהרגעט צו ווערן. איך בין אַזוי אָפּגעפאָרן עטליכע וויאָרסט. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געבליבן אָ ה ן הענט און אָ ה ן פיס און דורך פאַרנעצט; אין בויד וואָלט כאָטש נישט גערעגנט אויף מיר.

זיינען מיר אַזוי געקומען אין אַ דאָרף, פאַרפאָרן אין קרעטשמע. דאָ איז געוואָרן אַ געקרעכצעריי, ווי אין אַ שפּיטאָל צווישן געפערליך־קראַנקע...

— אוי, די הענט... אוי, די פיס... אוי, דער קאָפּ!...

אין קרעטשמע איז נאַס און פינסטער, עס ברענט אַ קליין אייל־לעמפּל. אַרום גרויסן טיש זיצן פּויערים מיט פּויערטעס, מען טרינקט פלעשלאַך בראָנפן און מען בייסט צו מיט שוואַרץ ברויט. אויף די לאַנגע, גרויסע בײנק ליגט מען און מען כראָפּעט. דאָ אַ איד, אַ אידענע, דאָ אַ גויע. ס'איז נישטאָ וואו צו־צושפּאַרן זיך, וואו צו־צולייגן זיך. דער גרויסער אויוון איז אויך פאַרנומען.

נאָר די בעל־הביתטע מיט אַ מויד זיינען אויף. קומט אַריין דער בעל־עגלה און גיט אַ געשריי (ריידן שטיל האָט ער, אַפּנים, נאָרנישט געקאָנט):

— גוט נ'אָוונט. האָט איר, בעל־הביתטע־לעבן, עפּעס עסן פאַר מיר מיט מיינע פאַרשוינען!

— וואָס ווילט איר? — פרעגט בתמימות די בעל־הביתטע.

— וואָס הייסט, וואָס ווילן מיר! — פאַרהילכט די שטוב דער בעל־עגלה מיט זיינע געוואַלדן — זאָגט אָקאָרשט, וואָס האָט איר און לאָמיר פרעגן דעם עולם, וואָס זיי ווילן! איך האָב דאָ אַ גאַנצע כאַליאַסטרע אויסגעמישטע פאַרשוינען. אַנדערע זיינען „אָבאָדראַנצעס", אָבער אַנדערע, ווייזט אויס, זיינען היפּשע בעלי־בתּים, לייטישע יונגעלייטלאַך (אַ ווייז אויף מיר מיטן האַנט). וואָס ווילט איר, יונגערמאַנטשיק? — קערט ער זיך אום צו מיר. די דריי רובל, וואָס איך האָב אים אומזיסט געגעבן, האָבן דאָך געהאַט אַ ווירקונג.

— טיי וואָלט איך וועלן — זאָג איך.

דערווייל האָבן זיך די אַלע „פּאַסאַזשירן" אונזערע צעלעגט, ווער אויף דער ערד, ווער אויף אַ שטיקל באַנק.

די מויד האָט געמאַכט פייער אין אויוון, און מען האָט צוגעשטעלט אַ גרויסן קרוג וואַסער אויף טיי.

דער בעל־עגלה האָט געקאָמאַנדעוועט מיט זיינע פאַרשוינען. און אַז ער האָט דערלאַנגט אַ געשריי:

— עולם, גייט עסן!

איז מען זיך געגאַנגען וואַשן צום עסן. עס איז אָבער קיין וואַסער נישט געווען. האָט ער געהייסן איינעם פון זיינע אָרימערע פאַרשוינען, וואָס האָבן ווייניגער געצאָלט פאַר דער נסיעה, ער זאָל ברייננגען וואַסער אַנגראָ מיט דער מויד. באַלד איז געבראַכט געוואָרן וואַסער. איז אָבער קיין פרייער טיש נישט געווען, פּויערים מיט פּויערטעס האָבן דאָרט געשכּורט און געזונגען. גיט דער בעל־עגלה אַ געשריי צו דער בעל־הביתטע:

— אַ טיש זאָל זיין!...

וואו זאָל זי אָבער נעמען אַ טיש? באַלד איז מען געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן: אַרויפֿלייגן אַ ברעט אויף אַ פֿאַס, וועט עס טויגן פֿאַר אַ טיש. האָט ער גלייך געהייסן די אָרימערע פֿאַרשווינען ברייננגען די פֿאַס מיט אַ פּאָר ברעטלאַך, און עס איז געוואָרן אַ טיש.

אָבער נישט אַלע האָבן געקאָנט עסן. די הערינג זיינען געווען געזאַלצן און האָבן שלעכט געשמעקט. עס זיינען קיין לעפל נישט געווען צום עסן, מען האָט געוואַרט איינע אויף די אַנדערע, פֿאַרשמאַכטע און פֿאַרמוטשעטע.

נאָר איך איינער האָב גאָרנישט געגעסן. עס איז אין האַלז נישט געקראָכן. מיר האָט זיך נאָר געוואָלט טיי. טיי, ווידער, איז נישט געווען, נאָר הייס וואַסער מיט בעזים־בלעטלאַך.

אַז מען האָט זיך ווי עס איז אונטערגעלענט דאָס האַרץ, האָבן זיך אַלע פֿאַרשווינען ווידער אַ לאָז געטאָן צום בויד — פֿאַרכאַפּן אַ גוט אָרט. ווידער קריגערייַ, שטופּערייַ, און ווען נישט די מורא פֿאַרן בעל־עגלה, וואָלט מען זיך זיכער געשלאָגן מכּות רצח. איך קריך ווידער אויף די קאָזלעס, ווי פֿריהער, אָבער איך טו אַ קוק — עס איז שוין דאָ אַ נייער פֿאַרשווין, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט מיין אָרט. האָב איך, הייסט עס, שוין גאָרנישט וואו צוצושפּאַרן זיך. פֿאַר איין ברירה בין איך געגאַנגען אויסטענען זיך מיטן בעל־עגלה:

— ר' יעקב, איר האָט דאָך בײַ מיר גענומען דרייַ קאַרבן און געזאָגט, אַז מען וועט פֿאָרן זאַלבעפערט. זאָל שוין זיין אַכט, צען, הונדערט, טויזנט נפֿשות, אָבער גיט מיר כאָטש אַ שטיקעלע פּלאַץ, וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן!

דאָס מאָל האָט דער בעל־עגלה רחמנות געקראָגן אויף מיר, האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— עולם, מאַכט אַן אָרט פֿאַר דעם יונגענמאַנטשיק. איר מעגט אַלע די כּפּרה ווערן פֿאַר אים!... דרייַ קאַרבן האָט ער מיר געגעבן!...

און האָט פֿראָסט גענומען רייסן יעדערן פֿאַר די הענט און פֿיס, נישט קוקנדיג, צי אַ איד, צי אַ אידענע, צי אַ ווייבל, צי אַ מויד.

דער עולם האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן. פֿאַרקערט, עס איז געוואָרן אַ מהומה. אַלע האָבן אָנגעהויבן צו שרייען:

— זעה נאָר דעם יחסן, דעם זיידענעם יונגענמאַנטשיק. מען זיצט אין דערהיים, אַז מ׳איז אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק!...

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ „בונט" אויפֿן נאַטשאַלניק, אויפֿן בעל־עגלה. מען האָט אים פּשוט געסטראַשעט, אַז מען וועט אים אויף פּיצלאַך צעטראָגן.

— וואָס נעמסטו אָן אַזוי פֿיל פֿאַרשווינען! — האָט מען זיך געריסן צו אים — האָסט דאָך נישט קיין אָרט פֿאַר זיי. און נעמסטו פֿאַרשווינען,

טאָ נעם נישט קיין יחסנים, קיין זיירענע יונגעלייטלאַך, וואָס דער מאַמעס מילך ליגט זיי נאָך אויף די ליפּן...

דערהערנדיג די זידלערייען, זאָג איך צום בעל־עגלה:

— וועל איך בעסער גיין צופוס...

דער בעל־עגלה האָט מיך אָנגעקוקט מיט שפּיציגע חוזקדיגע אויגלאַך:

— כ׳לעבן — זאָגט ער — איר זענט אַ קלוגער יונגערמאַן... טאַקע בעסער גיין צופוס, איידער צו זיין פאַרדריקט אין בויד ווי אַ הערינג... גראָבע יונגען פאָרן דאָ... גלייכער צופוס...

די „פריינטליכע" עצה האָב איך נישט ווילנדיג געמוזט אָננעמען. בין איך מיר געגאַנגען נעבן בויד. איך בין געווען שוואַך אָנגעטאָן, איז מיר געווען שווער צו גיין באַרג אַרויף, און פון אויבן האָט גערעגנט, בין איך געוואָרן נאַס. גייענדיג איבער אַ הרעבלע, האָט זיך פאַרטשעפּעט דער אָפּצאַס אויף אַ קאָרטש. האָט זיך באַ מיר אָפּגעריסן דער אָפּצאַס מיט דער פּאָדעשווע צוזאַמען. גיי איך שוין אַ באָרוועסער אויף די קאָרטשעס. דאָס איז אָבער אוממעגליך. עס שטעכן מיר די פיס. האָב איך שוין אָנגעהויבן כמעט ווי צו וויינען און בעטן, מען זאָל מיר מאַכן עפּעס אַן אָרט אין בויד. האָט דער בעל־עגלה מיט די פאַרשווינען רחמנות געקראָגן, דער עולם האָט זיך איינגעקאָרטשעט און מען האָט געמאַכט פאַר מיר אויך עפּעס אַ שטיקל אָרט אין בויד. פאָרן מיר אָפּ אַ פּאָר וויאָרסט, ליגן מיר אַזוי אויפגע־קאָרטשעטע, איינגעדריקטע, ווי די הערינג, און מיר האָפן יעדער באַ זיך, אַז באַלד וועט מען קומען אין אַ קרעטשמע, וואו דער בעל־עגלה וועט פּאַשען די פערד, און מיר וועלן כאָטש אַ פּאָר שעה קאָנען אויסציהען אונזערע איינגעקאָרטשעטע פאַרגליווערטע ביינער.

העלפט אָבער דער אויבערשטער און פּלוצלינג צעבּרעכט זיך אַ ראָד פון בויד. מיר געבן זיך אַ קער איבער און מיר פאַלן אַלע אַרויס פון בויד איינער נאָכן אַנדערן. אַ נס, וואָס די בלאָטע איז דאָרט געווען זעהר גרויס. מיר וואָלטן אפשר דערהרגעט געוואָרן.

פאַלן מאַנסבּלען און ווייבער, און פאַרקערט, און מען שרייט, אַ מהומה, אַ יללה. אויף מיר איז אַרויפגעפאַלן אַ פאַרשוין מיטן קאָפּ אַראָפּ. האָט ער זיך צעשלאָגן דעם קאָפּ, און איך — דאָס האַרץ. די ווייבער האָבן געוויינט, מאַנסבּלען האָבן אָפּגעקרעכצט. דער בעל־עגלה, ווידער, האָט באַזונדער געקרעכצט אויף זיין ביטערן שאָדן. ער האָט איבערגעוואַרט ביז דער עולם האָט זיך אַביסל באַרוהיגט און זאָגט שוין מיט אַ וויכן טאָן:

— עולם, איך בעט אייך, העלפט מיר אַראָפּנעמען די צעבּראָכענע ראָד פון בויד. פאַרריכטן דאַרף איך זי אַוועקטראָגן... אין נאָהענטן דאָרף....

קלאָגן די פאַרשווינען:

— מיר זיינען פאַרמאַטערט, צעבראָכן פון פאָרן און פון פאַלן, נישט קיין געגעסענע, נישט קיין געטרונקענע, מיר האָבן נישט קיין כּח צו העלפן.

בעט זיך דער בעל־עגלה מיט תּחנונים:

— האָט רחמנות, איך וועל ערשט דאַרפן זיין איבעריגע צייט אין וועג מיט דריי פערד. איך האָב מורא, אַז איך וועל שוין נישט קאָנען קומען צוריק אַהיים אויף שבת.

מילא, וואָס זאָל מען טון. האָבן מיר זיך אַלע גענומען פאַר דער ראָד. אָבער עס איז שווער. קאָנען מיר זיך קיין עצה נישט געבן. האָט דער בעל־עגלה געראָטן אַרויסשלעפּן די שטאַבעס אייזן מיט אַלע שווערע משאות איינציגוויז, וועט דערנאָך זיין גרינג אַראָפּצונעמען די ראָד. האָבן מיר אַזוי געטאָן. און דער בעל־עגלה איז אַוועק מיט דער ראָד און אונז איבער־געלאָזט אין מיטן וויסטן וועג מיט דער בויד, מיט די פערד, ווי ראָבינזאָהן אויפן אינזל.

בלייבן אַ גאַנצע נאַכט אין פעלד, בעת עס איז קאַלט און פינסטער, אָהן עסן, אָהן טרינקען, ווי אין אַ מדבר, איז נישט פון די געשמאַקע זאַכן. שוין דער דריטער מעת־לעת, אַז מיר פאָרן! און די פאַרשווינען — אַ מ י ש מ אַ ש, שטימען נ י ש ט איינע מיט די אַנדערע, אַן א ו י ס ג ע מ י ש ט ע ק ר אָ ם. מיר קאָנען זיך איינער מיטן אַנדערן נישט אָנקוקן.

די נאַכט האָט אויסגעזעהן אַזוי לאַנג, ווי דער אידישער גלות. ביסלעכווייז, ווי איבער געוואַלד, האָט גענומען טאָגן, אָבער דער בעל־עגלה מיט דער ראָד איז נישטאָ. אין קול ואין עונה. דאָ האָב איך זיך אָנגערופן:

— אידן, וואָס ווען מיר דאָ זיצן אין בויד נישט געגעסן און נישט געטרונקען. ווער גייט מיט מיר זוכן דעם בעל־עגלה.

האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט „אָכאָטניקעס", און מיר זיינען אַוועק אינם דערביייאיגן דאָרף. פרעגן מיר, צי עס איז דאָ נישט געווען אַ בעל־עגלה מיט אַ ראָד? זאָגן זיי, אַז דער שמיד איז נישטאָ אין דערהיים, איז דער בעל־עגלה געגאַנגען אין אַן אַנדער דאָרף.

האָבן מיר זיך אויך אַוועקגעשלעפּט אַהין און, גאָט צו דאַנקען, אים דאָרט געקראָגן באַם שמיד. ערשט פיר אַזייגער פאַרנאַכט איז פאַרטיג געוואָרן די ראָד. זיינען מיר געקומען צו דער בויד, איז געוואָרן אַ געוויין פון די עלטערע אידן מיט די ווייבער: זיי חלשן עסן. שוין מער פון אַ מעת־לעת נישט געהאַט אין מויל — נישט עסן, נישט טרינקען! אַ זעקס נפשות דערשלאָגן פון אַזוינע צרות, האָבן זיך גאָר צופוס אַוועקגעשלעפּט קיין ביאַליסטאָק — אַ מייל פינף. נאָך גרויסע צרות און פּיין האָבן מיר זיך אויך, ענדליך, קוים דערשלעפּט. די ליבהאַרציגע נסיעה האָט באַ אונז צוגענומען איבער פיר מעת־לעת צייט!...

איך בין געקומען צו דער מומען אַ צעבראָכענער. קיין איין גאַנצן אבר האָב איך אין מיר נישט געפילט. די מומע האָט זיך דערשראָקן. זי האָט געמיינט, אַז איך בין קראַנק.

— וואָס פעלט דיר, חאַצקעלע, — האָט זי שיער נישט פאַרבראָכן מיט די הענט — איך וועל אַריינרופן אַ דאָקטאָר.

זאָג איך:

— מען דאַרף נישט קיין דאָקטאָר, איך בין געזונט. אָבער, מומינקע, די נסיעה האָט מיר פאַרשאַדט...

איך האָב אָבער אויסגעזעהן ווי אַ שר. די מומע, זעהר אַ גוטהאַרציגע, האָט געהאַט פון מיר גרויס עגמת־נפש. צוויי טאָג בין איך אָפּגעלעגן אין בעט, אַ צעבראָכענער, אָהן איין גאַנצן אבר.

אַז איך האָב מיך עטוואָס „פּאָפּראַוועט", האָב איך דערציילט דער מומען מכּח מיין קומען קיין ביאַליסטאָק, אַז איך וויל, זי זאָל מיר שאַפן עפּעס אַן עסק, אַז איך וויל זיך איינאָרדענען דאָ און אַז זי קאָן מיר, מיין איך, דעריין זעהר פיל מיטהעלפן. וועגן דעם, אַז איך וויל זיך איבערגעבן צו השכּלה, האָב איך גאָר פאַרבאָרגן.

באַלד נעמען שיסן מיט השכּלה פאַר אַזאַ פרומער אידענע, וואָלט געווען נאַריש. געבילדעטע מענשן האָט מיין גוטע און פרומע מומע געהאַלטן פאַר עכטע גוים און רשעים.

די מומע האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין אַזוינע ענינים פאָרט מען נישט אַרויס פּלוצלינג. פריהער, פירט זיך, שרייבט מען אָן אַ בריף און מען פרעגט זיך אָן, צי עס לוינט זיך צו קומען, צי עס קאָן זיין עפּעס אַ געשעפט. אָבער איצט, פאַרשטייט זיך, איז שוין פאַרפאַלן.

— אַז דו ביסט שוין דאָ — זאָגט זי — זיי באַ מיר און רוה זיך אויס, און מכּח אַ געשעפט איז דערווייל ביטער. וואָרום פאַר געשעפט דאַרף מען האָבן עטליכע טויזנט רובל, האָסטו דאָס נישט. אַ שטעלע, ווידער, איז אויך שווער צו קריגן. דו ביסט אַ יונגערמאַן, נאָר וואָס פון דער גמרא. קיינער קען דיך נישט און דו קענסט קיינעם נישט. אגב קענסטו נישט — ניט קיין רוסיש, ניט קיין פּויליש. סיידן עפּעס אַ קליינע שטעלע, טויג דאָס רען פאַר דיר! נאָר נישקשה, פאַל באַ זיך נישט אַראָפּ, גאָט וועט העלפן...

מיין מומע האָט לאַנג גערעדט, אָבער איך האָב מיר געטראַכט גאָר פון אַנדערע זאַכן.

נאָך זונטאָג, געדיינק איך, בין איך מיר אַוועקגעגאַנגען צום ראַבינער מיט בערנזאָהנס בריף. איבערלעזנדיג דעם בריף, האָט ער מיך העפליך אויפגענומען און געבעטן קומען צו אים דינסטאָג. ער דאַרף איבערריידן

מיט האַלבערשטאַמען און ער פֿאַרהאָפֿט, אַז איך וועל קומען צו מיין ציל. בין איך שוין געגאַנגען אַהיים אַ פרייליכער.

רינסטאָג בין איך פון דאָס ניי געקומען צום ראַבינער. ער האָט מיר באַלד איבערגעגעבן די גוטע בשורה, אַז האַלבערשטאַם איז גרייט מיך צו שטיצן, ביז איך וועל ענדיגן מיין שטודיום, און האָט מיך פֿאַרבעטן צו זיך. אַז ער וועט זיך באַקענען מיט מיר פערזענליך, וועלן מיר זיך באַראָטן ווי איינצואָרדענען מיין בילדונג. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי גרויס איז געווען מיין שמחה. האָב איך, הייסט עס, באַלד דערגרייכט צו מיין ציל!

קום איך צו דער מומען אַ צעהיצטער פון שמחה. באַ מיר איז שוין פֿאַרבליבן, איך זאָל געבן דער מומען אָנצוהערעניש, אַז איך נעם זיך צו קענטעניש, וואָס איז באַ איר טריף ווי חזיר.

— נישקשה — טראַכט איך — אַז איך וועל ענדיגן מיין שטודיום, וועט זי אויך זיין צופרידן. פּאַנאַטישע אידן שעצן דאָך די געענדיגטע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשענערן. נאָך ווי שעצן! זיי זיינען זיי אַפילו מקנא. זיי האָבן נאָר פיינט געבילדעטע קבצנים, וואָס האָבן נישט קיין דיפּלאָמען. אַזוינע האַלטן זיי פאַר אַפּיקורסים און פאַר אַלץ אין דער וועלט.

און איך האָב איר פּשוט דערציילט, ווי אַזוי איך האָב מיך באַקאַנט מיטן ראַבינער און וואָס איך מיין מיט דער באַקאַנטשאַפט, און אַז דער ראַבינער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ היגן גביר אַ משכיל, וואָס וועט מיך שטיצן און ווייזן אַ וועג צו קענטעניש א. אַז. וו.

די בשורה האָט איר געטראָפֿן, ווי אַ קויל אין האַרצן.

— אַהאַ! — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן — דער ראַבינער מיט האַלבער־שטאַמען וועלן דאָס דיר העלפן! זיי, די לייראַקעס, די אַפּיקורסים, וואָס האָבן אַלע יונגעלייט אַראָפּגעפירט פון וועג, געמאַכט אַ חורבן פון ביאַליסטאָק. איי, איי, געוואַלד געשריען!...

און זי האָט געשאָטן און געשאָטן. שבת ,ווידער, דערהאַלט איך פון מיין ווייב זעהר אַ טרויעריגן בריף, אַז דער טאַטע איז אויף איר בייז, וואָס זי האָט מיך געלאָזט פאָרן קיין ביאַליסטאָק, אַן אַפּיקורסישע שטאָט, און ער האָט זעהר מורא, אַז איך זאָל דאָרט נישט אַראָפּגעפירט ווערן פון דרך הישר. אים האָט זעהר געשראָקן דאָס האַרץ, ער איז אַרומגעגאַנגען ממש אַ צעמישטער. האָט ער שוין צוגערעדט מיין ווייב, אַז זי זאָל מיך אַראָפּ־ברייגגען צוריק קיין וואַכנאָוויטש.

און ער האָט זאָגאַר גענומען צו הילף מיין מאַמען, וואָס מיט איר האָט ער זיך קיינמאָל אין קיין זאַך נישט באַראָטן. אים איז איינגעפאַלן, אַז מיט דער מאַמעס הילף וועט ער אויספירן, אַז דאָס ווייב מיינס זאָל מיך אַראָפּברייגגען פון ביאַליסטאָק אַהער אין דאָרף אַריין. ער האָט דערציילט

דער מאַמען מכּח דעם דאָזיגן האַלבערשטאַם, „דעם ג ר ו י ס ן אַפּיקורס“, וואָס שיט מיט גאָלד, כּדי צו מאַכן אַלע ביאַליסטאָקער יונגעלייט פאַר אַפּיקורסים. ה ו נ ד ע ר ט ע ר ג ט ן זיינען שוין דעריבער פאָרגעקומען. לכן האָט ער זעהר מורא פאַר חאַצקלען, ער זאָל קיין אפּיקורס נישט ווערן.

— דו קענסט דאָך אים, חאַצקלען — האָט ער איר געגעבן צו פאַרשטיין — ער האָט דאָך אַלץ ליב צו פרעגן קשיות, אַפילו אין אַזעלכע הויכע ענינים ווי אמונה. דאַרף מען מער נישט, אַז ער זאָל זיך באַקענען מיט האַלבער־שטאַמען! חאַצקל איז שוין היינט אויך אַ האַלבער אַפּיקורס, אַ חקירהניק, און האַלבערשטאַם זוכט טאַקע אַזעלכע ווי חאַצקל. שולדיג איז זיין ווייב. זי איז אַ יחסנטע געוואָרן. איר ווילט זיך נישט האַלטן אַ קרעטשמע, צי אַ פּאַקט. מיר ציטערט זעהר דאָס האַרץ. מען טאָר נישט אַוועקלאָזן אַ יונגענמאַן אין אַן אַפּיקורסישער שטאָט. דאָס איז סם. מען טאָר נישט.

דאָס רעדט ער, פאַרשטייט זיך, אומישנע אַזוי, ווייל ער האָט צו טון מיט אַ אידענע.

— לכן, איז מיין עצה, דו זאָלסט אָנדריקן מער אויף זיין יונג ווייבל, וועט זי שוין אים אַראָפּברייגנען צ ו ר י ק. נישקשה, אַז אַ ווייב וויל, קאָן זי פּועלן.

באַגיין זיך גראָב מיט דער שנור, האָט מיין איידעלער טאַטע נישט געקאָנט. האָט ער איצט, צוליב אמונה און אידישקייט, דאָס שטיקעלע אַרבעט איבערגעגעבן מיין מאַמען. און מיין מאַמע, אַ ליכטיגן גן־עדן זאָל זי האָבן, האָט זיך טאַקע צוגעסטאַרעט...

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב באַלד געקראָגן אַ גרויסן בריף, אין װעלכן מיין ווייב האָט באריכות באַשריבן איר פּיין און צרות, וואָס זי האָט אויסצושטיין אין דערהיים.

אויף מיין נאַרישן שכל האָט דער בריף אַ גרויסן רושם געמאַכט. איך בין בלאַס געוואָרן, אַז די מומע האָט זיך שוין דערשראָקן. זי האָט געמיינט גאָט ווייס וואָס. איך האָב איר געגעבן דעם בריף, און אַז זי האָט אים איבערגעלייענט, האָט זיך אַ שמייכל באַוויזן באַ איר אויפן פּנים. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אין דעם בריף ליגט פאַרבאָרגן אַזאַ פּראָשעק, וואָס וועט מיך דאַרפן טרייבן פון ביאַליסטאָק צוריק אַהיים.

און אָט דער בריף האָט צעשטערט מיין האָפענונג, מיין איינציגן ציל. איך בין געווען זעהר יונג און זעהר נאַריש און האָב באַלד האָפערדיג באַשלאָסן, אַז איך מוז אַוועקוואַרפן אַלע מיינע שיינע פאַנטאַזיעס, מיט מיין בילדונג, מיט קענטעניש, מיט דיפּלאָמען. זאָל גיין, ווי ס׳גייט. ס׳איז פאַרפאַלן. איך קאָן נישט און טאָר נישט הרגענען אַ מענשן. מיין ווייב

וועט דאַרטן אויסגיין. איך מוז קומען צוריק אַהיים; איך וועל מיך שוין מער נישט זעהן מיטן ראַבינער און מיט האַלבערשטאַמען.

יאָ, איך פאָר אַהיים.

האָב איך אָנגעשריבן צום ראַבינער אַ בריף אין לשון־קודש... היות, ווי איך האָב ערהאַלטן אַ בריף, אַז מיין פאָטער איז זעהר קראַנק (ווידער אַ לינן), מוז איך וואָס גיכער אַוועקפאָרן און האָב נישט קיין צייט אַפילו זיך געזעגענען מיט אים. איך דאַנק אים זעהר פאַר זיין גוט האַרץ און איך וועל אים קיינמאָל, קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

נאָך אָט דעם בריף ווידער האָט זיך אין מיר אָנגעהויבן אַ רעאַקציע: מיט וואָס וועל איך קומען אַהיים? און ווידער האָט מיר באַנג געטאָן אויף מיינע האָפענונגען, און ווידער האָב איך זיך דערפילט שרעקליך צעבראָכן. אַ צעבראָכענער, איז מיר פּראָסט פיזיש שווער געווען צו פאָרן גלייך אַהיים.

די מומע האָט געזעהן מיין צושטאַנד און האָט מיך טאַקע אָפּגעהאַלטן.

— רוה זיך אויס — האָט זי מיר געקוקט אין די אויגן אַריין אַ צופרידענע מיטן סוף — רוה זיך אויס... דערנאָך וועסטו פאָרן...

בין איך געבליבן זיצן באַ דער מומען און זיך צוגעהאָרכט צו אירע מעשיות — אַמאָליגע מעשיות מיט אַ קראָם, וואָס איז געשטאַנען אין רעכטן מיטן מאַרק, מיט אַ מאַן, זעהר אַן ערליכן, מיט אָנגעפאָרענע רבנים, וואָס פלעגן קומען אין געסט צו איר און יעדערן האָט זי געבעטן צו זיך אויף אַ מיטאָג, וואָס פלעגט זיין כיד הגבירים, — פון דעם האָט זי הנאה געהאַט. און זי איז שוין געווען קלאָר אין אַלע רבנים און אין אַלע זייערע ענינים, ווען וועלכע זיי פלעגן קומען קיין ביאַליסטאָק.

איינמאָל קומט אַריין די מומע מיט אַ געוויין. ווער איך דערשראָקן:

— מומע, וואָס איז דאָס?

— ס'טייטש — וויינט זי — ר' אייזעל, דער סלאָנימער רב איז דאָ אין ביאַליסטאָק, בין איך באַ אים געווען און געבעטן אים צו זיך אויף אַ מיטאָג, האָט ער מיר אָפּגעזאָגט... ס'טייטש, איך, ר' לייזער גראָדנערס טאָכטער, אַ קליינינקייט אונזער יחוס, ר' הללס אייניקל, ר' יחזקאל, ר' זלמן, ר' חיים וואָלאָזשינער... איי, איי, איי — פּאַסט אים נישט קומען צו מיר אויף מיטאָג!...

נישט קאָנענדיג צוזעהן איר צער, האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אַ בעלן גיין פרעגן ר' אייזלען, פאַרוואָס וויל ער צו איר נישט קומען. דאָס איז איר געפעלן געוואָרן.

— אדרבה, גיי, מיין קינד!...

בין איך געגאַנגען און געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער באַליידיגט ר' לייזערס טאָכטער און זיך אָפּגעזאָגט צו קומען צו איר אויף מיטאָג.

ענטפערט מיר דער רבי געלאַסן:

— זי איז טאַקע אַ בת־קדושים און זעהר אַ קלוגע, פרומע פרוי, אָבער איך גיי נישט צו קיינעם עסן מיטאָג. דאָרט, וואו איך שטיי איין, דאָרט עס איך.

— אָבער, אַז אַ פרוי — זאָג איך — קאָן אַזוי פיל באַרירן אייער נישט קומען ביז צום וויינען...

האָט ער אָנגעהויבן צו שמייכלען און זאָגט:

— ווייבער, מיין קינד, האָבן אַ גרויסן כח. מיט זייער וויינען פירן זיי אויס אַלץ בײַ די מאַנסבּלען. זי וויינט טאַקע? נו, טאָ זאָגט איר, אייער מומען, זי זאָל נישט וויינען. איך וועל קומען צו איר מאָרגן אויף אָוונט־ברויט.

איך האָב דער מומען אָנגעזאָגט די בשורה, און זי האָט נישט געוואוסט וואָס צו טון מיט מיר פאַר שמחה. דער גרויסער ר׳ אייזעל סלאָנימער וועט קומען!

נאָך פריהער, פאַר מיין ווייבס בריף, האָט די מומע אַוועקגעשיקט אַ בריף צו אונזערן אַ קרוב. אין דעם בריף האָט די מומע נאָכגעפרעגט, צי עס איז נישטאָ פאַר מיר עפּעס אַ שטעלע. באַלד איז אָנגעקומען אַן ענטפער. דער קרוב האָט געשריבן, אַז ער דאַרף האָבן אַ בוכהאַלטער, און ער פרעגט זיך אָן, צי איך קען בוכהאַלטעריע. אויב איך קען — זאָל איך גלייך קומען; אויך וועט ער דאַרפן אַ געשעפטס־פירער אין דריי חדשים אַרום. דער געשעפטס־פירער זיינער פאָרט אַרויס.

לעזנדיג דעם בריף, האָב איך איינגעזעהן, אַז קיין שטעלע קאָן איך נישט אָננעמען, ווענן דעם דאַרף איך נאָך אויפהערן צו קלערן. אויב איך קאָן נאָך טויגן צו עפּעס — איז עס צו אַרענדע אין אַ הויף. אָבער אַן אַרענדע פאָדערט היפּש געלט — מוז איך דינגען אַ קרעטשמע אָדער אַ פאַקט און שטאַרבן אַ ישובניק אין דאָרף...

בקצור, איך פאַר אַהיים. דער מומען איז אַפילו איינגעפאַלן, איך זאָל פאָרן קיין וואַרשע. וואַרשע איז אַ גרויסע שטאָט. דאָרט האָבן מיר אַ פעטער, רעם זיידן ר׳ לייזערס אַ ברודער, איינער אַ ר׳ יהושע סעגאַל, אַ מענש אַ באַוואוסטער און אַ גוטער.

ער וועט מיך זיכער איינאָרדענען. ווייטער האָבן מיר דאָרט נאָך קרובים.

— אַזאַ פאַמיליע אָהן עין־הרע, לויטער גרויסע יחסנים, — זאָגט די מומע — וואָלסט באַראַרפט, האַצקל, פאָרן אַהין. אַזוי איז מיין עצה.

זאָג איך, אַז פריהער מוז איך פאָרן אַהיים צום ווייב און מיט איר זיך מישב זיין. לאָמיך הערן, וואָס זי וועט זאָגן.

— אדרבה, אדרבה, פאָר זיך מישב זיין מיטן ווייב — האָט די מומע גערן צוגעשטימט.

די מומע האָט מיך נישט געוואָלט לאָזן פאָרן צוריק אַהיים מיט די בעלי־עגלות.

— מיט דער פּאָסט וועסטו פאָרן, חאַצקל. מיט דער פּאָסט פאָרן די גבירים און עס איז לייכט.

אַזוי איז געווען. זי האָט שוין אויסגעזוכט איינעם אַ פּאָדראַדטשיק און מיר זיינען ביידע געפאָרן. געצאָלט האָבן מיר צו צוועלף רובל פון אַ פּאַרשוין. אין אַ מעת־לעת צייט זיינען מיר געקומען קיין בריסק. די מומע, פאַרשטייט זיך, האָט מיר מיטגעגעבן אויפן וועג פון אַלע גוטע זאַכן, און די איצטיגע נסיעה קיין בריסק, כּנגד דער נסיעה פון בריסק קיין ביאַליסטאָק, איז בּאַ מיר געווען ריכטיג, ווי דער גן־עדן אַנטקעגן דעם גיהנום, לויט מיינע מלמדים האָבן זיי געשילדערט. עס איז טאַקע געווען אַ גן־עדן. נאָר אין איין פּרט איז מיר איצט געווען פיל ערגער. פאָרנדיג מיטן בעל־עגלה, האָב איך געהאַט אַ סך זיסע האָפענונגען מכּח שטודירן און אויסשטודירן, און איצט פאָר איך אָהן האָפענונג און אויפן האַרצן איז וויסט און פּוסט, ווי אין אַסיען אויף די פעלדער.

געקומען קיין וואָכנאָוויטש בין איך אַרום צוועלף אַזייגער בּאַנאַכט. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. דעם טאַטנס שלאָפצימער איז געווען נעהענטער צום טיר. אַז דער טאַטע האָט דערהערט מיין קול, האָט ער נישט געוואָלט גיין עפענען, און אַז איך האָב אָבער לאַנג געקלאַפּט, האָט ער אויפגעוועקט מיין שוועסטער און געהייסן, אַז יענע זאָל אויפוועקן מיין ווייב — און מיין ווייב זאָל עפענען. איך האָב דאָס אַלץ געהערט אונטערן טיר, און עס איז מיך בּאַפאַלן עפּעס אַ מאָרנע פיינליכקייט.

דאָס ווייב האָט מיר געעפנט די טיר און תּיכּף אויסגעבראָכן מיט אַזאַ גרויסן געוויין, אַז איך האָב מיר גאָר דערשראָקן. דאָס איז געווען אַ דאָפּלט געוויין: אויף דעם, וואָס איך בין נישט געווען, און דערויף, וואָס זי האָט מיך ערשט דערזעהן. אַ געוויין פאַר שמערץ און אַ געוויין פאַר שמחה.

כּדי אָפּצופאַרטיגן זיך מיט אירע טרערן, האָב איך איר אָנגעהויבן דערציילן ווי דער מומעס שוואָגער האָט מיך אין בריסק „אָפּגענאַרט“ און געזאָגט, אַז ווען איך וועל קומען, וועט מיר די מומע געבן אַ געשעפט, בעת זי, די מומע, האָט מער נישט געזאָגט, אַז זי וואָלט מיך סתּם געוואָלט זעהן. זי האָט נישט קיין צייט אָפּצופאָרן פון דערהיים, וואָלט זי געוואָלט, איך זאָל קומען צו איר. זי וועט מיר אומקערן די הוצאות. דערמיט האָט זיך אויסגעלאָזט די גאַנצע רייזע מיינע. אַז מיין ווייב האָט זיך עטוואָס בּאַרוהיגט, האָב איך איר דערציילט, אַז מיין מומע ראָט מיר פאָרן קיין וואַרשע. מיר האָבן דאָרט אַ גרויסע פאַמיליע פון יחסנים, וואָס וואָלטן

מיר באַהילפיג געווען, און איך וואָלט מיך געקאָנט דאָרט איינאָרדענען א. אַז. וו.

אַזוי האָב איך געשמועסט מיטן ווייב.

דער טאַטע, וואָס איז געווען זעהר צופרירן דערפון, וואָס איך האָב פאַר־לאָזט די אַפיקורסישע שטאָט, האָט זיך באַצויגן צו מיר בעסער. ער האָט, אַפנים, באַשלאָסן אויפצופירן זיך מיט מיר גאָר אַנדערש. ביז אַהער איז ער געווען אַלץ פון ווייטן מיט מיר, איצט האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס טויג לחלוטין נישט. און ער האָט אָנגעהויבן זיך דערנעהענטערן — גאָר אַן אַנדער טאָן, גאָר אַן אַנדער מינע, פריינטליכער, וואַרעמער, באַהאַרצטער.

— דו דאַרפסט עפּעס זעהן אַ געשעפט — האָט ער געזאָגט — אַ פאַקט, אַ קרעטשמע, צי וואָס.

— אָבער, טאַטע, — האָב איך זיך עטוואָס געווערט — בין איך דען בטבע אַ געשעפטס־מאַן? קאָן איך דען טויגן פאַר אַ דאָרף־עסק? מיר ווילט זיך וואַרשע, טאַטע. אין וואַרשע וועל איך זיך איינאָרדענען. אַזוי פיל קרובים.

גרויסע שטעט האָבן געשראָקן דעם טאַטן, און ער האָט מיר באַלד נישט געגעבן זיין הסכמה דערויף. ער האָט זיך מישב געווען מיטן זיידן. דער זיידע האָט סתם געראָטן איבערוואַרטן ביז זומער, ביז יאָהאַן־צייט. דעמאָלט מאַכט מען קאָנטראַקטן אויף מאַיאָנטקעס, וועט זיך אפשר מאַכן צו דינגען אַ קליין מאַיאָנטיקל. עס וועט אַפילו צופעלן געלט, נאָר מען וועט זיך מוזן אַן עצה געבן.

בין איך פאַרבליבן אין וואַכנאָוויטש. איך האָב זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיטן טאַטנס הויף, אַוועקגעוואָרפן מיינע ביכער מיט די חקירה־ספרים, וואָס איך פלעג שטענדיג לייענען בשתיקה, ווען דער טאַטע איז געווען פאַרנומען. און אַזוי זיינען אַוועק עטליכע חדשים. איך בין דעם טאַטן זעהר צוניץ געקומען; ער האָט שוין אָנגעהויבן צו פאָרן אָפט קיין קאָמעניץ, אַביסל זיך דורכשמועסן מיט זיינע חסידים און דערווייל איבערגעלאָזט אויף מיר די גאַנצע אַרבעט פון הויף. מיט מיין אַרבעט איז ער געווען זעהר צופרירן. איך האָב זיך געפלייסט און געמאַכט אין הויף נייע אָרדענונגען. וואָלט ער צו דעם הויף נישט געהאַלטן קיין שותף, וואָלט ער מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט, דער שותף ר' יעקב, אַ איד אַ גביר, אפילו אַ פּראָסטער מענש, אָהן תורה, נאָר זעהר אַן ערליכער מאַן, האָט אַריינגעלעגט אַ היפשע סומע געלט אין הויף, און זיינע זין און איידעמס האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרק מישן אין די הויף־ענינים. דאָס איז געווען נישט זעהר באַקוועם. אגב האָב איך שוין צוליב דעם קיין אָרט נישט געהאַט. די יונגעלייט האָבן אָנגעהויבן צו זאָגן גרויסע דעות, און איך האָב אָ פּ גע ט ר אָ ט ן. דער טאַטע „אַלס זעהר אַ גוטער געשעפטס־מאַן" האָט

מיך דערפֿאַר געלויבט... איך בין, הייסט עס, אַ רוהיגער מענש און קאָן אָפּטרעטן דעם וועג למען השלום. די יונגעלייט האָבן אַפּילו פֿאַרשטאַנען ווייניגער פֿאַר מיר און האָבן אַפּילו אַ קלענערן חלק געהאַט פֿאַר אונז, נאָר איך האָב איינגעזעהן, אַז ווען איך זאָל אַרבעטן מיט זיי צוזאַמען, וועט מען זיך מוזן קריגן.

צו „יאָהאַן־צייט" איז דער זיידע אומגעפֿאָרן צו אַלע זיינע באַקאַנטע פּריצים זוכן אַ קליין מאַיאָנטיקל פֿאַר מיר — און האָט נישט געפֿונען. דערווייל איז אַוועק דער זומער. עס איז שוין גאָט צו דאַנקען ר״ח אלול און קיין הויף פֿאַר מיר איז נישטאָ. דער זיידע האָט מיר אַפּילו געזאָגט, אַז אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט געדרונגען אַ גרעסערן הויף, נישט קוקנדיג אויף זיין קליינעם קאַפּיטאַל, ווי אַלע אידן טוען; נאָר איך האָב באַין אופן נישט געוואָלט באַלד, לכתחילה, נעמען אַ געשעפֿט אויף שווינדל. האָב איך זיך דערפֿון אָפּגעזאָגט. ווי באַלד אַז אַזוי, האָב איך אָנגעהויבן ווייטער צו ריידן מכח פֿאָרן קיין וואַרשע... אין מיר האָט זיך גענומען דערוואַכן דער גלות־איד: וואַנדערן, וואַנדערן, וואַנדערן...

דער טאַטע האָט דאָך איינגעווילינגט. איך מעג פֿאָרן קיין וואַרשע. ער האָט זיך געשטיצט אויף אונזערע יחסנישע קרובים. יענע וועלן מיך היטן, נישט לאָזן אַראָפּ פֿון גלייכן וועג.

דעמאָלט זיינען שוין געווען צוויי באַנען באַ אונז: וואַרשע — פּעטערבורג און וואַרשע — טערעספּאָל. פֿון בריסק קיין וואַרשע האָט געקאָסט דריי רובל באַן־געלט. פּטור געוואָרן פֿון די בעלי־עגלות. איך האָב זיך אויסגעקליבן אין וועג אַריין חצי אלול און בין געווען זיכער, אַז דער טאַטע וועט שוין איצט אַביסל מקרב זיין מיין ווייב. איך פֿאַר דאָך מיט זיין וויסן, און ער האָט קיין מורא נישט פֿאַר וואַרשעווער אַפּיקורסות: די קרובים, די קרובים!...

---

# קאַפּיטל IV

**אין וועג. — דער צוג. — דער ערשטער „אוראָק“. — מיין פעטער ר׳ יהושע. — זיין הויז. — איך זוך פּרנסה. — עס האַלט בּאַ מלמדות. — וואַרשע. — חברה ש״ס. — חברה שומרי שבת. — ליטוואַקעס. — דעם פעטערס קינדער. — איך ווער אַ מלמד. — אַ מלמד זאָל נײַן איבּערן גאַס אין מיטן טאָג. — ווידער אין וועג אַריין. — מאַקאַראָוויטש.**

איך בּין געפאָרן קיין וואַרשע אַבּיסל רוהיגער ווי קיין בּיאַליסטאָק. פון מיין שטודיום האָב איך זיך מיאש געווען. דאָס איז שוין מיר אינגאַנצן אַרויס פון די געדאַנקען. אין וואַרשע, האָט זיך מיר געדוכט, וועל איך געפינען נעבּן דער פאַמיליע עפּעס אַ פּרנסה.

דער צוג, נייע מענשן, נייע קליידער — דאָס אַלץ איז פאַר מיר געווען גאָר אומבּאַקאַנט, און טאַקע אין צוג זיצנדיג, האָב איך בּאַקומען דעם ערשטן „אוראָק“ פון אַ גרויסער שטאָט. אַנטקעגן מיר אין צוג איז געזעסן אַ איד, שיין געקליידעט מיט אַ בּריליאַנטענעם רינג אויפן פינגער. ער האָט מיך געפרעגט, וואו איך פאָר.

— אין וואַרשע — זאָג איך.

ער האָט, אַפּנים, פאַרשטאַנען אָן מיר, אַז איך בּין אַ „פּריץ“, אַ בּית־מדרש־אינגל, האָט זיך אים פאַרוואָלט אַבּיסל חוזק מאַכן פון מיר, פרעגט ער:

— וואָס איז אייער פאָרן קיין וואַרשע?

זאָג איך:

— זוכן געשעפט.

זאָגט ער:

— איר האָט דאָרט עפּעס אייגענע קרובים?

זאָג איך:

— אַ פעטער.

— ווער איז אייער פעטער?

— ר׳ יהושע סעגאַל...

— ווי, זאָגט איר, ר׳ יהושע ? אַ רוח אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין!

און האָט זיך גראָב צעלאַכט. דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אויף דער וועלט מוזן זיין נאָך אַנדערע מענשן, גאָר נישט ענליך אין די גוטע נאַאיווע קאַמעניצער און בריסקער אידעלאַך, און אַז מען דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט זיי.

פאַרפאָרן בין איך אין וואַרשע צום פעטער, טאַקע צום זעלבן ר׳ יהושען, וועמען מען האָט געשאָלטן אין טאַטן אַריין. איך קום אַריין און שטעל מיך פאָר: פון קאַמעניץ בין איך, ר׳ לייזערס גראָדנער מורה־הוראהס אַן אייניקל. דער פעטער ר׳ יהושע, אַן אַלטער מאַן, גיט מיר שלום און בעט מיך זיצן און פרעגט באַ מיר, וואָס מאַכט זיין ברודער, דער קאַמעניצער רב, וואָס איז, ווי איך האָב שוין געשריבן אין מיין ערשטן טייל, געשטאָרבן אין דער גרויסער כאָלעריע אין 65־טן יאָר, דאָס הייסט מיט צוויי יאָר צוריק.

איך האָב אים נישט געוואָלט מצער זיין וועגן זיין ברודערס טויט און האָב אים אָפּגעגעבן אַ הייסן גרוס פון קאַמעניצער רב, פאַר וועמען איך האָב געלייענט, כּדי ער זאָל נישט בלינד ווערן אויף זיינע אויגן. דעם פעטערס הויזגעזינד, וואָס האָט געוואוסט פון דעם רבס טויט, איז מיר זעהר דאַנקבאַר געווען פאַר מיין „גוטן״ ליגן. מען האָט מיך וואַרעם אויפגענומען.

דעם פעטערס הויז איז מיר זעהר געפעלן געוואָרן. דער פעטער אַליין, אַ איד אַ חכם, האָט זיך אָפּט באַשעפטיגט מיט בוררות. די גרעסטע גבירים, מיליאָנערן, וועלכע האָבן געהאַט צווישן זיך סכסוכים, פלעגן קומען צו אים זיך אויסגלייכן, נישט ווי דער שטייגער איז, אַז יעדער בעל־דבר נעמט זיך צו איין בורר און די ביידע בוררים קלויבן אויס אַ שליש, אַז יענער זאָל מכריע זיין צווישן די ביידע, — דער פעטער פּסקענט אַליין.

דער פעטער פלעגט אויך פאַרדינען פון שרוכים. ער איז געווען אַ גרויסער לאַנד־שרכן. געשטאַנען איז באַ אים אַן אייזערנער קאַסטן מיט אַ געוואַלדיגער סומע געלט —— פּאַפּירן און גאָלד, וואָס ר׳ זימל עפשטיינס קינדער האָבן ספּעציעל באַהאַלטן באַ אים, מחמת זיי האָבן זיך זעהר געקריגט צווישן זיך נאָך ר׳ זימלס טויט. זייער משפּט איז דערגאַנגען ביז פּעטערבורג, הוצאות אויפן קריג איז אַוועק מער פון הונ־דערט טויזנט רובל. אַז מען האָט זיך אָבער צו קיין טאָלק נישט דערשלאָגן, זיינען זיי צוגעפאַלן צו ר׳ יהושעלען, ער זאָל זיי אויסגלייכן.

איז ער געזעסן מיט זיי אין פּעטערבורג און האָט זיי „אויסגעגלייכט״. פאַר דעם שטיקל אַרבעט האָט ער גענומען פינף טויזנט רובל און אַלע זיינען געבליבן צופרידן.

אַ סך מענשן פלעגן קומען צו אים נאָך עצות. גבירים האָבן נישט געשלאָסן קיין שותּפות אָהן אים. בּאַ אים האָט מען געפרעגט אַ מיינונג װעגן געשעפט, און זיי זיינען געװען זיכער, אַז קוים האָט ר׳ יהושע מסכּים געװען אויף דעם שותּפות, װעט דאָס האַלטן אויף לאַנג. און אַזוי איז טאַקע געװען.

שבּת צו נאַכטס פלעגן זיך צונויפקומען צום פעטער גבירים, װאָס האָבן גאַנץ רוהיגע קעפּ, און האָבן פאַרבּראַכט אין װעלט־זאַכן. ער איז געװען, װי די מאָרע איז, אַ גרויסער פּאָליטיקער און איז געװען קלאָר אין אַלע גבירים, גרויסע סוחרים, האָט אויסגעצייכנט געװאוסט יעדנס כאַראַקטער בּאַ־זונדער און האָט געקאָנט פאָראויסזאָגן, װאָס פאַר אַ סוחר װעט שטיינן אַלץ העכער און פעסטער און װער ס׳װעט גיך פאַלן.

קיין שלעכטס האָט ער דאָס רוב אויף קיינעם נישט גערעדט. מען דאַרף היטן די צונג, האָט ער געהאַלטן.

געװען איז ער אויך קלאָר אין ש״ס און פּוסקים, און אין זיינע לשון־קודש־בּריף איז געלעגן אַ סך חכמה און װיץ. דערצו נאָך איז ער געװען אַ מזג־טוב און האָט בּאַ זיך קיינמאָל קיין געלט נישט געטאָרט האַלטן. און האָט ער געהאַט בּאַ זיך עטליכע הונדערט רובּל און עמיצער איז גראָד בּעת מעשה געקומען צו אים מיט אַ קרומער מינע, האָט ער געקאָנט יענעם דאָס געלט אַװעקגעבּן.

אַז ער האָט געהאַט בּאַ זיך געלט, האָט זיין װייבּ, װי דער שטיינער איז, שטאַרק אַכטונג געגעבּן אויף אים... זי האָט אים געקוקט אויף די הענט, אָבער שיין, שטיל און דיפּלאָמאַטיש.

בּאַם פעטער איז די ערשטע פרוי געשטאָרבּן, װען ער איז נאָך אַ יונ־גערמאַן געװען. מיט דער ערשטער פרוי האָט ער געהאַט אַ זון מיט אַ טאָכטער. זיין צװייטע פרוי איז געװען דעם װאַרשעװער סופרס אַ טאָכטער. זי, דאָס צװייטע װייבּ, האָט אים געאירצט דאָס גאַנצע לעבּן פון דער חתונה אָן.

— זאָל ר׳ יהושעלע גיין עסן... זאָל ר׳ יהושעלע דאָס, יענץ...

די קינדער פון בּיידע װייבּער זיינען געגאַנגען פאַר אים אויף די שפּיץ פינגער. האָט ער גערעדט, זיינען אַלע קינדער געשטאַנען װי חסידים פאַרן רבּין. זיינע צװיי טעכטער, פרײלינס, זיינען געװען זעהר פיין ערצויגן, און עס איז געװען זעהר אַנגענעם מיט זיי צו פאַרבּריינגען.

די עטליכע װאָכן, װאָס איך בּין אָפּגעװען בּאַם פעטער אין הויז, זיינען מיר טיף פאַרבּליבּן אין זכרון. איך האָבּ זיך געפונען װי אין אַ גן־עדן, צװישן שיינע, גוטע מענשן. איך האָבּ שטענדיג געמיינט, אַז איך בּין לפי

ערך אַן איידעלער יונגערמאַן; אין דעם הויז אָבער האָב איך רייטליך געזעהן, וואָס הייסט איידלקייט, פיינקייט.

באַ דעם פעטערס פאַמיליע האָב איך געהאַט חן. זיי האָבן געהאַט קריינקונג, וואָס איך בין נישט איינגעאָרדנט, וואָס איך האָב נישט קיין באַשעפטיגונג.

איינמאָל האָט דער פעטער געזאָגט:

— איך ווייס נישט, צי חאַצקל וועט טויגן פאַר סוחרות. ער האָט צופיל תּמימות פאַר סוחרות. ביז עס וועט זיך וואָס געפינען, וואָלט איך אים געראָטן נעמען זיך צו מלמדות... אין וואַרשע נויטיגט מען זיך שטאַרק אין ליטווישע מלמדים. אין וואַרשע קאָן מען גאַנץ פיין לעבן פון מלמדות...

און דער פעטער האָט פאָרזיכטיג אַ קוק געגעבן אויף מיר.

אין מיין פּנים האָבן זיך געביטן די פאַרבן: איך פיל, ווי עס ווערט ווייס און רויט, ווייס און רויט.

— מלמדות!... — האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ — ווי איז מיר...

דער פעטער האָט באַלד אָנגעהויבן דערציילן מעשיות פון פיל מלמדים, וואָס זיינען אין וואַרשע גרויס געוואָרן און זיינען איבערגעגאַנגען פון מלמדות צו גרויסע געשעפטן, גרויסע פאַבריקן א. אַז. וו. פיל פון זיי זיינען היינט גרויסע גבירים. ענערגישע מענשן ווערן אין וואַרשע נישט פאַר־פאַלן, נאָר שלימזלניקעס בלייבן אייביגע מלמדים. אַ מלמד — אַ מענש „שעצט" מען הי, און עס איז זיך נישטאָ מיט וואָס צו שעמען.

אָט אַזוי האָט דער פעטער פאַרגלעט דעם שווערן איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט מיט זיין מלמדות. דערביי האָט ער מיך ווידער פאָרזיכטיג אָנגעקוקט.

עס איז אָבער געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך. וואָרום קוים האָט דער פעטער געזאָגט, אַז מלמדות איז גוט, האָב איך געמוזט מרוצה ווערן... די נאַכט אָבער האָב איך נישט געקאָנט איינשלאָפן. איך האָב אַלץ געקלערט וועגן דעם: ווערן אַ מלמד, ווערן אַ מלמד... אָבער דער פעטער זאָגט, אַז עס איז גוט, העלפט נישט.

— פעטער — האָב איך אים אָנגעזאָגט — ווער איך אַ מלמד...

— זיי רוהיג — האָט ער געענטפערט — דיין כּבוד וועט דיר נישט געמינערט ווערן, נישקשה.

און פּלוצלינג, אין אַ שבּת באַטאָג, האָט מיר זיינער אַ זון אָנגעזאָגט, אַז דער טאַטעשי וויל מיך פאַרהערן אין לערנען. עס וועט קומען איינער אַ למדן, וועט ער מיך פאַרהערן. דאָס האָט מיר אויך נישט געשמעקט: פאַרהערן גאָר. אַ אינגעלע בין איך?

איידעלע מענשן אָבער קאָנען פֿאַרגלעטן, און מען האָט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז מען באַדאַרף וויסן, וואָס פֿאַר אַ תּלמידים קאָן איך אָננעמען. איך האָב מיך נישט געקאָנט ווערן און דאָס איז בײַ מיר אויך רעכט געוואָרן. אין אַ שעה אַרום איז געקומען אַ „שיינער איד״, אַן עלטערער מענש, און דער פֿעטער האָט מיך אַרײַנגערופֿן אין אַ באַזונדער צימער. מען האָט געבראַכט אַ גמרא בבא מציעא, דער איד האָט אָנגעוויזן גלײַך אויפֿן ערשטן פּרק: שנים אוחזין בטלית, די שיטה פֿון עד אחד, מיט די תּוספֿתן און מהרש״א. האָב איך געזאָגט פֿאַר אין ברירה און גאָר נישט שלעכט. ער האָט באַלד איבערגעגעבן ר׳ יהושען, אַז איך קען... דער פֿעטער איז געווען צופֿרידן און מיר איז אָנגעזאָגט געוואָרן:

— דו בלייבסט שוין אַ וואַרשעווער...

אַלזאָ, מלמדות.

איצט דאַרף איך פֿאַרבלײַבן אין וואַרשע ביז איבער סוכּות. דעמאָלט איז די רעכטע צייט פֿון נעמען קינדער. ביסלעכווייז האָב איך פֿאַרגעסן אָן דעם אַרטיקל „מלמדות״ און געוואָרן מונטערער.

און אַ מונטערער פֿלעג איך אָפֿט שפּאַצירן מיט ר׳ יהושעס זון חיים־לייזערן. דער ראָזינער חיים־לייזער האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט וואַרשע, מיט דער גאַנצער אידיש־וואַרשעווער געשיכטע, מיט די אַלע היגע מנהגים, מיט די חסידים און רבּיים. ר׳ יהושעלעס הויז, פֿאַרשטייט זיך, איז געווען מתנגדיש. ער האָט מיר אויך געוויזן אַלע היגע בתּי־מדרשים, און געדאַוונט האָב איך מיט אים אין דער ליטווישער ערשטער חבֿרה ש״ס אויף פֿראַנציסקאַנער גאַס. אין דעם ראָזינגן בית־המדרש האָבן געדאַוונט אַלע אָרטאָדאָקסיש־גבֿירישע יונגעלייט, וועלכע האָבן גענומען צו זעכציג, אַכציג טויזנט רובל נדן. אַ מאָרגנעם איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט די לאַנגע קליידער מיט די שטריימעלאַך און געדרייטע פּאהלאַך. יונגעלייט, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט קיין סימן פֿון קיין באָרד, זיינען געווען באַהאַנגען מיט שאָקלדיגע, גראָבע, לאַנגע פּאות, וואָס האָבן אויסגעזעהן ווי לעד־בעדיגע חיהלאַך. רייכערע יונגעלייט זיינען געגאַנגען אין אַטלעסענע לאַנגע קאַפּאָטעס מיט ווייסע זאָקן און פּאַנטאָפֿל. אַזעלכע יונגעלייט האָט מען באַגעגנט מאַסנווייז אויף די נאַלעווקעס, פֿראַנציסקאַנער און גזשיבאָוו; מיידלאַך אָבער זיינען געווען טיף רעקאָלטירט.

אין דער ראָזינער חבֿרה ש״ס, אין בית־המדרש, האָט מען שטענדיג געהאַלטן אין איין קריטיקירן די חסידים. דאָרט זיינען געווען די פֿאַר־ברענטסטע מתנגדים. די היץ פֿון די חסידים קעגן די מתנגדים איז איבער־געוואָרפֿן געוואָרן אַהער צו די מתנגדים קעגן חסידים. איינער, מיטן נאָמען אליהו, אַן אייניקל פֿון ווילנער גאון, אַ רייכער יונגערמאַן און אַ למדן,

איז געווען דער גאַנצער פירער פון דער חברה ש״ס־לייט. געטראָגן האָט ער אַ זיידענע ריפּסענע לאַנגע קאַפּאָטע, מיט ווייסע זעקעלאַך און שיינע פּאַנטאָפל. זיינע פּאות, נישט גאָר לאַנגע, נאָר געקרייזלטע, האָבן אים צוגעגעבן אַ באַזונדער חן. און מיט דעם ראָזיגן אויסערליכן חן האָט ער צוגעצויגן אַ סך זייטיגע מענשן.

אַ מתנגד איז ער געווען אַ פייערדיגער און האָט שטענדיג געלאַכט און חוזק געמאַכט פון די חסידים מיט די רביים. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם קרייזל בין איך שטאַרק צוניץ געקומען. איך האָב דאָך עפּעס אויך געקענט חסידים. און אַזוי איז פריילעך אַוועק די צייט. אַלע טאָג פאַרן דאַווענען אין דערפריה און נאָכן דאַווענען, און דערהויפּט צווישן מנחה און מעריב, בין איך שוין געווען אין רעכטן קנויל פון די יונגעלייט און געאַר־בעט מיט דער צונג אויף וואָס די וועלט שטייט. איך בין זיי אַזוי ווי צוגע־שיקט געוואָרן מן השמים, און זיי מיר אויך ראָסועלבע. דער עולם האָט געלאַכט פון די מופתים, פון די רביים, פון אַזעלכע גוזמאות, וואָס זיינען נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, און אַלע טאָג פלעגט מען ברייגגען צום קריטיקירן אַן אַנדער חסידישן ספר פון עפּעס אַ רבין.

נאָר ס׳איז געווען איין זאַך, וואָס האָט פאַראייניגט די ש״ס־יונגעלייט מיט חסידים. דאָס איז געווען דער ענין פון שומרי שבת. געווען אַ חברה „שומרי שבת״, וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל אָפּצוהיטן אידן פון חלול שבת. געוויינליך, האָט מען זיך געראַנגלט מיט די אָרימערע קלאַסן אידן — די שומרי־שבתניקעס האָבן אויף זיי געקאָנט אָנדריקן מער, ווי אויף די רייכערע.

די גרויסע חברה „שומרי־שבת״ האָט געהאַט אירע טיילן אין אַלע חסידים־שטיבלאַך, און יעדעס חסידים־שטיבל האָט זיך געטאָן זיין אַרבעט: מען האָט אויפגעקוקט דערויף, אַז מען זאָל נישט האַנדלען אום שבת, נישט קויפן און פאַרקויפן א. אַז. וו.

אַמאָל איז געווען נישט גאָר אַנגענעם צו צוקוקן, ווי אַ רייכער, זאַטער קעסט־איידעמל איז זיך נוקם אָן אַן אָרימער פינסטערער פּשעקופּקע, פאַרוואָס זי איז אַ רגע שפּעטער געשטאַנען מיט די קאָשיקעס.

ערב סוכות פאַרנאַכט איז אָנגעלאָפן אליהו אין בית־המדרש חברה ש״ס אַ פאַרסאָפּעטער, ווי עס וואָלט געברענט:

— עולם, די פּשעקופּקעס זיצן נאָך אין גאַס און לייזן געלט — האָט ער אויסגעשריען — גיכער לאָמיר זיי פונאַנדערטרייבן!

האָבן זיך אַלע זיירענע יונגעלייטלאַך אַ שאָט געטאָן אויף דער גאַס. איך בין אויך אַרויסגעגאַנגען זעהן, ווי אַזוי מען טרייבט די פּשעקופּקעס. דעמאָלט איז נאָך נישט געווען קיין קאַנאַליזאַציע, זיצן ווייבער אויפן

טראָטואַר, די פּיס אַראָפּגעהאָנגען אין רינשטאָק, איינע נעבן דער אַנדערער איבער דער גאַנצער לייִנג פון גאַס און פאַרקויפן די רעשטלאַך ווינטרויבן און אַנדערע פרוכטן, וואָס מען באַדאַרף צו יום־טוב. די סחורה, דעם אמת געזאָגט, איז שוין אַביסל צוגעפוילט, און וועט מען עס איצט נישט פאַרקויפן, וועט עס דערנאָך אַ גראָשן נישט ווערט זיין. די יונגעלייט אָבער האָבן אויסגעשאָטן די קוישן פרוכטן אין רינשטאָק אַריין. איז געוואָרן אַ מהומה, די פּשעקופּקעס וויינען און בעטן זיך:

— אָט שטייען דאָך סוחרטעס, וואָס ווילן דאָס אָפּקויפן, נאָר איין מינוטקעלע.

אָבער דער עולם האָט נישט געהערט.

איך האָב דאָס נישט געקאָנט צוזעהן, זאָג איך צו דעם אָנפירער:

— ר' אליהו, איר גייט גאָרנישט אַריין אין דער לאַגע פון די אָרימע פאַרביטערטע פּשעקופּקעס און טוט זיי אָן הזיק. עס וואָלט אפשר געווען גלייכער אויפלייגן זיך צווישן זיך פיל עס איז און באַצאָלן די פּשעקופּקעס פאַר זייערע רעשטלאַך, וואָס איבער יום־טוב וועט דאָס שוין גאָר קאַליע ווערן, און שיקן זיי אַהיים. גלאַט וואַרפן, שלײדערן — איז עפּעס נישט שיין...

אָבער מיט מיינע עטליכע ווערטער האָב איך מיך גאָר קאַליע געמאַכט אין זייערע אויגן. זיי האָבן געוואָרפן אַ חשד אויף מיר, אַז איך בין שוין אַביסל געכאַפּט אין דער מעשה.

זיי האָבן אָפּגעטאָן זייער אַרבעט און אַוועק צוריק אין חברה ש"ס. דאָרט האָט מען אָפּגעדאַוונט מעריב און געוואָלט מיט מיר פירן אַ ויכוח מכח דעם. דאַרף מען אָבער גיין אַהיים עסן, קעסט־קינדער, האָט מען אָפּגעלעגט אונ־זער ויכוח אויף מאָרגן, יום־טוב באַטאָג. אויף מאָרגן זיינען אַלע זיך צו־נויפגעקומען אין בית־המדרש, און עס איז אַוועק באַ אונז אַ ויכוח. איך האָב זיך פונאַנדערגערעדט אויף אַ האַלבער שעה צייט און אויפגעוויזן, אַז מיט אָרימע פּשעקופּקעס קאָן מען זיך פאָרט אַזוי נישט באַגיין און אַז נישט דאָס הייסט די אמתע עבודת־הבורא. מיט דער הילף פון ויכוח האָב איך מיר צוגעצויגן אַ גרויסע פאַרטיע, וואָס האָט איינגעשטימט מיט מיר, נאָר איינציגע פון די רייכערע און בתוכם דער ראש אליהו׳ זיינען געבליבן באַ זייערס, אַז זיי זיינען גערעכט על פּי דין און אַז איך בין שוין אַביסל אַראָפּ־געקראָכן פון וועג... אויך די פאַנאַטישע האָבן זיך ביסלעכווייז אָפּגעע־רוקט פון מיר. די ווידער, וואָס האָבן מיט מיר געהאַלטן, זיינען געשטאַנען פאַר מיר אייזן־שטאַרק, נאָר איך האָב פּאַמעליך איינגעזעהן, אַז מיין מלמדות וועט שוין ליידן צוליב דעם, ווארום מיט יעדן טאָג האָט מען זיך אַלץ מער דערווייטערט פון מיר. וויפיל דאַרף מען האָבן צו אַ שלעכטן שם?... צי האָב איך עס באַדאַרפט?

און אַזוי איז טאַקע געווען. איינינגע האָבן מיר טאַקע נישט אָפּגעגעבן די קינדער צוליב דעם, און פריהער האָבן זיי עס געוואָלט.

זייענדיג אין וואַרשע, האָב איך זיך באַקאַנט מיטן האַס פון די פּוילישע אידן צו די ליטוואַקעס — אַ האַס, וואָס דערמאָנט אָן צוויי קריגערישע פעל־קער און וואָס איז מיר ביז אַהער געווען לחלוטין אומבאַקאַנט. טוט אַ ליטוואַק אַן עולה, אַזוי באַשולדיגט מען גאַנץ ליטע, און די פאַר־אַכטונג צו דעם מאָגערן שטיק לאַנד, וואָס הייסט ליטע, איז גאָר אומ־באַשרייבליך.

פריהער, פאַרן אויפשטאַנד, אין 63־טן יאָר, האָט געהערשט אין וואַרשע דאָס טאָג־צעטל. יעדער פרעמדער איד, נישט קיין איינגעשריבענער אין וואַרשע, האָט געמוזט צאָלן פאַר יעדן טאָג פופצען קאָפּיקעס. עס פאַר־שטייט זיך, אַז מיט אַ יאָר זעכציג צוריק איז פופצען קאָפּיקעס געווען אַ צו גרויסע קאָנטריבוציע, און דעריבער זיינען אין וואַרשע געקומען גאָר ווייניג ליטוואַקעס. אָרעם איז דעמאָלט געווען די איינציגע שטאָט, וואו ליטוואַקעס האָבן געזוכט פּרנסה, כאָטש אָרעם איז פון ליטע ווייטער ווי וואַרשע. אַן אַנדער גרויסע שטאָט, וואוהין צו פאָרן, האָבן די ליטוואַקעס נישט געהאַט. אָבער אַזאַ ווייניגע צאָל ליטוואַקעס איז אויך פאַרהאַסט געוואָרן באַ די פּוילישע אידן, און קיין אַנדער נאָמען ווי ליטוואַק־חזיר האָבן זיי פאַר אים נישט געהאַט.

נאָכן אויפשטאַנד איז וואַרשע בּרייט געעפנט געוואָרן פאַר אידן, קיין קאָנטריבוציע האָט מען שוין נישט געצאָלט, און אַזוי ווי אין יענער צייט זיינען די ערשטע צוויי באַנען אין רוסלאַנד: וואַרשע — פּעטערבורג, וואַרשע — טערעספּאָל פאַרבּיינעפאָרן פאַרביי ליטע, זיינען, פאַרשטייט זיך, אין אַ משך פון עטליכע יאָר אָנגעקומען אַ היפּשע צאָל ליטוואַקעס, און דער האַס האָט זיך פאַרגרעסערט.

נאָר פאַרוואָס קומט דעם ליטוואַק דער נאָמען חזיר ? פאַרוואָס נישט רמאי, גנב, צי עפּעס אַנדערש ? דאָס דערקלערט זיך פּשוט. ליטע איז אַן אָרימע געגנט, קיין אינדוסטריע איז נישטאָ, די ערד איז אַ מאָגערע, אַ זאַמדיגע, די פּריצים אויך אָרימע, און אַז די ליטוואַקעס קומען קיין וואַרשע, לעבן זיי זעהר שלעכט, מאָגער, פינסטער, און עסן עסן זיי ברויט מיט אַ ציבעלע צי מיט רעטעך, צי מיט אַ קנאָבל און פאַרטרינקען מיט קאַלטער וואַסער. עס האָט גאָרנישט אויסגעמאַכט, צי מען האָט אַ סך פאַרדינט, צי ווייניגער. פונם אָרימען אַרט לעבן האָט זיך דער ליטוואַק נישט אָפּגע־ווינט, און אָט דערפאַר איז דער ליטוואַק געקרוינט געוואָרן פון די פּוילישע אידן מיט דעם נאָמען ליטוואַק־חזיר...

און דער נאָמען איז אים פאַרבליבן ער היום הזה, הגם די ליטוואַקעס האָבן שוין היינט אויך שכל גוט צו עסן און טרינקען, און אין דעם ענין לוקסוס טוען זיי נאָך וואַרשע אות באות: האָבן זעהר ליב פוץ און טעאַטער און טרענצלען געלט אויפן ברייטן שטייגער.

מיט דעם פעטערס קינדער פלעג איך אַריינקומען אין פאַרשיידענע הייזער. דאָרט האָט מען נאָר געטאָן און גערעדט פון ליטוואַק־חזיר, דערהויפּט די פרויען. יערע פרוי האָט דערציילט אַן אַנדער מאוסע מעשה אויף די ליטוואַקעס. מיט דעם איינעם טיטל אָבער זיינען נאָך די ליטוואַקעס נישט פאַרטיג געווען. זיי זיינען נאָך באַקרוינט געוואָרן מיט אַ שענערן טיטל — „ליטוואַק צלם־קאָפּ". דער טיטל איז אים געפאַלן פאַר זיין שטרעבן צו בילדונג. בעת די פּוילישע אידן זיינען געשלאָפן, און די גרעסטע ראָליע האָט באַ זיי געשפּילט נאָר דער רבי — זיינען באַ די ליטוואַקעס אַרויסגעשפּרונגען אַ סך משכּילים מיט קלינגענדיגע באָמבאַסטישע נעמען, וואָס האָבן געוועקט די פאַרשלאָפענע אידישע וועלט צו בילדונג.

אין וואַרשע איז אויך געווען אַ טייל אידן, וואָס האָבן זיך גענומען צו קולטור. אָבער שוין דעמאָלט האָט אין זיי אַרויסגעשפּראָצט דאָס געל־טויטע גרעזל פון אַסימילאַציע, און זיי זיינען געווען אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון די אָרטאָדאָקסן. זיי האָבן געטראָגן קורצע קליידער, די פרויען האָבן נישט באַדעקט דעם קאָפּ מיט אַ פּאַרוק און גערעדט האָבן זיי נאָר פּויליש, נישט קיין אידיש. די אָרטאָדאָקסן האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן דייטשן, אַ נאָמען, וואָס באַצייכנט זיי איידל פאַר גויים... די אָרטאָדאָקסן האָבן שטרייננג אָפּגעהיט, אַז זייערע קינדער זאָלן נישט ריידן און זיך נישט באַ־געגענען מיט די „דייטשישע" קינדער, כּדי די „דייטשן" זאָלן נישט מאַכן זייערע קינדער פאַר גויים.

אָבער די ליטוואַקעס זיינען אויסגעמישט. אויסערליך איז נישטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן די אָרטאָדאָקסן מיט די אינטעליגענטן. די לאַנגע קאַפּאָטע איז נישט געווען קיין שילד פאַרן אָרטאָדאָקס, און דער פרומער איד האָט זיך געקאָט גיין גאַנץ אייראָפּייאיש געקליידט. די השכּלה מיטן דת האָבן זיך לפי ערך געבונדן. דער לאַנג־געקליידעטער קאָן זיך זיין דער גרויסער אפּיקורס, און דער קורץ־געקליידעטער קאָן זיך זיין אַ גאַנץ פרומער איד.

עס פאַרשטייט זיך, אַז נאָך דעם פּוילישן אויפשטאַנד זיינען אָנגעקומען אַ סך ליטוואַקעס פון כל המינים, און די פּוילישע אידן האָבן נישט געקאָנט אונטערשיידן צווישן די ליטוואַקעס, וואָס ווער עס איז: צי אַ פרומער, צי אַ משכּיל, צי גאָר אַן אפּיקורס. האָבן זיי דעריבער שטאַרק מורא געהאַט פאַר די ליטוואַקעס, אַז זיי זאָלן נישט קאַליע מאַכן די פּוילישע אידן מיט

זייער השכלה און אפיקורסות; רעמאָלט איז אַרויסגעשוואומען דער נאָמען „ליטוואַק צלם־קאָפּ", כּדי מען זאָל זיך מיט זיי ווייניג חברן.
בילדונג איז איינס, קורצע קליידער — צוויי. קורצע קליידער און בילדונג — איז גויאיש, איז צלם־קאָפּ. דאָס איז דער מקור פונם צווייטן טיטל.
איך האָב שוין געזאָגט, אַז דעם פעטערס זון איז מיט מיר אָפטער געגאַנגען אין גאַס. און גייענדיג, פלעגט ער מיך שטענדיג קלאָר מאַכן אין קאָכיגן וואַרשעווער לעבן און פלעגט מיר שטענדיג פאַרענטפערן מיינע פּראָווינציעלע קשיות, מיט וועלכע איך פלעג אים פאַרוואַרפן.
איינמאָל, געדיינק איך, גייענדיג מיט אים אויף די נאַלעווקעס, האָב איך באַגעגנט ישראל־חיים פרירבערגס אַ זון, אַ בחור עפּעס יונגער פאַר מיר. געווען איז ער אָנגעטאָן דייטשמעריש. געוויינליך האָבן מיר זיך צעקושט און זיך פונאַנדערגערערט. ער האָט מיר דערציילט, אַז באַלד נאָכן אויפשטאַנד איז זיין טאַטע אַרויס קיין וואַרשע. זיי וואוינען איצט דאָ. דער יונגערמאַן האָט זיך דערפרייט מיט מיר און געבעטן מיך גיין מיט אים צו זיך אַהיים. זיין פאַמיליע איז געווען זעהר געטריי מיין פאַמיליע.
דאָס באַגעגעניש האָט מיך אויך זעהר דערפרייט, איך האָב אים צוגעזאָגט צו קומען. אַז מיר האָבן געענדיגט אונזער איילינגן און פריידיגן שמועס, האָב איך גענומען זוכן מיין קרוב. איך זוך און זוך — אָבער ער איז נישטאָ. איך קוק אין אַלע זייטן און געפין אים נישט. פרעג איך פרירבערגן:
— ווייסטו נישט, וואו דער יונגערמאַן איז אַהינגעקומען?
צעלאַכט ער זיך:
— ווייסטו דען נישט, אַז ווי נאָר ער האָט דערזעהן, אַז דו קושט זיך מיט אַ „דייטש", איז ער באַלד אַנטלאָפן, וואו פעפער וואַקסט...
איך האָב עס בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין. איך האָב זיך מיט פרירבערגן געשיידט און גענומען גיין אַהיים; ערשט דאָ איז צו מיר אונטערגעשפרונגען מיין קרוב און האָט מיר קאַטעגאָריש אָנגעזאָגט, אַז אויב איך וועל נאָך אַמאָל, גייענדיג מיט אים אין גאַס, באַגעגענען אַ דייטש און זיך אָפּשטעלן ריידן מיט אים, וועט ער, מיין קרוב, מער מיט מיר נישט גיין; וואָרום עס איז אַ גרויסע חרפּה פאַר אים צו שטיין מיט אַ דייטש, און אויב, זאָגט ער מיר, איך וויל אָננעמען די מלמדות אין וואַרשע, זאָל איך זעהן נישט צו באַגעגענען זיך מיט דייטשן און נישט צו האָבן מיט זיי קיין מגע ומשא. אַז די בעלי־בתּים וועלן פון דעם געוואָר ווערן, וועלן זיי באַלד באַ מיר אָפּנעמען די קינדער. איך מעג מיר אפילו זיין אַ גאון עולם.
דאָס האָט מיך מאָרנע אַראָפּגעוואָרפן פון מוט. מיין גאַנץ שטרעבן איז, אַז איך זאָל זיך קאָנען געפינען צווישן משכּילים און זאָל עפּעס דערווערבן

ווינסשאַפט, און דאָ דאַרף איך זיך גאָר אָפּשיידן פון יענע מענשן, צווישן וועמען איך וואָלט עס געקאָנט דערגרייכן. איך טאָר זיך נישט באַנוגענען מיט אַן אינטעליגענטן אידן.

אויף אַזאַ אופן איז דאָך מיר שוין גלייכער צו וואוינען אין דאָרף — כּאשר אבדתּי — אבדתּי, וואָס האָב איך צו טון אין וואַרשע? ווידער האָב איך אָנגעהויבן מיט ביטערניש צו קלערן, אַז איך דאַרף זיך נעמען צו דאָר־פישע געשעפטן, אַ קרעטשמע אָדער אַ פּאַכט, און אַ סוף זאָל דאָס ווערן. בעסער אין דאָרף אַ שטיקל מענש, איידער אין וואַרשע אַ גאָרנישט. אַלץ גלייכער ווי דאָ אין וואַרשע צו זיין אַ מלמד, אַ צבועניק, פירן זיך פאַנאַטיש צווישן פאַנאַטישע, וואָס איך קאָן דאָס גאָרנישט — איך האָב דערפון געגנוג געליטן פון טאַטן.

און עס האָט מיך אָנגעהויבן פּייניגן די חרטה. איך מאַטער זיך אַלץ און זוך אַ פּרנסה אין אַ גרויסער שטאָט — צו וואָס דאַרף איך דאָס! פאַר־פאַלן, אַ מענש קאָן מיט געוואַלד קיין זאַך נישט נעמען, און באַ מיר איז פאַרבליבן, איך זאָל פאָרן צוריק אַהיים...

אויספירן עס די מינוט האָב איך דאָך נישט געקאָנט: פאַר מיר איז שוין געווען צוגעגרייט אַ פאַרטיגע שטעלע פון מלמדות. מען קאָן קיין חזיר נישט זיין, מיין פעטער האָט געאַרבעט... מוז מען מאַכן אַן אָנהויב...

אַזוי איז אַוועק דער סוכּות. צו פרידבערגן, וועמען איך האָב באמת ליב געהאַט, האָב איך נישט געקאָנט גיין — עס האָט נישט געפּאַסט... מיין מלמדות האָט זיך שוין געשטיצט, גאָט צו דאַנקען, אויף זעקס גוטע אינגעלאַך, וואָס לערנען גמרא מיט תּוספות, צו פופציג רובל אַ אינגל. פאַר אַ פּראָווינציעלן יונגענמאַנטשיק באַ אַמאָליגע יאָרן איז דאָס שוין געווען גאָר נישקשה.

איך האָב געדונגען אַ חדר אויף פראַנציסקאַנער גאַס און רינסטאָג, באַלד נאָך סוכּות, געזעצט זיך אויף דעם מלמדישן שטול. ניין אַזעלכע אין דערפריה זיינען געקומען די אינגלאַך מיט די סאַמעטענע היטעלאַך, אין ווייסע זעקלאַך מיט לאַנגע געדרייטע פּאהלאַך און האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום טיש. איך — אויבן אָן אויף אַ שטול. איך האָב אויפגעעפנט די גמרא בבא מציעא און האָב אָנגעהויבן... נאָר בזו הרגע האָב איך זיך... פונאַנדערגעוויינט. אַ ים מיט טרערן, מיט אַ פאַרכליפּעניש — און איך האָב געמוזט אַרויסלויפן פון שטוב. איך האָב זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון וויינען. אַז פאַראינטערעסירטע פאַרביינייער האָבן געפרעגט, וואָס וויין איך, האָב איך קוים אַרויסגערעדט:

— אַ קינד איז באַ מיר שטאַרק קראַנק...

לסוף האָב איך זיך פאָרט געשטאַרקט, אַריין צוריק אין חדר און גענומען לערנען. געווען אַ פּאָר אינגלאַך מיט זעהר שווערע קעפּ, און איך האָב זיך באַראַרפט גוט אָפּעסן דאָס האַרץ, איידער איך האָב זיי אַריינגעשטאָפּט דעם עמוד גמרא אין קאָפּ אַריין. ווי עס ווייזט אויס, האָט מען מיך אָפּ־געגנאַרט, מען האָט מיר צופיל פאַרלויבט די קינדערשע קעפּלאַך.

דאָנערשטאָג באַטאָג בין איך געגאַנגען זיך עפּעס קויפן. דאָס האָט גע־דויערט אַ פּאָר שעה צייט. די אינגלאַך האָב איך געלאָזט אין חדר און זיי געזאָגט, אַז אין אַ שעה אַרום וועל איך קומען. און אַז איך בין באַלד נישט געקומען, זיינען די צעלאָזענע אינגלאַך אַוועק אַהיים און דערציילט די מאַמעס, אַז דער רבי איז אַוועקגעגאַנגען באַלד אין דערפריה אין גאַס אַריין „קויפן סחורה" און איז נאָך נישטאָ. אגב האָט מיך אין גאַס באַגעגנט אַ בעל־הביתטע. דאָס איז בײַ איר מסתּמא געווען דאָס גרעסטע פאַר־ברעכן: אין מיטן טאָג, אין דער צייט פון לערנען. איז שוין שנעל באַקאַנט געוואָרן בײַם פעטער אין שטוב, אַז איך גיי גאָר אַרום שפּאַצירן אין גאַס, איז מען דאָרט נשתּומם געוואָרן:

— ס'טייטש, אַ מלמד זאָל גיין איבער די גאַסן אין מיטן טאָג!....

דאָס איז געווען דער ערשטער שאָס אין מיין מלמדות.

אויפן האַרצן איז מיר געווען קאַלעמוטנע, וואָס צו אַנדערן האָב איך שוין סיי ווי סיי נישט געהאַט, בין איך אַוועק צו פרידבערגן און האָב אים דער־ציילט פון מיין מעמד באריכות א. אַז. וו.

— איצט בין איך, ברודערקע, אַ מלמד — האָב איך זיך געקלאָגט — פיין אויסגעפירט.

פרידבערג האָט מיך אויפמערקזאַם אויסגעהערט און דערנאָך אויפגע־געבן אַ גאַנצן פּלאַן. דהיינו, איך זאָל פאָרן קיין מאַקאַראָווצי, גראָדנער אויעזד, דאָרטן וואוינט מיינער אַ קרוב, אַ רייכער בחור, וואָס איז אַ פאַר־וואַלטער בײַ אַ פּריצטע אין די מאַיאָנטקעס. ער איז זעהר אַ גוטער מענש און אַ משכּיל, און בײַ אים וועל איך זיך געווים איינאָרדענען. דאָס איז מיר זעהר געפעלן געוואָרן. איך האָב זיך באַלד אָפּגעזאָגט פון מלמדות.

דער פעטער האָט אפילו געזאָגט, אַז דאָס איז אַ נאַרישקייט, וואָרום פיל וואוילע יונגעלייט וואַלגערן זיך אָפּ אין וואַרשע יאָרן־לאַנג, ביז זיי קריגן אַזאַ מלמדות.

— נשקשה, מלמדות איז אַ סחורה — האָט ער מיט מיר איינגעטענעט — געדיינק, אַ שאָד צו לאָזן דאָס קנעלן.

אָבער מיין פאַנטאַזיע איז שוין געווען ווייט. און דעם פעטערס ווערטער זיינען געווען אַרויסגעוואָרפן...

---

# קאַפּיטל V

מיין פעטער חנא מטות.—גאָר אַן אַנדער הויז.—רוהיגקייט.—סענדער ראָזענבלום.— מען גיט מיר צו האָפּענונגען. — די פריצטע ליובאָוויטשאָווע. — ראָזענבלומס ענער־ גיע. — זיין ליבע צו דער פּריצטע אָדער פאַרקערט. — לייט לאָבן דאָס. — מען אַרבעט. — איך בלייב אין מאַקאַראָווצי.

אין אַ שיינעם צי אַ מאוסן פריהמאָרגן האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אין גראָדנער אויעזד. אַז איך בין געקומען קיין קרינקי, איז מיר נישט געבליבן קיין איין גראָשן אין קעשענע צו דערפאָרן קיין מאַקאַראָווצי, אַכט וויאָרסט וועג. איך האָב זיך אַרומגעפרעגט אין קרינקי אויף סענדער ראָזענבלום פון מאַקאַראָווצי. האָט מען מיר איבערגעגעבן נישט מער און נישט ווייניגער, אַז די פריצטע האָט זיך איינגעליבט אין אים. זי איז אַפילו אַן אַלטע, אָבער דערפאַר האָט זי אים אַוועקגעגעבן, אויסער ליבע, אַ פאַרמעגן פון אַ הונדערט טויזנט רובל. ער ווידער, האָט מען דערציילט, איז אַ גרויסער אַפּיקורס, נאָר זעהר אַ גוטער, אַן אָרנטליכער און אַ גרויסער בעל־צדקה.

רינג איך אַ פור קיין מאַקאַראָווצי. כדי צו באַצאָלן דעם בעל־עגלה פאַר דער פור, האָב איך אין קרינקי פאַרזעצט אַ מלבוש. אין מאַקאַראָווצי האָט מיך דער בעל־עגלה פאַרפירט צום פעטער חנא מטות, סענדערס פאָטער און מיין באָבע ביילע ראַשעס אַ ברודער, וואָס האָט געוואוינט אין אַ באַזונדער הויז, נעבן הויף, מיט אַ טאָכטער אַ גרושה. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך בין ביילע־ראַשעס אַן אייניקל און מען האָט מיך וואַרעם אויפגענומען.

דער פעטער איז אַ איד אַ למדן, אַ משכיל, און זעהר אַ באַראַכטער, אַ געלאַסענער, וואָס קאָן זאָגן אַ גוטן וויץ, אַז יענעם זאָל אַ שטאָך טון אין דער זיבעטער ריפּ. שוין אַ פּאָר יאָר, אַז ער איז בלינד. די פּאַרע פון דער קרינקער באָד האָט אים איינמאָל פּלוצלינג בלינד געמאַכט; ריידן איז אָבער מיט אים זעהר אַנגענעם געווען. די טאָכטער איז אַפילו זעהר אַ העסליכע, נאָר אַ קלוגע און אַ פּראַקטישע.

אויס שטאָט — ווירער פעלר און וואַלר אוּן גוטע, אויפריכטיגע, פשוטע קליינשטעטלדיגע אידן — און איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט. איך האָב גאָר פאַרגעסן אָן מיינע צרות; דער פעטער, ווידער, האָט זיך באַזונדערס געפרייט מיט מיר, וואָס ער וועט האָבן מיט וועמען צו פאַרברייינגען די צייט. איך האָב אים דערציילט וועגן וואָס איך בין געקומען.

דער פעטער האָט עס איבערגעגעבן דעם זון און האָט מיר געהייסן וואַרטן.

— עס וועט זיין גוט — האָט ער מיר צוגעגעבן גרויסע האָפענונגען.

אין אָוונט זיינען געקומען סענדער מיט דער פריצטע. איך האָב די אייגענע אויגן נישט געגלויבט. סענדער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציג, איז געווען ווירקליך שיין, און די פריצטע, אַן עלטערע פרוי, האָט געקוקט מיט יונגע לעבעדיגע אויגן און זיך געהאַלטן גאַנץ פראָסט, הגם אויך כיטרע.

זיי האָבן גערערט צו מיר פּויליש, וואָס איך האָב, לײַרער, נישט פאַרשטאַנען. איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו זיי. פאַרבראַכט האָט מען בײַ אַ שעה צייט. דער פעטער האָט זיי אַרויסבאַגלייט פון שטוב און שטילערהייט אַ טאַפּ געטאָן אין וואָגן וועגן מיר. דערויף האָט ער פון זיי אַרויסגעקריגן, אַז איך וועל זיי זיכער צוניץ קומען. זיי דאַרפן האָבן אַ יונגענמאַן. דער פעטער האָט מיר איבערגעגעבן די ווערטער. אין שטוב איז דאָ אַ סך מנוחה, אַ קלוגער און אַ געבילדעטער איר, דערבײַ שטייט מיר פאָר אַ גוט געשעפט — וואָס פעלט מיר נאָך?

אין די ווינטערדיגע לאַנגע אָוונטן האָט מיר דער פעטער דערציילט וועגן זיין זון. זיין זון האָט געענדיגט אַ קליינע רעגירונגס־שול. ער איז געווען זעהר אַ פייהיגער בחור צו שפּראַכן און אַ פלייסיגער, האָט ער זיך אויס־געלערנט פאָלקאָם גוט די שפּראַכן: רוסיש, דייטש און פּויליש, וואָס אין בריסק איז זי געווען די הויפּטשפּראַך. אַז דער זון איז אַלט געוואָרן צוואַנציג יאָר, האָט דער פעטער געבעטן אהרן־לייזערן, ער זאָל געבן דעם זון אַ שטעלע אין אַקציז, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. דער זיידע אהרן־לייזער האָט אים געקריגן אַ שטעלע פאַר אַן אויפזעהער אין אַ ברויז בײַ אַ פּריץ אין אַ הויף. ער האָט דאָרט בײַם פאַרוואַלטער נושא חן געווען. און ווען דער לעצטער איז אַריבער אין גראָדנער אויעזר, האָט ער סענדערן גענומען מיט זיך און געגעבן אַ גרעסערע שטעלע. באַזעצט האָט ער זיך אין קריניקער הויף, נעבן סאַמע שטאָט, וואָס דער שליאַכטיטש ליובאָוויטש האָט דאָס געהאַלטן אין אַרענדע. ליובאָוויטש איז געווען זעהר אַ רייכער מאַן, פון אַ צווײ מאָל הונדערט טויזנט רובל, נאָר זעהר אַ פּראָסטער. אַליין פלעגט ער גיין באָרוועס אין הויף און די פּריצטע אויך

ראָסועלבע. פאָרנדיג איבער די פעלדער, פלעגט ער האָבן פולע קעשענעס מיט געקאָכטן אַרבעס און עס עסן אויפן וועג.

זי, די פריצטע, איז געווען פון הויכן יחוס. איר ערשטער מאַן איז געווען אָבער־רעוויזאָר אין גראָדנער גובערניע. נאָך דער אָבער־רעוויזאָר איז קראַנק געוואָרן אויף סוכאָטע און האָט פיר יאָר געקרייינקט. געשטאָרבן איז ער זעהר אָרים. זי האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו לעבן. אַ פרוי איז זי אָבער זעהר אַ קלוגע, און אַז דער יוסטיץ־מיניסטער איז געווען אין גראָדנע, ווען דער מאַן אירער האָט געלעבט, האָט ער באַ זיי פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה צייט און האָט באַוואונדערט איר שכל. ער האָט איר צוגעזאָגט פאָרצושטעלן פאַר דער קיסרין.

זי האָט לאַנג געוואַרט אויף דעם מיניסטערס צוזאָג, אָבער דער מיניסטער איז אין גיכן אַוועק אין דימיסיע. זי איז נאָכן מאַנס טויט זעהר פאַראָרימט געוואָרן און באַ איר איז פאַרבליבן צו גיין ערגעץ אין אַ הויף פאַר אַן עקאָנאָמקע; דערווייל האָט זיך איר געמאַכט דער שרוך מיט דעם רייכן ליובאָוויטשן, אַן אַלטן מאַן, אָבער זי האָט איינגעוויליגט: פאָרט בעסער צו זיין אַ בעל־הביתטע פאַר זיך, איידער צו דינען באַ אַ פרעמדן. אַ קלוגע און אַ געשיקטע פרוי, האָט זי זיך איינגעאָרדנט אַזוי, אַז דער מאַן איז איר געווען געהאָרכזאַם, ווי אַ קליין קינד.

ער איז געווען קאַרג, האָט זי זיך עפנטליך אויך געפירט אַזוי, אויסערליך געשטימט, אָבער פאַרבאָרגענערהייט געטאָן, וואָס זי האָט געוואָלט. איבעריגנס, זי איז אויך געווען גענוג קאַרג.

סענדער איז אָנגעקומען צו איר אין הויף אַלס אויפזעהער אין ברויז.

אין אַ צייט אַרום איז ליובאָוויטש געשטאָרבן און האָט איר געלאָזט ירושה פערציג טויזנט רובל. אַ דרייסיג טויזנט האָט זי געהאַט פון פריהער. ליובאָוויטשעס זון, אַ דאָקטאָר לויט פּראָפעסיע, האָט איבערגענומען דעם הויף און זי האָט געדונגען מאַקאַראָווצי באַם פריץ דאָבראָזשינסקי, וואָס איז געווען אַ גרויסער שאַרלאַטאַן און אַ לייכטזיניגער. ער האָט איר פאַרדונגען דעם הויף אויף פיר און צוואַנציג יאָר, און דערפאַר וואָס זי האָט אים אָפּגעצאָלט מזומן געלט, האָט ער עס איר אָפּגעגעבן זעהר ביליג מיט אַ חוב פון פופצען טויזנט רובל אויפן הויף נאָך די פיר און צוואַנציג יאָר. איצט איז אַלץ איבערגעגעבן געוואָרן אין אירע הענט. ראָזענבלום האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַקציז און געוואָרן איר עקאָנאָם. דאגהן ווען אַקציז האָט ער נישט געהאַט וואָס, וואָרום סיי ווי סיי איז אין אַ קורצער צייט אַריבער דער אַקציז צו קאַזנאַ, און אַלע אירן כמעט זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן.

ראָזענבלום האָט זיך גענומען פעסט צו דער ווירטשאַפט. ער האָט אָנגעהויבן צו בעלי־ביתעווען מיט אַלע כּלים. זעהר אַ טיכטיגער און אַ פייהיגער מענש, האָט ער געקאָנט ברייגנען אַ הויף אין אָרדענונג. טאָג און נאַכט האָט ער געאַרבעט. דער מענש האָט נישט גערוהט קיין איין מינוט, און כּדי צוצוגעבן די אַרבעטער מוט און קוראַזש, האָט ער געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן: די פּאַראָבקעס האָבן געפירט מיסט, האָט ער אויך געפירט מיסט; געפירט היי — האָט ער אויך געפירט; געלעגט, געלאַדעוועט, געאַקערט, געבאַראָנעוועט, געזייט, גע־שניטן, געדראָשן, געשאַרט מיט דער האַבליע אין שייער — אַלץ צוזאַמען מיט די אַרבעטער. ווינטער פלעגט ער אויפוועקן מיט דער לאַמטערנע אַלע פּאַראָבקעס, אַזיינער פיר פאַרטאָג, און גיין אין שייער אַרבעטן. ער האָט טאַקע געצאָלט די פּאַראָבקעס בעסערע פּרייזן.

דערפאַר איז בּאַ אים אויפגעטאָן געוואָרן אין דרייען ווי בּאַ אַנדערע, און בּאַנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט ער געגעסן מיט דער פריצטע אָוונט־ברויט און געלעזן רייטשע עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטליכע זשורנאַלן.

פאַר דעם פרוכט־גאָרטן האָט ער אַראָפּגעבראַכט גוטע גערטנער און האָט אויסגערייניגט די גאָרטן־וואַסערן, וואָס זיינען פריהער גאָר פאַר־לאָזט געווען. אין די פרישע וואַסערן האָט ער אַריינגעלאָזט די בעסטע און די טייערסטע פישן און דערביי אויסגעבויט אַ שיין קינסטליך בריקעלע מיט בלומען אַרום און אַרום. עס זיינען אויך צעשטעלט געוואָרן בּיינק אויף צום זיצן און האָט אַלץ בּאַניט און פאַרפיינערט.

אין די שטאַלן פאַר בהמות זיינען די ווענט אינעווייניג געווען גראָב בּאַלייגט מיט היי, אַז קיין שום ווינטעלע זאָל נישט אַריינדרינגען. דאָרט איז געווען וואַרעם ווי אין אַ שטוב. ער האָט אַיינגעקויפט אַ סך קי. אין אַ צייט פון דריי יאָר האָבן די פעלדער — אָנשטאָט פינף שאָק קאָרן און ווייץ פון אַ מאָרג — אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַכט שאָק, און ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ערטערווייז האָט די ערד געגעבן גאַנצע צוועלף שאָק. דאָס אַלץ איז געוואָרן אין דריי יאָר צייט.

די פריצטע האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון זיין אַרבעט, פון זיין פייהינקייט און פלייס. לויט איר מיינונג, האָט ער געהאַט אַלע מעלות: געשיקט, וואויל, אַרבעטספייהיג, דרייסט, מוטיג, שיין, אינטעליגענט, קלוג; ער קאָן אַרבעטן ווי אַ געבוירענער פּויער און קאָן זיך האַלטן ווי אַ געבוירענער גראַף; רעדט פּויליש ווי אַ געבוירענער וואַרשעווער פּאָלאַק און רוסיש ווי אַ „מאָסקוויטש".

די פריצטע האָט זיך אין אים פאַרליבט „איבער די אויערן", לויט שמר'ס אויסדרוק, און האָט אים אָפּגעשריבן איר גאַנץ פאַרמעגן...

אַפּנים, אַ משוגעת אויף איר אָנגעפאַלן. נאָר צוריקגערעדט, וואָס אַרט עס איר — איר „געליבטער" איז אַ מענש, נישט קיין שלימזל, און דאָס געלט וועט ברייננגען גענוג ריוח.

די פּריצטע האָט ליב געהאַט פערד. האָט מען געהאָרעוועט די בעסטע פערד. פערד זיינען געווען איר שוואַכקייט. פאַר אירם אַ פערד האָט מען אַמאָל געצאָלט געוואַלדיגע פּרייזן. די פערד — ריינע, זויבערע, שלאַנקע — פלעגט זי גלעטן ווי קינדער.

קאַרעטעס זיינען בּאַ איר געווען די פּ יי נ ס ט ע. זאָל זי מיר מוחל זיין, די קאַרעטעס זיינען געווען נישט אירע, נאָר דעם ראָבּראָזשינסקיס, זיין האָב און גוטס. איין שליטן, געדיינק איך, איז געווען אַ גרויסער, ווי אַ גאַנצע שטוב, געבויט פון ברעטער, אויסערליך באַרעקט מיט גוטן פיינעם לעדער, באַפּוצט מיט גאָלד און זילבער, און אינעווייניג אויסגעלעגט מיט טייערן סאַמעט און פאַרשיידענע באַפּוצונגען. די ראָזיגע קאַרעטע האָט געהאַט פיר ווינקלען מיט צוויי סאַמעטענע דיוואַנעס צום זיצן. צו דעם שליטן האָט מען געמוזט שפּאַנען זעקס גוטע פערד: געוויינליכע פיר פערד האָבן קוים געקאָנט שלעפּן אַזאַ מין „אָקרענט".

צו זיי פלעגן פאַרפאָרן אַ סך געסט, אַרומיגע פּריצים פון קריניק, פון סאָקאָלקע און פון ברעסטעוויץ. די דאָקטוירים מיט די פּאָסרעדניקעס און די מיראָוואָיע ריכטער און אַסעסערן א. אַז. וו. פון גראָדנע פלעגט דער איספּראַווניק מיט באַאַמטע קומען אָפּטער צו גאַסט אַמאָל מיט די ווייבער, אַמאָל אַליין און אָפּזיצן טעג און וואָכן.

די געסט האָט נישט שאָקירט ראָזענבּלומס אָפּשטאַמונג. אָדער מען האָט עס נישט געוואַנט אַרויסצווייזן. פאַר די סאַמע יחוסדיגע געסט האָט זיך ראָזענבלום געטאָן זיין אַרבעט. איבעריגנס, האָט זי זיך אויך געטאָן דאָס איריגע, פריי לאַווירנדיג צווישן אַ סך רייכע געסט. גע־טרונקען האָט מען בּאַ זיי כמעט ווי בּאַ אידן: קליינע קעלישעקלאַך, זיסע שנאַפּסן...

איך האָב שוין געזאָגט, אַז איך בין געווען זעהר צופרידן מיט מיין קומען קיין מאַקאַראָווצי. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט האָפענונג. איך וועל דאָ נעבן אַזאַ רייכן קרוב פאַר קיין פּרנסה געוויס נישט דאַרפן דאגהן; נאָך מער: איך וועל נאָך עפּעס דערווערבן אויך אין דער צוקונפט. ווייטער האָב איך דערבּיי גראָדנע — אַ שטאָט מיט השכלה, מיט ביכער און מיט ליכטיגע מענשן.

און איך בין פאַרבליבן אין מאַקאַראָווצי...

---

# קאַפּיטל VI

**ראָזענבלומס נסיעות קיין גראָדנע. — די כּלה. — אַ פּלאָנטער. — דער פּריצטעס אינ־טריגעס. — דער שמיר. — די אינטריגעס שטיינן. — די כּלה וויינט. — אַוועקגעפּאָרן אַהיים. — די פּריצטע האָט אויסגעפירט.**

צו דער צייט איז ראָזענבלום געווען אָפּט אין גראָדנע, פינף מייל ווייט פון מאַקאַראָווצי, און זיך דאָרטן באַקאַנט מיטן באַוואוסטן משכּיל א. ג., וואָס האָט געהאַלטן אַ זעקס־קלאַסישע גימנאַזיע. ראָזענבלום האָט זיך פאַרליבט אין א. ג־ס אַ טאָכטער, אַ שיינע פרײלין. איך ווייס נישט, צי די כיטרע ליובאָוויטשאָווע האָט גערעכנט דערפירן איר ליבע צו אַ תּכלית: חתונה האָבן מיט ראָזענבלומען. אַזאַ ווי זי האָט געוויס פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז בלויז אַ שפּיל אויף עטליכע יאָר און דערנאָך, אַז זי וועט ווערן עלטער אָדער שוואַכער, וועט ראָזענבלום חתונה האָבן, מיט וועמען זיין האַרץ וועט גלוסטן. זי האָט אָבער קיינמאָל אויסערליך נישט אַרויס־באַוויזן דאָס, וואָס קומט אין איר פאַר אינערליך.

זיינע געפילן צו דעם גראָדנער מיידל זיינען איר געווען באַקאַנט, און מיט דער הסכּמה, וואָס זי האָט אים גנביש געגעבן, האָט ער צוגעזאָגט א. ג־ס טאָכטער, אַז ער וועט מיט איר חתונה האָבן.

דאָך איז עס אָבער נישט געווען נאָרמאַל, וואָרום ווי קאָן ער חתונה האָבן און בלייבן מיט אַ יונג שיין מיידל בײַ דער פּריצטע אין הויז, בעת די פּריצטע האָט דאָך אירע ליבע־פּרעטענזיעס... און נעבנדיק אים איר הסכּמה, האָט זי שוין אין דערזועלבער צייט, וואַרשיינליך, גע־טראַכט וועגן אַזוינע פּלענער, וואָס זאָלן צעשטערן זיין עכטע ליבע צום מיידל.

ראָזענבלום, וואָס איז געווען שטאַרק צעהיצט, האָט געהייסן שפּאַנען די קאַרעטע און געזאָגט דער פּריצטע, אַז ער פאָרט קיין גראָדנע שרייבן תּנאים. נישט לאַנג טראַכטנדיק, האָט זי אַרויסגענומען איר בריליאַנטענעם בראַסלעט און שפּילקעס פאַר דריי טויזנט רובל און דאָס

אים דערלאַנגט פֿאַר דער כּלה אַ מתּנה... און ער איז צופֿרידן אַוועקגעפֿאָרן. נאָך די תּנאָים איז ער באַלד געקומען מיט אַ מזל־טובֿ צו דער פֿריצטע און... זי האָט אים געוואונשן גליק.

אין מאַי, ווען דער עולם צעפֿאָרט זיך אויף דאַטשעס, האָט ליובאָװיטשאָווע נישט געוואַרט, ביז ער וועט זי פֿרעגן, צי מעג מען פֿאַרבעטן די כּלה אויף זומער, און האָט אים באַצייטנס אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל שיקן אַ קאַרעטע נאָך דער כּלה.

— איך וועל זיך שוין סטאַרען — האָט זי אים אָנגעוואונקען — אַז די כּלה זאָל דאָ האָבן אַלע פֿאַרגעניגנס.

און האָט אים געהייסן איינאָרדענען אַזוינע זאַכן, וואָס זאָלן טויגן פֿאַר אַ יונג פֿאָר צום פֿאַרברייננגען, ווי אַ שיינע הוידאַווקע, אַ שיין עקיפּאַזשל א. ד. ג.

דעם פּופּצענטן מאַי איז ער געפֿאָרן קיין גראָדנע מיט צוויי לאָקייען און געבראַכט די כּלה צו זיך אין הויף. די פֿריצטע האָט זיך וואַרעם און ליבליך צעקושט מיט דער כּלה. מען האָט איר אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער מיט דינסטן, און חתן־כּלה האָבן געלעבט אַ גוטן טאָג. צוליב דער כּלה האָט ער שוין ווייניגער געאַרבעט, כאָטש עס איז געווען זומער און די אַרבעט ברענט — פֿאָרט די קראַפֿט פֿון אַ מיידל!

די פֿריצטע האָט אַפֿילו „האַרציג" געשמייכלט, אויף זיי קוקנדיג, אָבער אין איר שמייכל איז געלעגן פֿאַרבאָרגן נישט ווייניג גאַל און פֿאַרדראָס. פֿריהער פֿלעגט ער פֿאַרברייננגען מיט איר, אָבער איצט איז אַ כּלה דאָ און אַ יונגע. און ווער ווייס — וואָס וועט עס זיין, אַז אָט די כּלה וועט אַ פֿרוי ווערן און וועט זי נאָר אַרויסטרייבן פֿון הויף? איר פֿאַרמעגן איז דאָך אינגאַנצן אָפּגעשריבן פֿאַר אים!... ווי האָט זי דאָס געטאָן אַזאַ נאַרישקייט? אָט די צייט איז, וואַרשיינליך, געווען די ערגסטע אין איר לעבן.

אין הויף באַ דער פֿריצטע איז געווען אַ שמיד, ווי אין אַלע גרויסע הויפֿן; געהייסן האָט ער דוד. ווי דער שטייגער איז געווען באַ אַלע פּריצים, וואָס האָבן זיך געהאַט זייער אידל באַ זיך און אים אַלץ פֿאַרטרויט און געפֿרעגט עצות, האָט אויך ליובאָװיטשאָווע געהאַט דעם שמיד ספּעציעל צו אירע פֿאַרבאָרגענע ענינים און געשעפֿטן.

נאָר בעת ראָזענבלום איז אַ חתן געוואָרן, האָט זי געהאַלטן דעם שמיד פֿאַר איר איינציגן בעל־יועץ; פֿאַר אים האָט זי אויסגערערדט איר גאַנץ האַרץ.

אַ מאָרגנע שוואַכקייט האָט זי געהאַט צו אידן. זי האָט ליב געהאַט פֿונאַנדערצופֿרעגן פּשוטע אידן וועגן אַלע אידישע פֿירונגען און מנהגים,

װעגן זײער אַרט לעבן, סאַמע אינטימע זאַכן און האָט דאָס אַלץ געװאָלט
װיסן און קענען. און װירקליך, קענענדיק אירן, פלעגט זי אַממײנסטן
קריטיקירן די אידישע װײבער, װאָס זײ זײנען גרױסע שלימזלניצעס,
נישט קײן בעל־הביתטעס, אָפּגעלאָזענע א. אַז. װ. איבערהױפּט זײנען
זײ פױל. זי האָט געהאַט אַ גוטן מענה־לשון, אַ געשליפן צינגל און האָט
אַזױ געמאַכט, אַז אַלע אירע נאָהענטע אידישע שכנים האָבן געהאָרעװעט
טאָג און נאַכט.

די פּריצטע האָט אַלץ געטראַכט װעגן דעם יונגען פּאָרל, װאָס האָט
איר גערױבט די רוה, און אײנמאָל אין אַ פריהמאָרגן באַם פרישטיק,
װען די כּלה איז נאָך געװען אין שלאָפצימער, האָט זי זיך פּלוצלינג
געװענדט צו ראָזענבלומען:

— דו װײסט, װאָס מיר איז אײנגעפאַלן? אַזױ װי דו האַלסט אין באַנק
צװאַנציג טױזנט רובל אױף קלײנע צינזן, קאָנסטו איצט דאָס געלט אָפּ־
געבן דעם מחותּן א. ג. זאָל ער דאָס איבערגעבן אין זיכערע הענט אויף
גרעסערע צינזן. ער קאָן נעמען זיבן, אַכט פּראָצענט. קאָנסטו זיך לײכט
אײנברײנגען טױזנט רובל אַ יאָר, ס'איז דאָך אַ שאָד.

געהאַט האָט זי דאָ אַ פּשוטע כּונה: דער שרוך װעט דאָך צעשלאָגן
װערן. זי װעט נישט דערלאָזן. װעלן די צװאַנציג טױזנט רובל
מסתּמא גײן פאַרלאָרן. דאָס װעט װירקן שטאַרק אויף ראָזענבלומען,
און ער װעט שױן זיכער װײטער נישט קריכן אין שדוכים... צװאַנציג טױזנט
רובל איז אַ סומע, און ראָזענבלום װעט שױן פאַרזאָגן אַ צענטן צו זעהן
אַ כּלה. זשאַלעװען דאָס געלט האָט די פּריצטע נישט געהאַט װאָס,
װאָרום סײ װי סײ איז עס שױן איצט נישט איר געלט געװען. צוליב
איר נוצן מעג ראָזענבלום האָבן היזק.

דעם פאַרליבטן און צעטומלטן ראָזענבלומען איז די זאַך געפעלן גע־
װאָרן און ער האָט עס באַלד געטאָן.

איצט האָט זיך ליובאָװיטשאָװע אָנגעהױבן פעסט קלעפּן צו דער כּלה,
האָט איר אַרױסגעװיזן גרױסע ליבע און צערטליכקײט, װי „אַ טרײע מוטער“
צו אַ בת־יחידה, האָט זי אומישנע פאַרפּיעשטשעט, געזאָגט איר,
זי זאָל שלאָפן כּאָטש פופצען שעה אין מעת־לעת, בעת ראָזענבלום שלאָפט
נישט מער װי פיר, פינף שעה א. אַז. װ.

זי האָט איר געגעבן צו פאַרשטײן, אַז פאַר אַ יונגען מענשן איז זעהר
געזונט פיל צו שלאָפן... די כּלה, װאָס האָט איצט גאָרנישט געהאַט
װאָס צו טון, איז טאַקע געװען זעהר פױל, אַגב איז זי אין דערהײם אױך
געשלאָפן אַ גוטע צען שעה, האָט זי זיך גאָרנישט געלאָזט בעטן
און — געשלאָפן...

די פּריצטע האָט איר געגעבן דריי רינסטן און האָט זיי געהייסן, זיי זאָלן אַלע אַרום איר אַרומטאַנצן. אײנע זאָל איר צווען דאָס עסן און טרינקען, אײנע זאָל זיין נעבן איר גאַרדעראָבּ, אויסטון זי און אָנטון זי, אַז די יונגע פּאַניע זאָל נישט דאַרפן טון אַ ריר מיט קיין פינגער, און די דריטע ווידער זאָל זיין צו די איבעריגע זאַכן, וואָס זי דאַרף. אַלע דריי איז שטרייננג אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז מען זאָל דער יונגער פּאַניע נישט לאָזן חלילה קיין שטרוי אויפהויבן פון דער ערד.

מען האָט איר צוגעטראָגן צום בעט אין דערפריה טיי מיט צובייסונג, און אַזיינער צען פלעגט אַריינקומען צו איר אין שלאָפצימער די פּריצטע, זי פלעגט זיך זעצן נעבן איר בעט און גלעטן זי און גלעטן, און ריירן און ציהען די ווערטער, און פאַרברייינגען מיט איר אַזוי אין שמועסן, לאַנגע, זיסע און פאַלשע, אָפּהאַלטנדיג זי אין בעט ביז צוועלף אַזייגער.

ראָזענבלום פלעגט פון ניין ביז צען אַזייגער פרישטיגן, און דערביי פלעגט אים די פּריצטע פאַרביינייענדיג, פון דער זייט, אָפּגעבן אַ גרוס פון דער כלה, אַז זי ליגט נאָך אין בעט. עס מאַכט נישט אויס אפילו. וואָס האָט זי זיך צו איילן... נאָר זי ליגט נאָך אין בעט... אַזייגער צוועלף פלעגט ער דאָס רוב גיין צו דער כלה; יענע פלעגט, ווירקליך, ליגן אין בעט.

און אַז ער פלעגט אַמאָל אַ זאָג טון דער פּריצטע:

— ווי קאָן דאָס אַ מענש ליגן אַ האַלבן טאָג אין בעט?

פלעגט זי דערויף זים ענטפערן:

— אַ יונג קינד... נישקשה...

דריי אַזייגער פלעגט שטענדיג קומען ראָזענבלום אויף מיטאָג, און דעמאָלט פלעגט ער אויך נישט האָבן נעבן זיך די כלה, מען זאָל קאָנען עסן צוזאַמען. וואָרום די כלה האָט זיך ערשט אָנגעטאָן און אַרומגע־וואַשן זיך אַרום צווי דעם זייגער. באַלד נאָך דעם האָט איר ליובאָך־וויטשאָווע הייטער געגעבן עפּעס גוטע, זיסע זאַכן, זי זאָל קיין אַפּעטיט נישט האָבן צו עסן מיטאָג און דערביי מיר אַרויסגעזאָגט:

— איך וועל זיך אַביסל צושפּאַרן באַ דיר אין שלאָפצימער. לייג זיך אויך נעבן מיר, וועלן מיר זיך ריירן אַביסל. ריירן איז אַזוי זים...

און אַז עס איז געוואָרן פאַר דריי דעם זייגער, פלעגט די פּריצטע גיין זעהן, צי ראָזענבלום איז שוין געקומען צום מיטאָג, איבערלאָזנדיג דאָס שוואַכע נאַאיווע מיידל אין שלאָפצימער. אַז ער פלעגט פרעגן:

— וואו איז די כלה?

פלעגט ער קריגן אַ שטילן געלאַסענעם ענטפער:

— זי ליגט נאָך אויף דער סאָפע...

ראָזענבלומען פלעגט אָננעמען אַ האַס צו דעם מיידל, וואָס האָט אַזוי ליב פוילקייט. זיינע באַקן פלעגן זיך רויטלען פון האַס.

— נו, וואָס איז?.. — פלעגט די פריצטע וויך און זיס פאַרגלעטן — אַ יונג קינד... ס'מאַכט נישט אויס.

ראָזענבלום, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט אַרבעט און אויפטועכטסן, האָט בשום אופן נישט געקאָנט מושוה ווערן דערמיט און ביסלעכווייז האָט זיך זיין געפיל צו דער כלה געענדערט. ער האָט זיך אָנגעהויבן דערווייטערן פון איר, נאָך פעסטער איבערגעגעבן זיך צו דער אַרבעט.

די נאַאיווע און ליבע כלה האָט באַמערקט די פאַרענדערונג און זיך געקלאָגט וועגן דעם דער פריצטע. די פריצטע ווידער האָט איר געזאָגט, אַז ראָזענבלום איז אַ מענש פון פראַצע און איז בכלל וויט פון ליבע און פאַמיליען־גליק.

— באַ אים — האָט די פריצטע געמאַכט אַ פול מויל מיט אָנגע־בלאָזענע באַקן — איז נאָר אַרבעט, און אַרבעט, און אַרבעט... אַליין פירט ער מיסט פון שטאַל, ער איז אויך שרעקליך קאַרג; אויב דו זעהסט עפּעס מילדקייט אין אים, איז דאָס אַלץ מיין קאָפּ; איך דערלאָז אים נישט צו קאַרגקייט, וואָס איז אים ליבער פון אַלץ אין דער וועלט.

די כלה, וואָס האָט דאָ נעבעך גאָרנישט פאַרשטאַנען, האָט דערויף געענטפערט:

— נישקשה, נאָך דער חתונה וועט ער זיך אָנהויבן אַנדערש פירן. איך וועל אים נישט לאָזן אַזוי אַרבעטן. איך וועל נאָך אפשר פאַר דער חתונה מיט אים ריידן וועגן דעם.

די פריצטע האָט זי נאָך מער אונטערגעוואַרעמט און דערביי מיט אַמאָל אומישנע קאַלט געמאַכט דאָס האַרץ:

— וועט רען עפּעס העלפן?... פאַרפאַלן...

און אויף אַזאַ אופן האָט זיך די פריצטע געאַרבעט אַרום איר פּלאַן, וואָס דערמאָנט אָן די אינטריגעס פון אַ מעלאָדראַמע.

און ראָזענבלום האָט איצט מיט איר גערעדט און געפרעגט אַן עצה, צי זאָל ער אָפּלאָזן דעם שרוך, צי נישט? דאָס געפיל צו דעם מיידל איז אים קאַליע געוואָרן. ער האָט זיך אַליין קיין עצה נישט געקאָנט געבן; נאָר זי, די קלוגע פרוי, האָט אים אָפּגערעדט פון דעם, און כלומרשט געהאַלטן דער כלהס צד.

— די כלה וועט נאָך ווערן באַ אונז אַ מענש — האָט זי אים פאַלש און כיטרע געטרייסט — זי איז טאַקע אַ שלימזלניצע, אַ פוילערקע, אַ פּעפּערין, דאָס בעט איז באַ איר טייערער פון אַלץ. אָבער דאָס איז נאָר ביז דער חתונה. נאָר צוריקגערעדט, צו וואָס דאַרפסטו האָבן די

בריה? וועסט האַלטן רינסטן און רינער, וועלן זיי שוין אַלץ ברייננען אין אָרדענונג.

— ניין, צו רינסטן דאַרף מען אויך זיין אַ בעל־הביתטע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פון דער פריצטעס רייד האָט ער רייטליך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פאַר אים קיין כלה נישט, נישט קוקנדיג דערויף, וואָס די פריצטע רעדט אים צו. איר צורייד ן איז ערגער איידער אַן אַנדערנס אָפּרייד ן.

און דאָס ערשטע מאָל איז ער איצט אַוועק צום פאָטער, מיט אים זיך שואל־עצה זיין, כאָטש ער פלעגט קיינמאָל באַם פאָטער קיין עצה נישט פרעגן.

דער פאָטער האָט אים גאַנץ רייטליך באַוויזן, אַז די פריצטע וועט דאָס נישט קאָנען איבערטראָגן, איבערלעבן, ווען ער וועט חתונה האָבן. און זי דאַרף עס נישט קאָנען איבערטראָגן.

— אַ פשוטע זאַך, מיין זון. באַ דיר איז דער פריצטעס פאַרמעגן. אַליין איז זי נאָך נישט זעהר אַלט. אין שטוב — אין איר שטוב — וועסטו אַריינפירן אַ יונגע פרוי, אַ שיינהייט, זי וועט דאָך פּלאַצן! זי מוז דאָך פּלאַצן! רעדט זי דיר איין חתונה צו האָבן — מיינט זי דאָס נישט מיט אַן אמתן. דאָס איז נאָר אַזאַ מין מאַנעוור, מיין זון. איך ווייס נישט, צי דו קאָנסט גאָר חתונה האָבן, כל זמן דו ביסט באַ ליובאָוויטשאָווען אין הויז.

אין מיטן זומער, ווען עס זיינען שוין פאַרטיג געוואָרן אַלע גרינסן אין די גערטנער און די פרוכטן אין די סעדער, האָט די פריצטע געזאָגט, אַז מען דאַרף אַוועקשיקן דעם מחותּן קיין גראָדנע אַ פורגאָן מיט גרינסן און פרוכטן.

— אַ מחותּן... עס פּאַסט נישט — האָט זי געגעבן אַן עצה.

האָט מען געשפּאַנט אַ גרויסן פורגאָן מיט דריי פערד און מען האָט אָנגעלעגט אַ וואָגן מיט פרוכטן, מיט פּוטער און גוטן טרוקענעם קעז, און דוד דער שמיד איז מיטגעפאָרן, דאָס אַריינברייננען צום מחותּן אין שטוב אַריין.

שטילערהייט האָט די פריצטע אָנגעזאָגט דורכן שמיד, אַז ווען מען וועט באַ אים פרעגן, וואָס מאַכט די טאָכטער, ווי פאַרברייננט זי דאָרט אין מאַקאַראָווצי די צייט און ווי זעהט זי אויס, זאָל ער מאַכן אַ קרומע מינע, אַז עס איז איר, דער טאָכטער, נישט אַזוי גוט. וועט מען דאָך געוויס אים מאַטערן און וועלן אויספרעגן אַקוראַט, וואָס איז מיט דער טאָכטער, זאָל ער אַזוי ווי מיט גוואַלד אויסזאָגן, אַז עס איז איר דאָרט זעהר אומעטיג. ער, ראָזענבלום, גיט זיך מיט איר נישט אָפּ, ווי מיט אַ כלה,

באַ אים איז נאָר זי, ליובאָוויטשאָווע, און די כּלה שפּילט אין הויף עפּעס גאָר אַ קנאַפּע ראָליע. קיינער האָט פאַר איר קיין דרך ארץ נישט, נאָר איין ליובאָוויטשאָווע וויזט זיך אַרויס צו איר פרײַנטליך. אָבער די כּלה איז זעהר אין איר גענאַרט, זי ווייס נישט, אַז די ליבשאַפט מיט דער פרײַנטשאַפט איז נאָר לפּנים, וואָרום אין האַרצן איז זי איר אַ דם שונא און סטאַרעט זיך אויף איר צו מאַכן כּל הבולבולים. ווער ווייס אין וואָס פאַר אַן אומגליק די פּריצטע קאָן זי אַרײַנפירן. האָלט האָט ער ראָך די פּריצטע און נישט די כּלה... קלוג איז די פּריצטע איבער נענוג און כיטרע נאָך מער. ווער ווייס וואָס פאַר אַ שפּיצל די פּריצטע קאָן איר אָפּטון.

— מיר רייסט דאָס האַרץ, אַז איך טו אַ קוק אויף אייער טאָכטער — דאַרף ער צו זיי טענען — נישטאָ קיינער, ווער עס זאָל איר געבן צו פאַרשטיין איר לאַגע. אַ גליק, וואָס מיר האָט זיך געמאַכט אָפּצופירן אייך די מתּנה און איבערגעבן אייך פאַר איינוועגס איר צער...

באַם מחותּן אין שטוב איז געוואָרן אַ יללה: אַן איינציגע טאָכטער, אַ געראָטענע. עס האָבן זיך איר געמאַכט וואוילע שרוכים מיט דאָקטוירים, יוריסטן און אַזוי גרויסע פאַרדינערס. האָט מען דערויף נישט געקוקט. וואָרום מען האָט געמיינט, אַז די טאָכטער וועט זיין גליקליך באַ אַזאַ גביר.

אָבער דאָס האָבן זיי פאַרזעהן, אַז ראָזענבלום האָט עפּעס עסקים מיט אַ קריסטין, וואָס האָט אים דאָס גאַנצע פאַרמעגן אַוועקגעגעבן. זיין צוזאַמען מיט אָט דער קריסטין, איז דאָס אַקוראַט ווי צווייי קעץ אין איין זאַק, און ווער ווייס — אפשר איז שוין די טאָכטער אַזוי איינגעליבט אין אים, אַז מען וועט זי גאָר נישט קאָנען אָפּשיידן פון אים? אין שטוב איז געוואָרן אַ חורבן.

מען האָט זיך אָנגעהויבן ישובן, וואָס מען זאָל ערשט טון. ס'איז געד בליבן, מען זאָל איר שרייבן אַ בריף און אָפּשיקן דעם בריף מיטן שמיר, ער זאָל איבערגעבן דער טאָכטער אין האַנט אַריין. אין בריף זאָל מען שרייבן, אַז זיי, די עלטערן, בייַנקען זעהר נאָך איר און בעטן זי, אַז זי זאָל קומען אַביסל קיין גראָדנע. זיי קאָנען צו איר נישט קומען צוליב דער פּריצטע. שוין אַ פּאָר חדשים, ווי זי האָט פאַרבראַכט אין הויף, באַלד איז סוף זומער, מעג זי קומען אַהיים.

און דערבייי איז אָנגעזאָגט געוואָרן דעם שמיר, אַז ער זאָל זאָגן דער טאָכטער, אַז פאָטער און מוטער זיינען עפּעס אומרוהיג וועגן איר און די מוטער וויינט. שונאים ריידן עפּעס שלעכטע זאַכן וועגן איר שידוך.

דוד דער שמיר האָט גוט אַרומגעאַרבעט די זאַך פון אַלע זייטן, ער האָט נאָך מער אָנגערעדט ווי מען דאַרף. געקומען אַהיים, האָט ער איבער־

געגעבן דער כּלה דעם בריוו און אויך איבערגעגעבן, וואָס מען דאַרף און נאָך מער צ ו ג ע ג ע ב ן אייגענע. דערנאָך האָט ער דערציילט ליובאָוויטשאָווען, וואָס ער האָט אויפגעטאָן און האָט איר איבערגעגעבן די בשורה, אַז פון זייער זייט וואָלטן זיי זיך אויסגעטאָן ביז דעם לעצטן העמד, אַבי עס זאָל זיין אוים שידוך.

און ראָזענבלומען האָט אויך דער שמיד, לויט דער פריצטעס עצה, איבערגעגעבן אַ סוד, אַז דער מחותּן מיט דער מחותּנתטע ווייגען און קלאָגן, וואָס זי איז צו אים אַריינגעפאַלן. אַפּנים, אַז די כּלה האָט געמוזט שרייבן די עלטערן זעהר אומרוהיגע בריוו, און זיי האָבן אים געבעטן איבערגעבן דער טאָכטער, אַז פאָטער־מוטער ווייגען, זיינען שרעקליך אומרוהיג און ווילן, אַז זי זאָל באַלד קומען אַהיים.

ראָזענבלומען האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן, הגם אין האַרצן איז ער געווען זעהר צופרידן, וואָס עס האַלט באַ א ו י ס שדוך.

דוד דער שמיד האָט אָפּגעאַרבעט זיין אַרבעט גלאַט און געפּיילט, און אַז די פריצטע וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט זי אים פּשוט צעקושט די גלידער. אַ ה ו נ ד ע ר ט ע ר האָט זי אים געגעבן. זי איז איצט זעהר און זעהר גליקליך געווען.

נאָך דעם שמידס צוריקקומען איז געוואָרן אַ גאַנצע בהלה אין הויף. באַ יעדן באַזונדער האָט געקאָכט אין האַרצן, נאָר באַ ליובאָוויטשאָווען האָט געקאָכט אין האַרצן פון שמחה, וואָס זי האָט אַזוי גלענצנד אויסגעפירט איר פּלאַן. די כּלה וועט איצט פאָרן אַהיים און וועט שוין צוריק נישט קומען. גאָט צו דאַנקען, געענדיגט. יאָ, צוואַנציג טויזנט רובל האָט געליען דער מחותּן... ז אָ ל ע ר ד אָ ס אַ ר אָ פּ ש ל י נ ג ע ן — אַבי זיין טאָכטער זאָל מען מער אין די אויגן נישט זעהן.

ראָזענבלום האָט טאַקע געזשאַלעוועט דאָס געלט און האָט שוין אָנגעהויבן צו קלערן, ווי ראַטעוועט מען אַרויס די צוואַנציג טויזנט רובל. אַ העלפט פון דער סומע וואָלט טאַקע געווען אַ יושר צו געבן דער כּלה. אייגנטליך האָט ער איר דאָך פאַרשאַפט יסורים. ער איז דאָך איר חתן געווען. איצט טוט ער אָפּ דעם שדוך. פאַר אַזאַ זאַך גיט מען אַ כּלה געלט. אָבער ווי קריגט מען אַרויס די איבעריגע?

ווי די מאָרע איז, איז ער געלאָפן צו דער פריצטע נאָך אַן עצה. אין אָוונט, באַ טיי טרינקען, האָט ער איר, ווי אַ מ ע נ ש ן, וואָס ווייסט פון קיין פּותר חלום נישט, דערציילט, אַז ער וויל זיך שיידן מיט זיין כּלה, אַז דאָס איז באַ אים אַ באַשלאָסענע זאַך.

— גוט וואָס מיר האָבן זיך באַצייטנס אומגעקוקט און איך קאָן נאָך פאַרריכטן, וואָס איך האָב קאַליע געמאַכט. איך וועל דעם שדוך אָפּלאָזן.

ווי ס'ווייזט אויס, ווי דוד דערציילט, וועט דאָס נישט אָנקומען מיר שווער; נאָר וואָס טוט מען מיט אַזאַ גרויסער סומע געלט? פּשוט אַריינגעפאַלן. אַוועקגעליען אַזוי פיל געלט אָהן אַ באַוואָרעניש... אַ גרויסער פאַר־דראָס... ווי קריגט מען אַרויס כאָטש אַ העלפט. אַ העלפט זאָל גיין פאַרלאָרן. מילא. אָבער דאָס איבעריגע?

ליובאָוויטשאָווע האָט דערזעהן, אַז מען קאָן איצט ריידן, האָט זי געשאָטן און געשאָטן...

באַ איר האָבן געברענט די אויגן.

— דו ווייסט, האָט זי נישט געקאָנט פאַרבאָרגן איר שמחה — אַז דו דאַרפסט זיך שעצן גליקליך, וואָס דו ביסט נישט אַריינגעפאַלן מיט אַזאַ ווייב. דו וואָלסט שוין לאַנג נישט לעבן, אַזאַ צעקראָכענער שלימזל, וואָס ליגט גאַנצע טעג און נעכט אין בעט און דערצו אַזאַ שאַרלאַטאַנקע, וואָס געלט איז באַ איר בלאָטע און נאָך אַ שלעכטס, אַ גרויסע עגאָאיסטין, וואָס ווייס מער נישט, נאָר זיך און זיך. קיינער האָט באַ איר קיין ווערט נישט, נישט טאַטע, נישט מאַמע, נישט חתן און נישט מאַן. דו וואָלסט געווים פון איר אַפּאָפּלעקסיע באַקומען. אַ גליקליכער ביסטו, וואָס דו ביסט ניצול געוואָרן פון אַזאַ פליאַגע.

און וועגן דעם געלט, האָט זי אים געזאָגט, דאַרף ער זיך נישט אָפּעסן דאָס האַרץ, נישקשה, גאָט וועט צושיקן אַנדערע.

— ביסט דאָך אָבער אַ שוואַכער — איז זי פאָרזיכטיג פאַרלאָפן דעם וועג — און וועסט אוראי נישט קאָנען זיך באַפרייען פון איר. מען דאַרף קריגן עפּעס אַזאַ קלוגן מענשן, אַ גוטן פריינט, וואָס זאָל וועגן דעם פאַרהאַנדלען מיט א. נ. אָדער אַ בריף שרייבן...

ווי אַן אָנגעשטעלטער אויטאָמאַט, האָט דער שמיר ווידער געשמועסט מיט דער כלה. ער האָט איר קודם כל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז איר אַ גוטער פריינט, אַז ער וויל זי ראַטעווען, און אַז זי, אַ אידישע טאָכטער, דאַרף זיך דאָ נישט געפינען. גוים, גוים און גוים... ראָזענבלום איז מיט דער פריצטע אַ פּאָר און נישט מיט איר. באַ ראָזענבלומען איז ליובאָוויטשאָווס נאָגל טייערער ווי זי — די כלה אינגאַנצן. און ווער ווייס, וואָס פאַר אַ צרות ליובאָוויטשאָווע קאָן איר נאָך אָנמאַכן אַזוי, אַז די כלה איז נישט זיכער אַפילו מיטן לעבן. מיט איין וואָרט — זי דאַרף זיך גוט מישב זיין, איידער זי גייט חתונה האָבן מיט אים. וואָרום צוויי וועגן זיינען פאַראַן: אָדער ער, ראָזענבלום, זאָל ליובאָוויטשאָווען אינ־גאַנצן אַרויסשיקן פון הויף, אַז זי זאָל נאָר קיינמאָל נישט קאָנען קומען מער אַהער, אָדער ראָזענבלום זאָל וואוינען נאָך דער חתונה אין גראָדנע. מען קאָן אַפילו אָפּגעבן דעם הויף דער פריצטע און דינגען ערגעץ אַן

אַנדער הויף; קיין געלט פעלט נישט ראָזענבלומען. ראָזענבלום, אויב ער וויל נאָר, קאָן ער זיך אַלץ פאַרשאַפן. אָבער ער, דוד דער שמיר, ווייס נישט, צי דאָס וועט אויך עפּעס העלפן, וואָרום באַ זיי איז אַן אַלטע ליבע...

די כלה האָט זיך פונאַנדערגעוויינט אויפן קול, מיט ספּאַזמעס און מיט די אַלע זאַכן פון אַ פרויען־געוויין. דוד האָט געמאַכט אַ גוואַלד, עס זיינען אַריינגעפאַלן די דינסטן, די דינער, און מען האָט געשיקט נאָך ראָזענבלומען. ער איז באַלד געקומען צולויפן און מען האָט זי אָפּגע־ראַטעוועט. אויף ראָזענבלומען, אַ מענש מיט נישט קיין שלעכטן כאַראַק־טער, האָט עס געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. אַז די כלה איז געקומען צו זיך, האָט זי געזאָגט, אַז זי וויל פאָרן אַהיים.

ראָזענבלום האָט אויף מאָרגן געהייסן שפּאַנען די קאַרעטע און איז אַוועקגעפאָרן מיט דער כלה קיין גראָדנע צו אירע עלטערן. די כלה האָט זיך שוין נישט געוואָלט קושן מיט ליובאָוויטשאָווען פאַרן אַוועקפאָרן. עס זיינען מיט אַמאָל אויפגערעקט געוואָרן די קאָרטן, און די פּריצטע האָט שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרבאָרגן...

קומענדיק קיין גראָדנע, האָט זיך די כלה באַלד געלעגט אין בעט אַריין און געזאָגט, אַז זי איז נישט געזונט. קיין דאָקטאָר האָט זי נישט צוגע־לאָזט. די עלטערן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיידל איז קראַנק פון צער.

ראָזענבלום איז געווען דערשלאָגן, מען האָט מיט אים גאָרנישט גערעדט, נעבן דער כלה פלעגט ער זיצן ווייניק און זיי האָבן אויך נישט געפונען קיין ווערטער וואָס צו ריידן — האָט מען געשוויגן.

אַז איר איז בעסער געוואָרן, האָט זי געהייסן ראָזענבלומען אַוועק־פאָרן. זי איז געווען אַ ליב און שטאָלץ מיידל. די עלטערן ווידער האָבן דאָס אויך געוואָלט. זיי האָבן דאָס כמעט ווי אַרויסגעוויזן אָפן. אַנ־גענעם איז דאָס אים נישט געווען זעהר. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מען וויל דאָ פון אים פּטור ווערן, און כאָטש ער האָט עס זיך אַליין געוואונשן, פונדעסטוועגן איז עס אים, ווי אַ ש פּ י ר ו נ ג, געווען שווער איבערצולעבן.

און ער איז אַוועקגעפאָרן...

דאָס איז געשען פּונקט אַ פּאָר טעג פאַר מיין אָנקומען קיין מאַקאַראָווצי.

ווי געזאָגט, האָבן זיי געזוכט אַ מענטש, וואָס זאָל אָנשרייבן אַ בריוו קיין גראָדנע צום מחותּן אונטער אַ פרעמדן נאָמען. פאַר אַזאַ פּאַסיגן מענטשן האָבן זיי מיך אָנגענומען און באַשטעלט באַ מיר דעם בריוו. האָב איך „אָנגעקלאַפּט" אַ בריוו, טיילווייז דיקטירט דורך ראָזענבלומען. דער בריוו האָט אויסגענומען און מען האָט אים אַוועקגעשיקט קיין גראָדנע צוזאַמען מיט די תּנאָים.

אין בריף איז געווען דערמאָנט, אַז צען טויזנט רובל גיט ער דער כלה און צען טויזנט זאָלן זיי אים אָפּשיקן על פּי יושר. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט דעם געלט האָט מען זיך שוין צוריק נישט געזעהן. נאָר מיר איז געווען באַשערט געהאָלפן צו ווערן. „מיין" בריף האָט געמאַכט באַ זיי אַ גוטן איינדרוק און האָט פאַרפעסטיגט מיין פּאָזיציע באַ זיי.

מען האָט מיר אָפּגעגעבן אַ געשעפט — דעם פאַקט. ליובאָוויטשאָווע גיט מיר אַוועק די מילך אויף פינף קאָפּיקעס אַ טאָפּ. דער מקח פון פוטער איז דעמאָלט געווען זיבן, אַכט רובל אַ פוד. די קרעטשמע ווידער, וואָס האָט אָנגעהערט צו אַ אידן, אַ גרויס הויז מיט אַן איינפאָר, וואָס איז געשטאַנען נעבן הויף און נעבן פוילישן קלויסטער, אויפן טראַקט, צווישן קריניק און גראָדנע, גיט מען מיר אויך אַוועק, און וויפיל איך וועל קאָנען, וועל איך צאָלן.

איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל נישט אויסדרינגען באַ אַ אידן אַ געשעפט, אַפילו אַז איך זאָל זיצן אָהן ברויט. אָבער דער פעטער האָט דערויף געזאָגט, אַז ער וועט פרובן ריידן מיטן אַרענדאַר, אפשר וועט יענער נעמען אָפּטריט־געלט; סיי ווי האָט ער געהערט, אַז דער אַרענדאַר האַלט באַ קויפן אַן אייגענע קרעטשמע אין אורליאָן, פיר וויאָרסט פון מאַקאַראָווצי, אפשר וועט ער נעמען אַ פּאָר הונדערט רובל און וועט אַוועקגיין בכי טוב?

דער פעטער האָט אים געשיקט רופן. דער אַרענדאַר האָט געזאָגט, אַז ער האַלט טאַקע באַם קויפן אורליאַנער קרעטשמע פאַר זעקס הונדערט רובל, נאָר אַז מען וועט אים געבן די ראָזיגע סומע, וועט ער אַרויס פון קרעטשמע ברצון הטוב.

און אַזוי איז געווען. מען האָט געגעבן דעם אידן פינף הונדערט רובל, און ער איז פאַר נײַ־יאָר אַרויס פון קרעטשמע.

---

# קאַפּיטל VII

אַ פּאַקט מיט אַ קרעטשמע. — געקומען דאָס ווייב. — עס פירט זיך אַן עסק. — קריניק. — קריניקער גנבים. — די "אחים". — ר' דוד מריינע. — מיין בריק. — ניבּיאַנסקי. — מיינע נסיעות קיין גראָדנע. — חייטשע הורוויטש. — חייטשע מיטן גובערנאַטאָר. — די געשפּרעכן אין איר "סאַלאָן". — דער קיסר אַלעקסאַנדער דער צווייטער. — זיין באַזוכן גראָדנע.

איך האָב איבּערגענומען די קרעטשמע מיטן פּאַקט און געשריבּן אַ בּריף צום ווייב, זי זאָל קומען מיט אַלע זאַכן אירע קיין מאַקאַראָווצי — מיר האָבּן דאָ אַ „גוט" געשעפט... זי איז אַרויסגעפאָרן, איך בּין אַנטקעגן געפאָרן און געבּראַכט קיין מאַקאַראָווצי די פרוי מיט צוויי קינדער...

די קרעטשמע האָט זיך געפונען אין אַ גוט אָרט, וואָרום פונקט אַנטקעגן איר, ווי געזאָגט, איז געשטאַנען אַ פּוילישער קלויסטער; אַרום האָבּן געוואוינט פיל שליאַכטעס, פּויערים—בּעלי־בּתּים, וואָס האָבּן נישט געטרונקען קיין פּראָסטן בּראָנפן, און פון בּעסערן בּראָנפן האָט מען געקאָנט פאַרדינען אַ סך מער, איידער פון פּראָסטן.

נאָר די קרעטשמע איז געווען אַן אָפּגעלאָזענע, אָהן אַ טאָלק. דער אַרענ־דאַר איז געווען זעהר אַ פּראָסטער מענש און האָט נישט געוואוסט, ווי צו האַלטן אַ קרעטשמע פאַר שליאַכטעס, וואָס האָבּן געבּרויכט אי בּעסערע געטראַנקען, אי איידעלערע בּאַהאַנדלונג.

אַז איך האָבּ איבּערגענומען די קרעטשמע, בּין איך געווען זעהר צופרידן. איך האָבּ אָנגעהויבּן איינצופירן אין קרעטשמע אַלע גוטע זאַכן און צוגעצויגן אַ גרויסן עולם פון שליאַכטעס. אין די זונטאָגן פלעגט געפּאַקט זיין אין אַלע צימערן, וואָס זיינען געווען גרויס ווי פעלדער.

פון גראָדנע האָבּ איך געבּראַכט זיסע בּראָנפנס און פון קריניק — מעד און וויין. וואָס יוכבד די אלמנה פלעגט אַליין אויסאַרבּעטן און וואָס האָבּן געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער גובּערניע. זי האָט געלייזט צו פופציג קאָפּיקעס אַ טאָפּ — און איך האָבּ געמאַכט טייערע געשעפטן.

ראָזענבלום האָט מיר אָפּגעגעבן אַ גוט פערד און וואָגן, און איך, אַ יונגערמאַן, פלעג מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן אַרומפאָרן, וואוהין איך האָב באַדאַרפט.

אַז איך בין געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין קריניק, בין איך פאַרפאָרן צו יוכבדן דער ווינשיינקערין. עס איז געווען אַ שיינער טאָג. צוגעבונדן דאָס פערד צום פּאָרענטש פאַר די פענסטער פון דער גרויסער שטוב, קעגנאיבער די קראָמען, אין מיטן מאַרק, בין איך אַריין אין שטוב. אַז איך האָב אין אַ ווײַלע אַרום אַ קוק געטאָן דורכן פענסטער צום פערד, זעה איך, ווי דאָס פערד שטייט מיט די ערשטע פאָר רעדער באַזונדער און דאָס וועגעלע מיט די הינטערשטע רעדער אָפּגעדרייט אָן אַ זייט. אַפּנים, דער „סוואָרען" איז אַרויסגעצויגן.

לויף איך אַרויס און פרעג, ווער האָט דאָס אַרויסגענומען דעם סוואָרען פון וועגל. דאָס איז דאָך עפּעס אַ מאָרנע זאַך. האָבן מיך יוכבדס זין „באַרוהיגט" און געגעבן מיר צו ערקלערן, אַז עס איז טאַקע אַן אומגעווײַנליכע זאַך.

די מעשה איז אַזוי: פאַראַן אין קריניק צוויי ברידער, וואָס זיינען די אָנפירער פון אַלע גנבים פון דער סביבה. רופן רופט מען זיי די „אחים", און אַלע סוחרים, אַלע דאָרפס-לייט, פּאָסעסאָרן, פאַקטאָרס און אַרענדאַרן דאַרפן זיך אומבאַדינגט קענען מיט די „אחים" און זיי באַפרידיגן. מען דאַרף זיי אויך אָפּגעבן כבוד, און אַז די „אחים" פאָרן אין פּאָוויעט, ווערן זיי אומעטום אָנגענומען בכבוד גדול. מען מוז זיך מיט זיי קענען, וואָרום דעמאָלט איז מען שוין פאַרזיכערט פון גנבות.

מאַכט זיך אָבער אַמאָל יאָ אַ גנבה, דאַרף מען זעהן דורכקומען מיט די „אחים", וועט זי צוריקגעקערט ווערן; און אַזוי ווי איך בין אַ נייער ישובניק, האָט מען דאָס מיר געגעבן אָנצוהערעניש, אַז איך ברויך מיך מיט זיי צו באַקענען און די באַקאַנטשאַפט דאַרף געמאַכט ווערן דורך אַ „פונדע"...

בין איך נבהל ונשתומם געוואָרן. ס'טייטש, איך זאָל זיך גאָר דאַרפן באַקענען מיט גנבים און אָנקוקן זיי אין פּרצוף אַריין און נאָך געבן די האַנט. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז יוכבדס זין זיינען קלוגע און ערליכע לייט און וועלן מיר נישט דרייען אַ קאָפּ גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין.

עס איז מיר דאָך געווען שווער צו פועלן בײַ זיך אַ באַקאַנטשאַפט מיט רביים פון גנבים און, קויפנדיג אַ נייעם סוואָרען, בין איך אַוועקגעפאָרן רוהיג אַהיים, אָהן דער באַקאַנטשאַפט.

איך האָב דאָס דערציילט ראָזענבלומען און ער האָט אויך געזאָגט, אַז אַלע צאָלן די „אחים" געלט יערליך און מען מאַכט זיי פונדעס; נאָר פאַר

אים האָבן זיי דאָך מורא, ווייל אַלע באַאַמטע זיינען זיינע גוטע באַקאַנטע. פונדעסטוועגן שטאַרק זיך רייסן מיט זיי טאָר מען נישט. דער איס־פּראַווניק מיטן אַסעסער קאָנען אויך איינגאַנצן נישט פאַרהיטן פון דער באַנדע גנבים. אַלזאָ, אַזוי ווי איך וואוין אין אַ קרעטשמע, באַם סאַמע טראַקט, דאַרף איך מיט זיי לעבן גוט, און אַז זיי ווענלן אַריינפאָרן צו מיר אין קרעטשמע, זאָל איך זיי שיין צונעמען, געבן זיי און זייערע פערד עסן, טרינקען א. ד. גל.

אין קריניק פלעג איך נעמען בראָנפן באַ ר׳ דוד מריינע, דעם גאון ר׳ ישראל סאַלאַנטערס אַן איידעם. ער האָט געהאַלטן קריניקער הויף מיטן ברויז, איז געווען אַ איד אַ גביר פון אַן אַכציג טויזנט רובל, און אַ איד אַ למדן און אַ קלוגער, נאָר אַ כעסן — נאָט זאָל אויסהיטן! ער איז אויך באַ זיך געווען זעהר גרולדיג. אַז עמיצער האָט אים עפּעס פוגע בכבוד געווען, ווי אים האָט זיך אויסגעדוכט, איז ער יענעם באַפאַלן מיט די גרעסטע זלזולים.

ער האָט אָבער געהאַט אַ גוטע מעלה, אַ שיינע מעלה: ער פלעגט באַלד אָפּגיין פון כעס און תּיכּף יענעם איבערבעטן. מעג יענער זיין אַפילו אַ קל שבקלים. שטענדיג האָט אַזוי געטראָפן: ר׳ דוד פלעגט באַלד תּוך כּדי דבור פון כעס אָפּגיין. ער האָט נאָר באַדאַרפט דערפילן, אַז ער האָט יענעם באַליידיגט, האָט ער שוין יענעם נישט אָפּגעלאָזט. דאָס האָט אים געמענט אַפילו קאָסטן זעהר טייער. יענער האָט געמוזט זאָגן, אַז ער איז אים מוחל, און דערפאַר האָט ער זיך מיט יענעם צעקושט.

באַ מריינען אין קאָנטאָר זיינען שטענדיג געווען פיל מענשן, אַלע קריניקער שיינקאַרעס און אַלע ישובניקעס פון די ווייטעסטע דערפער. נעבן קריניק, אַ וויאָרסט צוויי, איז אַפילו געווען נאָך אַ גרויסער ברויז פון בראָנפן, וואָס האָט אויך געהערט צו אַ אירן. דאָרט איז אָבער געווען די גאַנצע רעדלפירערין דאָס ווייב יענטע. דאָס איז געווען אַ גרויסע אשת־חיל, זעהר אַ שיינע און אַ קלוגע פרוי, און דער מאַן איז באַ איר געווען אַ פינפטע ראָד צום וואָגן. קיינער האָט פון אים נישט געוואוסט, און דער ברויז איז גענאַנגען אויף איר נאָמען. אַנדערע האָבן אַפילו נישט געוואוסט, אַז זי האָט אַ מאַן. ער איז געווען גאָר נישקשה פון אַ מענשן, אַ לערנער, אַ שטיקל קענער; נאָר זי איז געווען אַזאַ שטאַרקע אידענע, „אַ אידענע אין הויזן״, אַז ווען ער איז אַפילו געזעסן אין קאָנטאָר, האָט אויך קיינער מיט אים נישט גערעדט פון געשעפט.

זי האָט געהאַלטן פיל הויפן און צוויי ברויזן — און אַלץ אַליין געפירט. אָבער די בראָנפנס אירע האָט זי געמוזט פאַרקויפן אַנגראָ אין די ווייטערע סביבות, נישט לאחרים, פאַר שיינקאַרעס און אַרענדאַרעס פון די אַרומיגע דער־

פער, ווייל זיי אַלע האָבן בעסער געוואָלט האַנדלען מיט ר׳ דוד מריינען, צוליב זיין גרויסער ערליכקייט, צוליב זיין וואָרט, וואָס איז געווען אייזן־שטאַרק. האָט ער פאַרקויפט צי געקויפט און עס איז געוואָרן דערנאָך טייערער צי וועלוועלער, האָט ער קיינמאָל נישט משנה געווען.

דעם אמת געזאָגט, פלעגט מען פון אים אָפטער ליידן מחמת זיין בייזער צונג, זיין אימפעט, זיין צעכעסטן האַסט. און האָט ער דערנאָך אַפילו איבערגעבעטן, האָט עס דאָך נישט אינגאַנצן אַרויסגעריסן די באַליידיגונג פון האַרצן. נאָר זיין ערליכקייט, זיין ערליכקייט! זי האָט אַלעמען צוגע־צויגן; אַפילו די שיינקאַרעס, וואָס זיינען אים שולדיג געווען געלט און נישט געוואָלט באַצאָלן און פלעגן קומען קויפן בראָנפן צו יענעמען, פלעגן דאָך זיך מוזן צוריקקערן צו אים, באַצאָלן, וואָס עס איז געקומען און ווייטער האַנדלען. צו אַזאַ סוחר האָט געצויגן, ווי מיט מאַגניט.

געוויינליך האָב איך אויך גענומען בראָנפן באַ מריינען. איך פלעג מיר נעמען אַ פעסל בראָנפן פון אַ צען — פופצען עמער און אַוועקפאָרן. מריינע האָט מיך גאָרנישט געקענט און אַפילו קיין צייט נישט געהאַט מיט מיר צו ריידן. קומט, הייסט עס, אַ יונגערמאַן נעמען בראָנפן, זאָל ער נעמען.

איינמאָל, געדיינק איך, האָט מיך ראָזענבלום געבעטן איבערצוגעבן מריינען, אַז יענער טוט אים אַן עולה דערמיט, וואָס ער נעמט נישט אָפּ די געקויפטע קאַרטאָפלעס. ראָזענבלום האָט עס נישט וואו צו האַלטן.

פאָרנדיג נאָך בראָנפן, גיב איך אַזוי איבער מריינען ראָזענבלומס ווערטער. אָבער אָנשטאָט צו ענטפערן, באַקוקט מיך ר׳ דוד אַ ווײַלע און פאַלט פלוצלינג אָן אויף מיר מיט אַזוינע זלזולים, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין. עס איז געווען אַ פולע שטוב מיט מענשן. איך האָב מיך געשעמט די אויגן אויפצוהויבן.

אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען, האָט אים זיין איידעם געזאָגט, אַז איך בין דאָ גאָרנישט שולדיג און אַז די זלזולים האָבן זיך דאָס מאָל גראָד נישט געפּאַסט. גלאַט באַליידיגט אַ פרעמדן יונגענמאַן. איך בין שנעל אַוועק־געפאָרן, און ר׳ דוד האָט מיך שוין צוריק נישט געקאָנט כאַפּן — איבער־בעטן מיך, ווי זיין שטייגער איז געווען.

איך האָב נאָך נישט געהאַט גענומען קיין בראָנפן. פאָר איך אַוועק צו יענטן און נעם דאָרט, וואָס איך דאַרף. איר בראָנפן איז אָבער געווען שלעכטער. איז מיר אויך געווען נישט גאָר גוט אויפן האַרצן. די מעשה מיט מריינען האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. אגב האָב איך געוואָלט קויפן אַ פינף הונדערט עמער מיט אַמאָל, עס זאָל מיר קאָסטן ביליגער, און אַזאַ קניה מוז איך מאַכן נאָר באַ מריינען.

איך האָב נישט געוואָלט דערציילן ראָזענבלומען, אַז ר׳ דוד מריינע האָט מיך באַליידיגט. מיר האָט נישט געפּאַסט צו מאַכן „פּלאָטקעס״. האָב איך אַלץ געקלערט אַן עצה, וואָס צו טון, און געהאַט אַ סך פאַרדראָס.

אַז איך האָב גערעדט מיט איינע מענשן פון שטאָט וועגן מריינען, האָבן מיר אַלע אין איין קול געזאָגט, אַז פון ר׳ דורן מעג מען ליידן, מחמת אַלץ צוליב דעמזעלבן טעם: עס איז גוט מיט אים צו האַנדלען. נאָך האָט מען מיר דערציילט, אַז אים פאַרדריסט די מעשה, אַז ער עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ, וואָס ער האָט מיך באַליידיגט און אַז ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט געגעבן אַ פינף און צוואַנציגער, ווען מען זאָל מיך ברענגען צו אים זיך איבערבעטן און מאַכן שלום.

האָב איך זיך מישב געווען און אָנגעשריבן אַ העברעאישן בריף (מיין רעמאָלדיגס געווער). ווען איך וועל פאָרן נאָך בראָנפן צו יענטען און פאַרבייפאָרן נעבן קריניקער הויף, האָב איך גערעכנט, וועל איך אים מיט עמיצן אַריינשיקן.

פאָר איך איינמאָל פאַרביי הויף, שטייט ריכטיג ר׳ דוד מיט נאָך אַ אידן נעבן טויער, באַם וועג. פאַלט מיר פלוצלינג איין איבערצוגעבן אים אייגנהענטיג דעם בריף. גיב איך אים פון ווייטן, זיצנדיג אויפן וואָגן, אַ ווייז דעם בריף. לויפט ער צו, נעמט אים אין האַנט, שטייענדיג נעבן מיין וועגל, עפנט אויף און הויבט אָן לייענען. איז אים באַלד דער אָנהויב בריף אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט מיך געכאַפּט קושן און בעטן מיך מיט טרערן, איך זאָל אים מוחל זיין. ער האָט מיך נישט געקענט, געווען פאַרדרייט, צערודערט א. אַז. וו. זאָג איך אים, אַז איך בין אים מוחל און איידער וואָס, ווען, ציהט ער שוין די צוים פון פערד צו זיך אין טויער אַריין.

זאָג איך:

— ר׳ דוד, איך וועל שוין אַליין אַריינפאָרן צו אייך.

זאָגט ער:

— ניין, איך מוז אייך דעם כבוד אָנטון, אַליין פירן פאַרן צוים ביזן קאָנטאָר, אַז אַלע זאָלן זעהן, ווי איך בעט אייך איבער.

און אַז איך בין אַראָפּ פון וואָגן, האָט מיך ר׳ דוד אָנגענומען אונטערן אָרעם און אַריינגעפירט אין קאָנטאָר. דאָרט זיינען געווען פול מענשן, און ער האָט בקול רם אַרויסגעזאָגט:

— עולם, איך בעט איבער בפני כל עם ועדה דעם ראָזינגן יונגענמאַן און זאָג אייך, עולם, אַז איך בין געווען זעהר אומגערעכט, בעת איך האָב אים באַליידיגט מיט אַ וואָך זעקס צוריק...

ר׳ דוד האָט געהייסן אַריינטראָגן אַ פלעשל אַלטן בראָנפן פון אַ יאָר פופצען מיט לעקעך און מיט קיכל און מיט צוגעפּראַווטעט הערינג פאַרן גאַנצן עולם, און איצט, באַם לחיים, האָבן מיר זיך צעקושט. אין דרויסן איז שוין פאַר מיר געשטאַנען גרייט אין וואָגן אַ פאַס בראָנפן. אַז איך בין אַוועקגעפאָרן, בין איך געווען באַגייסטערט פון דעם דאָזיגן ר׳ דורן און פאַרגעסן אָן אַלע באַליידיגונגען.

אָט אַזוי האָט זיך געפירט אַן אַמאָליגער גביר פון אַ וואָסערע אַכציג טויזנט רובל.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך ר׳ דוד מריינע אין מיר „איינגעליבט״. באַ אונז איז טאַקע געווען אַ מין ליבע. יערע וואָך האָבן מיר זיך געמוזט זעהן. און אין מיין לעבן האָב איך נישט וויניג גוטע שעהן געהאַט באַ ר׳ דורן.

נעבן קריניק האָב איך אויך געפונען אַ טייערן חבר פון די אַמאָליגע העברעער און שרייבער, יוסף גיביאַנסקי, אַ יונגערמאַן אין מיינע יאָרן, אפשר יונגער פון מיר מיט אַ קליינינקייט. ער איז געווען אַן איידעם באַ אַ מילנער אין אַ דאָרף. דער שווער האָט אים געגעבן פינף הונדערט רובל נדן מיט פינף יאָר קעסט.

גיביאַנסקי איז צו פופצען יאָר געוואָרן אַ חתן. דער שווער זיינער האָט פריהער געוואוינט אין קריניק און דעם חתן גיביאַנסקי האָט ער אַראָפּגעבראַכט צו זיך אויף פסח. דער חתן האָט געזאָגט אַ דרשה אין קריניקער שול און האָט אויסגענומען מיט זיין דרשה נישט ווי אַ אינגל פון פופצען יאָר, נאָר ווי אַ איר פון פופציג. חתונה געהאַט האָט ער צו זעכצען יאָר. דערנאָך האָט דער שווער געדונגען אַ וואַסערמיל אין אַ דאָרף און איז אַריין אַהין וואוינען, מיטנעמענדיג מיט זיך דאָס פאָר־פאָלק אויף קעסט.

ער איז געווען מפורסם פאַר אַ גוטן העברעער, וואָס שרייבט שיין לשון־קודש. אַז ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז געקומען צו זיין איידעם, ר׳ דוד מריינע, אין הויף אַריין זיך אָפּרוהען, איז ער געווען אין קריניקער הויף דעם גאַנצן זומער, דאָס איז געווען אַ יאָר פאַר מיין קומען קיין מאַקאַראָוויצי. די קריניקער לומדישע יונגעלייט פלעגן אויף אַלע מיטאָגן זיין צום טיש, און גיביאַנסקי איז אויך געווען בתוכם; און דעמאָלט האָט גיביאַנסקי געשריבן אין „המגיד״, וואָס ר׳ ישראל סאַלאַנטער האָט גערעדט באַם טיש. די אידישע וועלט האָט געקאָכט מיט ר׳ ישראלס ווערטער...

מיט דעם גיביאַנסקין האָב איך זיך גוט באַפריינדעט און פלעג אים באַזוכן אין זיין דאָרף, און ער מיך באַ מיר אין הויז.

דעם אמת געזאָגט, בין איך גאָרנישט געלעגן אין געשעפט, ווי אַלע מענשן, ד. ה. זוכן וואָס מער געלט פאַרדינען, וואָס מער פרנסה, ריוח, חניפה, כאַפּן, רייסן און נאָך אַזוינע זאַכן. אייגנטליך האָב איך דאָך געהאַט

זעהר אַ גוטע קרעטשמע, און מיט חניפה האָב איך געקאָנט באַ ראָזענבלומען זעהר אַ סך דערווערבן. נאָר איך האָב מיך נישט געסטאַרעט צו ג ע נ ע נ ע ן זיך אַפילו צו אים און צו דער פריצטע, כּדי צו געפינען חן באַ זיי אין די אויגן. מיין קאָפּ און מיין גייסט איז נאָר געלעגן דערין, ווי אַזוי צו געפינען וואוילע, ליבע, אַנטוויקלטע מענשן, וואָס איך זאָל מיך קאָנען מיט זיי חברן, פאַרברייננגען מיט זיי אין חקירות און וכּוחים. דאָס איז געווען מיין פאַרגעניגן.

מיר האָט עפּעס געפעלט אָט דער חוש צו ווען האָבן וואָס מער געלט, וואָס אָ ה ן ד ע ם קאָן דער מענש נישט לעבן און מ י ט ד ע ם קריגט מען אַ ל ץ. איך בין אַ גרויסער מסתּפק, איך באַנוגן זיך מיט וואָס איך האָב. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז אַ גרויסער פעלער, און עס קאָן זיין, אַז דאָס איז, פאַרקערט, אַ גרויסע מעלה. עס קאָן זיין, אַז ווען איך וואָלט געלעגן נאָר א י ן ג ע ל ט, וואָלט איך אפשר גאָ ר נ י ש ט געהאַט. פאַראַן פיל אַזעלכע מענשן, וואָס זיי זיינען אַריינגעטאָן מיט לייב און זעלע אין געלט און ה אָ ב ן ג אָ ר נ י ש ט. ווער קאָן עס וויסן און ווער קאָן עס פאָראויסזאָגן!

ר' דוד האָט געהאַט אַ געראָטענעם זון, האָב איך מיט אים זיך אויך שטאַרק באַפריינדעט און זעהר אָפט פאַרבראַכט אין חקירה און חלומות...

איך האָב אָנגעהויבן שטאַרק צו לעזן השׂכּלה־ביכער, וואָס צוליב דעם פלעג איך עקסטרע מאַכן נסיעות קיין גראָדנע, כּלומרשט פאַרקויפן פּוטער און קויפן זיסן בראָנפן, און געמיינט האָב איך בלויז צו קויפן דאָרט פרישע השׂכּלה־ביכער אָדער צו לייען, אויב מען קריגט נישט צו קויפן. פון געשעפט ווענן האָב איך גאָר נישט באַדאַרפט אַזוי אָפט פאָרן: מיט איין מאָל האָב איך געקאָנט יוצא זיין אויף אַ לאַנגער צייט.

זייענדיג אין גראָדנע גאַנץ אָפט, האָב איך ערפאַרן, אַז איך האָב דאָרט אַ קרובה, איינע אַ חייטשע הורוויטש, זעהר אַן אינטערעסאַנטע פרוי, וואָס ווענן איר איז כּדאי צו שרייבן מער באריכות.

קודם כּל איז זי געווען אַ פרוי אַ שטאַרקע, און אין גראָדנע, אין סקידלער גאַס, שטייט געשריבן אויפן בלעכל פון איר הויז — ד אָ ס ה ו י ז פ ו ן ח י י ט ש ע ה ו ר ו ו י ט ש, איר פאָטערס פאַמיליע און נישט איר מאַנס. זי האָט געטראָגן די הויזן. איך האָב דאָס הויז אָפּגעזוכט, אַריין אין שטוב און זיך פאָרגעשטעלט פאַר איר. קרובים זיינען מיר אַפילו נישט קיין נאָהענטע — נאָר דאָך קרובים. זי האָט מיך זעהר העפליך צוגענומען, און איך בין זיך מודה, אַז אַן איינדרוק האָט זי אויף מיר געמאַכט זעהר אַ שטאַרקן.

באַ איר אין הויז האָבן זיך שטענדיג געפונען פיל מענשן פון אַלע קלאַסן און עלטער. יונגעלייט און דערוואַקסענע, און אַלטע, און סוחרים, און

פֿאַרראַרטשיקעס, און אַרוואָקאַטן, און דאָקטוירים און גלאַט קלוגע מענשן. מען פֿלעגט קומען צו איר עצות פֿרעגן װעגן מסחר, װעגן פֿאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן — װעגן אַלץ. בײַ איר פֿלעגט מען פֿרעגן װי צו פֿירן אַ פּראָצעס, און אַז מען האָט בײַראַרפֿט אָנקומען צו אַ בײַאַמטן פֿון אַ סור, האָט זי שוין געלערנט װי צו ריידן און װי זיך צו בײַגיין דערבײַ. אַליין פֿלעגט זי אויך פֿיל פּועלן בײַ די בײַאַמטע, װאָס זי האָט בײַראַרפֿט. מיט איר פֿלעגן זיך אַפֿילו יוריסטן אַמאָל מישב זיין װעגן אַ פֿאַרװיקלטן ענין, אָדער װעגן דעם, װי אַזױ צו שרייבן אַ גוטן קאָנטראַקט צװישן צוויי שותּפֿים. זי איז געװען אַ זעלטענע חכמה מיט אַ גלייכן שכל און האָט פֿאַרמאָגט אַ רעכט ביסל הומאָר. זי האָט געקאָנט זאָגן שיין אַ װיץ.

זי פֿלעגט פֿאַרדינען פֿון די פּריזיװן און פֿון געריכטס־געשעפֿטן אַ פֿיר, פֿינף טויזנט רובל אַ יאָר. בײַזונדערס איז זי געװען אַ גרויסע בעל־טובהניצע, למשל, גיין צום פּאָליצמייסטער, צום איספּראַװניק, צום גובערנאַטאָר. טון אַ אידן אַ טובה איז זי געלאָפֿן און כמעט שטענדיג געפּועלט, װאָס מען האָט בײַראַרפֿט. אַמאָל אינגאַנצן יענעם אַרויסגעהאָלפֿן פֿון אַן עת צרה און אַמאָל אַ ביסל געהאָלפֿן, אָבער גאָר מיט ליידיגן האָט זי קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. עפּעס האָט זי געמוזט העלפֿן.

בײַ איר איז געװען „צום גובערנאַטאָר גיין“ פֿון די גרינגע זאַכן, און דער גובערנאַטאָר האָט געהאַט הנאה מיט איר צו ריידן. זי האָט געקאָנט דעם גובערנאַטאָר אויך אַריינזאָגן אַזאַ שאַרפֿן װיץ, אַז עס זאָל אים אַ שטאָך טון אין דער זיבעטער ריפּ. און ער האָט אויך געמוזט לאַכן, װייל עס איז געװען גערעכטן און קלוג אַ שטאָך געטאָן.

איר מאַן איז אויך געװען אַ גאַנץ װאױלער און אַפֿילו אַ געלערנטער מענש, נאָר ער האָט אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט עפּענען אַ מויל אין איר געזעלשאַפֿט. ער האָט פֿראָסט מורא געהאַט עפּעס צו ריידן. איבעריגנס, די ראָזינגע מורא האָט נישט נאָר געשפּירט איר מאַן אַליין, נאָר אויך די אַלע, װאָס פֿלעגן בײַזוכן איר הויז. אַ צו שאַרפֿן שכל און אַ צו שאַרפֿע צונג האָט זי פֿאַרמאָגט. און װערן אויסגעלאַכט פֿון אַ פֿרוי איז נישט פֿון די גוטע זאַכן.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך פֿאַרבראַכט בײַ איר אַ פּאָר שעה צייט אַלס גאַסט. מיט קיינעם האָב איך זיך נישט געקענט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו חייטשען מיט אירע געסט, צוגעהערט זיך צו איר חכמה, בײַטראַכט איר האַלטן זיך און איר אויפֿפֿירונג און בײַשלאָסן זיצן און שװייגן. ריידן דאַרף זי — װאָרום זי איז זעהר קלוג...

זי האָט מיך בײַקאַנט מיט די געסט און האָט מיך פֿאַרהאַלטן לייגנער, ביז אַלע זיינען אַװעקגעגאַנגען. אַפּנים, אַז זי האָט מיך געװאָלט צענלירערן,

זעהן וואָס פאַר אַ סחורה איך בין. דערנאָך האָט זי מיך פאַרבעטן אויף מיטאָג.

נאָך מיטאָג איז זי מיט מיר געגאַנגען שפּאַצירן אין גאַס. אויפן וועג האָט זי מיך געבעטן, אַז איך זאָל איר דערציילן פון מיינע ענינים, וואו, הייסט עס, האַלט איך אין דער וועלט. זי איז נאָך זעהר אַ הייסע קרובה אויך דערצו און אינטערעסירט זיך מיט אַלע קליינינקייטן. אָט קום איך, למשל, קיין גראָדנע מיט געשעפט: איך ברייננ צו פאַרקויפן פּוטער, קעז און קויף איין בראָנפן און נאָך סחורות. דערין קאָן זי מיר באַהילפיג זיין. זי קאָן דאָס מיר אַלץ באַזאָרגן און מיר וועט זי גאַר נישט לאָזן זיך באַמיהען מכּח די אַלע זאַכן. קום איך קיין גראָדנע, דאַרף איך בעסער לעבן אַ גוטן טאָג, און מיינע עסקים וועלן שוין זיין אין אָרדענונג. דאָס וועט איר קיין סך טרחה נישט קאָסטן, זי האָט אומעטום אַדריוטאַנטן, וואָס וועלן מיך די מינוט באַזאָרגן.

און דאָס איז נישט געווען קיין באַרימעריי. שפּעטער האָב איך מיך דערין איבערציינט. איך האָב איינגעזעהן, אַז איך האָב מיך פריהער אָפּגעי נאַרט באַם פאַרקויפן פּוטער און באַם קויפן בראָנפן. טאַקע ריזעלבע חייטשע האָט עס מיר קלאָר געמאַכט. דערנאָך האָט זי שוין אויפגעזוכט די ראַיעלסטע סוחרים פון פּוטער און האָט מיר שוין נישט געלאָזט זיך פאַרנאַרן. איך האָב גענומען דעם בעסטן פּרייז פאַר פּוטער, און דעם בראָנפן האָט זי מיר איינגעקויפט אין אַן אַנדער דיסטיליאַרניע אַ סך ביליגער און בעסערע סחורה. מיט איין וואָרט, איך האָב מיט איר געטראָפן.

מיינע געשעפטן האָט זי מיר שוין שטענדיג איינגעאָרדנט אין איין טאָג, און פאַרבראַכט האָב איך באַ איר גרויסאַרטיג גוט נאָך צוויי טעג איבעריגע, אין דער שענסטער גראָדנער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך שטענדיג געפונען באַ איר אין שטוב. אָט אַזוי פלעג איך מאַכן אין גראָדנע אַכט נסיעות אַ יאָר. יעדע נסיעה איז געווען אַ שטיק פאַרגעניגן, אַ גרויסער תענוג.

דער קיסר אַלעקסאַנדער דער צווייטער פלעגט אַלע יאָר קומען קיין גראָדנע אויף אַ „סמאָטר". דער גראָדנער פּלאַץ איז אים געווען געפעלן פאַר זיין ברייטקייט און פאַר דעם, וואָס דאָס מיליטער שטייט אויף אים שיין.

געוויינליך, זומער קומען זיך צונויף פון גאַנצן אויעזד אַלע דאָרפסלייט, פּריצים און אידן — זעהן דעם קיסר מיטן סמאָטר און דעם גאַנצן פּאַראַד, וואָס גראָדנע פלעגט אים מאַכן. פלעג איך שוין אויך אַלע יאָר פאָרן קיין גראָדנע אין דער צייט, ווען דער קיסר דאַרף קומען.

דער קיסר פלעגט פאַרברייננען אין גראָדנע אָנדערטהאַלבן מעת־לעת. אין דער צייט איז קיינער צו חייטשען נישט געקומען. יעדערער איז געווען פאַרנומען מיט די פּאַראַדן און דעם קיסר. צו חייטשען פלעג איך אָבער

אויך אין דער טומלדינגער צייט אַריינקומען. חייטשע פּלעגט דעמאָלט נישט זיין קיין סך אין דרויסן. ראָרטן איז געווען אַ שטופּעניש, און זי האָט עס פיינט געהאַט.

— מען שטייט מיט אַרויסגעשפּאַרטע אויגן און מען קוקט — פלעגט זי זיך קרימען.

איך בין איינמאָל געשטאַנען נעבן קיסר, ווען ער איז געזעסן אויפן פערד, און פאַרביי אים האָט דורכגעמאַרשירט דאָס מיליטער. טאַקע נעבן זיין פערד בין איך געשטאַנען און געקוקט אים אין פּנים אַריין. עס האָט זיך געוואָלט קוקן שטאַרק, טיף און לאַנג. געזעסן איז דער קיסר אויפן פערד פריילעך, מונטער, און עס איז געווען אַנגענעם צו קוקן אויף זיין שטאַרקער פיגור; אַז ער איז דורכגעפאָרן, האָב איך זיך אַלץ געשפּאַרט צו אים. זיין נעהענטער האָב איך געוואָלט...

איינמאָל, געדיינק איך, איז דער קיסר געקומען צופאָרן קיין גראָדנע האַלב צווייי באַנאַכט, און אויף מאָרגן זיבן אַזייגער איז ער שוין געפאָרן אויפן סמאָטר. בין איך פינף אַזייגער אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אַריין, וואו ער האָט באַראַרפט דורכפאָרן. דער קיסר איז געפאָרן אין אַ פאַרמאַכטער קאַרעטע מיטן ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר פּאָטאַפּאָוו. דער גרויסער עולם, וואָס איז דערביי געשטאַנען, האָט אָנגעהויבן צו שרייען:

— קיסר, מיר ווילן דיך זעהן.

האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר געעפנט די טיר פון קאַרעט און אויסגערופן צום עולם:

— דער קיסר איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. ער וויל אָפּרוהען.

דער עולם אָבער הערט אים נישט און שרייט ווידער:

— קיסר, מיר ווילן דיך זעהן.

האָט שוין דער קיסר אַליין געעפנט דאָס טירל פון קאַרעט און געזאָגט:

— גאָספּאָדאַ, איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. גיט מיר עטוואָס רוה. פון סמאָטר וועל איך פאָרן פּאַמעליך אין אַן אָפענער קאַרעטע, וועט איר מיך זעהן.

און אַזוי איז געווען. צוריק איז ער געפאָרן אין אַן אָפענער קאַרעטע, טריט־באַ־טריט, און אַלע האָבן אים געזעהן. איך בין געשטאַנען נעבן פּוילישן קלויסטער, וואו דער קיסר איז דערנאָך אַרויף אויפן גאַניק, באַפּוצט מיט שיינע קאָוויאָרן און בלומען.

דער פּוילישער דעקאַן איז געשטאַנען דערביי, און דער קיסר, געבנדיג אים די האַנט, האָט געבעטן פאַרצייהונג, וואָס ער האָט נישט קיין צייט אַריינצוגיין אין קלויסטער. באַלד האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין קאַרעט, און אַזוי איז ער ווידער געפאָרן איבער דער גאַנצער שטאָט, טריט־באַ־טריט,

ביזן גובערנאַטאָרס הויז. מען האָט זיך געריכט, אַז ער זאָל זיין אויך אין רוסישן קלויסטער און אין שול, אָבער מער ווי אויפן גאַניק פון פוילישן קלויסטער איז ער נישט געווען. די פּאָלאַקן האָבן זיך כאָטש דערמיט געפרייט. אַן איינדרוק פלעגט ער שטענדיג איבערלאָזן אַ גוטן און אַ שטאַרקן.

אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָב איך געזעהן עטליכע מאָל, און בעת איך פלעג שטיין נעבן אים, האָב איך יעדעס מאָל געהאַט אַ תענוג רוחני. גוטמוטיג פלעגט ער שטענדיג באַטראַכטן דאָס פּובליקום אַרום זיך.

אַליין איז ער געווען אַ הויכער, אַ ברייטער און אַ שיינער. ניקאָלאַיס קוק, זאָגט מען, איז געווען זעהר אַ בייזער. דער זיידע אהרן־לייזער האָט דערציילט, אַז ער איז איינמאָל געווען אין בריסק, בעת דער קיסר ניקאָלאַי איז דאָרט דורכגעפאָרן. עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער עולם. אַלע האָבן געוואָלט זעהן דעם קיסר. דער זיידע אויך בתוכם.

באַלד האָט זיך באַוויזן דער קיסר. ער איז געשטאַנען נישט ווייט פון זיידן, און ביידנס בליקן, דעם קיסרס און דעם זיידנס, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן.

— פון דעם קוק איז מיר איינגעפאַלן דאָס בלוט — האָט זיך דער זיידע געצאַפּלט — און איך וועל אים אייביג געדיינקען...

אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס קומען קיין גראָדנע האָט שטענדיג אַרויסגע־רופן אַ יום־טוב באַ אידן. מיר האָבן זיך אַלע געפרייט, און אין דעם טאָג, וואָס ער פלעגט זיך דאַרפן באַוויזן אין גאַס, פלעגן אַלע אַוועקוואַרפן די אַרבעט און שפּאַצירן אין פרייליכע גרופּעס איבערן שטאָט.

---

# קאַפּיטל VIII

א געשפּרעך מיט חייטשען מכּח ווייבערשע נאַטורן, מכּח זייער חלשן און סבּאַד־מעס. — מאַקאַראָוויטי. — דער רוסישער און דער פּוילישער גלח. — אונזערע שמועסן. — ווענענס רעליגיע שטייט העכער? — די אָרעמיגע ישובניקעס. — ימים־נוראים־צייט. — ישובניקעס נעמען איידעמלאַך. — דאָס איינהאַנדלען שטעט אין די שולן.

איך האָב דערציילט חייטשען, אַז מיין ווייב האָט אַמאָל געחלשט דערפאַר, וואָס זי האָט געזעהן, אַז איך האָב שבת צוגענומען בּאַ אַ קריסט אַ פּערציגער מיט דער בּלויזער האַנט און נישט דורך אַ פּאַטשיילקע, ווי אַלע אידן טוען אין די דערפער און קליינע שטעטלאַך.

אין די גרויסע שטעט האָט מען זיך דערצו צוגעפּאַסט אויף אַן אַנדער שטייגער.

אין די אַלע רעסטאָראַנען און בּיר־הייזער זיינען פאַראַן אַזעלכע בּלע־כענע און מעשענע קוויטלאַך, וואו עס איז אויסגעקריצט דער נאָמען פון בּעל־הבּית, און אַלע ווארשעווער אידן, וואָס קאָנען נישט אויסקומען שבּת אָהן בּיר, קויפן פרייטאָג די ראָזיגע קוויטלאַך. שבּת צאָלן זיי מיט דעם פאַרן בּיר און וויין. עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע אידן, וואָס האָבּן געשעפטן פון געטראַנקען, אַרבּעטן דעם שבּתדיגן טאָג עבודת פּרך. אַ קליי־ניגקייט, וואָס עס ווערט צעטרונקען בּיר שבּת בּאַ אידן אין ווארשע!

פערזענליך בּין איך קעגן אַזעלכע היתּרים, וואָס אידן מאַכן זיך. עס איז בּאַוואוסט, אַז דאָס, וואָס בּאַ אידן טאָר מען קיין געלט נישט האַלטן, דאָס הייסט, מוקצה, איז צוליב דעם, אַז מען זאָל רוהען. אָהן געלט קאָן זיך אַ מענש אין ערגעץ נישט רירן, נישט קויפן און נישט פאַרקויפן. אָבער דאָ נעמט אַ איד און מאַכט פון רעמזעלבּן מעטאַל, צי פון מעש, צי אַפילו פון בּלעך אַ מין היתּר־מטבּע און מעג שוין אַרבּעטן דעם גאַנצן שבּת־דיגן טאָג ערגער פון אַ פערד. אַז זיין נאָמען איז אויסגעקריצט — מעג מען; אַז דער נאָמען פון קיסר — טאָר מען נישט.

איך האָב עס דערציילט חייטשען. זאָגט זי מיר בזה הלשון:

— מיין ליבער יונגערמאַן! גלויבט נישט די ווייבער מיט זייער חלשן. איך וועל אייך דערציילן, ווי אַזוי איך פלעג אַמאָל כסדר חלשן... ווי נאָר עפּעס — געחלשט. האָב איך באַלד נישט געקראָגן, וואָס איך האָב באַדאַרפט — אַ פאַל געטאָן אין חלשות...

זי האָט זיך איראָניש אַרומגעקוקט און דערציילט ווייטער:

— איך בין געווען, מיין ליבער יונגערמאַן, אַ יתומה אָהן אַ טאַטן. צו זעכצען יאָר בין איך געווען זעהר אַ שיין מיידל און פאַר אַ קלוגע האָט מען מיך אויך געהאַלטן. איך האָב דעמאָלט געשריבן העברעאיש און רוסיש, בעת אידישע טעכטער האָבן אַפילו קיין אלף נישט געקאָנט אויסקריצן. זיצן אַ מיידל נאָך זעכצען יאָר איז דעמאָלט נישט געווען אין דער מאָדע, און איך האָב חתונה געהאַט און אָנגעקומען צו אַ שווער פון אַ קליין שטעטל, אַ איד אַ גביר פון אַ פופציג טויזנט רובל. זיין זון, אַ בן־יחיד, איז געוואָרן מיין מאַן. דער שווער האָט געוואָלט נעמען פאַר זיין זון אַ ווייב פון גרויס יחוס, מיט אַלע מעלות, עס מעג אַפילו זיין אָהן געלט. בין איך דאָס געווען די באַשערטע. איך האָב געגעבן נדן אינגאַנצן דריי הונדערט רובל. מיין פאָטער האָט לאַנג געקרייִנקט, ביז ער איז פאַראָרימט געוואָרן. עס איז נאָך אַפילו געבליבן פון טאַטן עטליכע טויזנט רובל מיט אַ סך זילבער, אָבער איך האָב נאָך צוויי שוועסטער און אַ ברודער, און די מאַמע דאַרף נאָך אויך, און אַז עס האָט זיך געמאַכט דער שדוך, וואָס פאַרלאַנגט קיין געלט נישט, האָב איך פון מיין נדן, וואָס איז געווען פאַררעכנט אויף טויזנט רובל, נאָר גענומען דריי הונדערט און דאָס איבעריגע אָפּגעגעבן פאַר די שוועסטער.

אַז איך בין אָנגעקומען אין שטעטל צום שווער אויף קעסט, איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. באַם שווער איז אַ גרויס הויז, פיל צימערן, אָבער אומעטום זיינען אָנגעשטעלט פּראָסטע, הילצערנע, ווייסע בייִנק מיט טישן און מען עסט פון פּאָליוועגע שיסל, פון גראָבע טעלער און מיט בלעכענע לעפל. עסן עסט מען גוט, עס פעלט קיין זאַך נישט, אָבער אַלץ פּראָסט. אַזוי אין עסן, אַזוי אין דער גאַנצער פירעכטס. טיי טרינקט מען פון אַ קריגל, און וואָס פאַר אַ טיי — מען קאָן אין מויל נישט נעמען.

דער רב פון שטעטל איז געווען דעם שווערס אַ פריינט. ער איז געווען באַ אונז שבת אויף שבעה ברכות. איך בין אים, אַפּנים, געפעלן געוואָרן, האָט ער פאַרבעטן מיך מיט מיין מאַן קומען אים באַזוכן אַ צווייטן שבת. אַז איך בין געפעלן געוואָרן דעם רב און דערנאָך דער רביצין, האָב איך שוין נושא־חן געווען באַ דעם גאַנצן שטעטל און איך האָב זיך אָנגעהויבן האַלטן גרויס, געהויבן, שטאָלץ.

האָב איך איינגעזעהן, אַז איך וועל קאָנען אויספירן ביסלעכווייז, אַז מען זאָל בײַ אונז עסן מיט זילבערנע לעפל, אין פּאַיאַנסענע שיינע טעלער און אָנשטאָט פּראָסטע ביינק זאָלן זיין קאַנאַפּעס מיט שטולן, אַזוי ווי בײַ אונז אין דערהיים.

כאָטש מיין פאָטער איז פאַראָרימט געוואָרן, פונדעסטוועגן האָט מען בײַ אונז געגעסן מיט זילבערנע לעפל. איך האָב געמיינט, אַז בײַ מיין שווער אין שטוב וועט עס זיין נאָך רייכער. אַ רייכער איד! איך האָב אַזוי ליב געהאַט רייך מעבל, שיינע טיש־געשיר, שפּיגלען אויף די ווענט, לאַנגע איידעלע כאָרניקעס אונטער די פיס... וואָס טוט מען אָבער דאָ? הייסן דעם שווער אויספּוצן די שטוב, איז געווען אוממעגליך. שוין אַן עלטערער איד, ווער קאָן דאָס אים איבערמאַכן? נאָר איינמאָל האָב איך געזאָגט דעם שווער, אַז איך קאָן דורכאויס אין אַזאַ פאַרגרעבטקייט נישט לעבן.

— רייך זענט איר, טאָ לעבט אויך ווי אַ גביר. איך קאָן נישט עסן אין אַזעלכע טעלער, מיט אַזעלכע לעפל און קאָן נישט זיצן אויף די מאָגערע פּראָסטע ביינקלאַך. איך בין געוויינט צו זיצן אויף ווייכע שטולן און קאַנאַפּעס, ווי בײַ מיין פאָטער...

דער שווער האָט געזאָגט, אַז ער קאָן מיר געבן, למשל, אַ מתּנה טויזנט רובל, אָבער איבעראַנדערשן זיין פירונג, וואָס זיינע אָבות־אַבותינו האָבן זיך אַזוי געפירט, קאָן ער נישט... ווי מיר איז ליב מיין פאָטערס מעבל, אַזוי זיינען אים ליב זיינע פּראָסטע טישן און ביינקלאַך.

אָט דעמאָלט טאַקע האָב איך זיך גענומען צו מיין ווייבערש געווער. איך האָב געחלשט... איז געוואָרן אַ מהומה אין שטוב, אַלע זיינען געבליבן טויט פון שרעק. אין אַ קליין שטעטל — זיינען אַלע באַלד צונויפגעלאָפן מיך ראַטעווען... אַז מען האָט מיך אָפּגעראַטעוועט, האָט דער שווער געפרעגט:

— נו, זאָג מיר, טאָכטער, וואָס ווילסטו, איך זאָל דיר קויפן?

ווער איך באַלד מונטער און זאָג:

— גיט מיר דריי הונדערט רובל, וועל איך פאָרן קיין גראָדנע און איינ־קויפן מעבל און טיש־געשיר און נאָך אַזעלכע שטובזאַכן.

אָבער עס הויבט זיך גאָרנישט אָן. ער וויל נישט.

אַזוי איז אַוועק נאָך אַ האַלב יאָר. דער שווער מיטן מאַן האָבן מיך ליב, אָבער אויספירן בײַ זיי קאָן איך נישט. האָב איך אָנגעהויבן ווייטער צו חלשן...

דעמאָלט האָט זיך דער שווער אונטערגעגעבן, און מיט מיין חלשן האָב איך אַלע מאָל דערגרייכט אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט.

אַלץ האָט אָבער אַ מאָס, און איך האָב אין מיין נצחון פאַרגעסן אָן איר.

איינמאָל, געדיינק איך, האָב איך מיר אַזוי געחלשט און דער מאַן מינ־טערט מיך. הער איך, ווי ער זאָגט בעת־מעשה:
— חייטשע, חייטשע, ס'וועט קומען אַ צייט, וואָס אַז דו וועסט חלשן, וועל איך דיך נישט וועלן מינטערן...
— ע, ע! — האָב איך מיך באמת דערשראָקן. אויב אַזוי, טויג שוין נישט. האָב איך זיך גלייך געגעבן אַ שטעל אויף און געזאָגט:
— איך בין געזונט... איך וועל שוין מער נישט דאַרפן, דו זאָלסט מיך מינטערן.
איצט האָט חייטשע חוזק געמאַכט פון די מאַנסבלען, וואָס די ווייבער פירן זיי פאַר די נעזער און קאָנען מיט געמאַכטע חלשות אויספירן בײַ זיי אַלץ אין דער וועלט. די מאַנסבלען האָט זי גערופן שמאַטעס.
די מאַנסבלען, וואָס זיינען געזעסן בײַ מיר אין שטוב, האָבן געלאַכט, בעת איך האָב דערציילט מיין ווייב פון חייטשעס חלשן און ווי אַזוי זי האָט עס אויסגעטייטשט, האָט שוין מיין ווייב אויך, דוכט זיך, אויפגעהערט דאָס צו טון...
געלעבט האָט זיך מיר דעמאָלט נישט שלעכט, איך האָב פאַרדינט איבער געננוג. אין די ווינטערדיגע לאַנגע אָוונטן האָב איך געלעזן חקירה־ספרים, וואָס שטענדיג האָב איך צו זיי געהאַט אַ גרויסע תּשוקה, און מיט וועמען צו פאַרברייגגען איז אויך געווען.
מיין ווייב האָט אַפילו געוואָלט, איך זאָל מיך דרייען מער אַרום ראָזענ־בלומען, וועל איך האָבן אַ טובה דערפון. איך האָב עס נישט געוואָלט. חניפה ליגט נישט אין מיין גבול. און מאַלע וואָס דאָס ווייב זאָגט... ווייבער ווילן דאָך איינשליגגען די גאַנצע וועלט. איין גוטער ספר איז בײַ מיר טייערער געווען פון אַלע ראָזענבלומס מיט אוצרות געלט.
איך האָב יעדעס יאָר געהאַט אָפּגעשפּאָרטע עטליכע הונדערט רובל און דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען ווייטער. אַמאָל פלעג איך אַ שמועס טון מיטן פּוילישן גלח, מיין שכן, זעהר אַ געלערנטער קריסט און אַ פרומער. ריידן פיל האָט ער נישט ליב געהאַט.
דער רוסישער גלח איז שוין געווען פראָסטער, האָט ווייניג געקענט, דערפאַר האָט ער אָבער מער הארץ געהאַט, און מיר האָבן גוט געלעבט צווישן זיך.
געווען איז דער רוסישער גלח אַ הויכער, אַ דיקער, אַ געזונטער און אַ לעבּ־קינד. ער פלעגט קומען צופאָרן אויף דריי פערד און אָפּזיצן בײַ מיר עטליכע שעה צייט.
פרומקייט האָט בײַ אים געשפּילט אַ קנאַפּע ראָליע און אויף אַן עבירהלע איז ער געווען אַ גרויסער בעלן...

דער פוילישער גלח, ווידער, פלעגט מיך סטראַשען, אַז איך וועל קיין גן־עדן נישט האָבן.

— חאַצקל, אַ איד לאָזט מען נישט אַריין אין גן־עדן... אַ איד האָט מען דאָרטן פיינט...

און ער פלעגט אַ ווייז טון מיטן פינגער אויפן הימל.

— מיט וואָס ביסטו זיכער, אַז דיך האָט מען אויפן עולם־האמת ליב ?

— פלעג איך אים אַ פרעג טון.

אָט אַזוי האָבן מיר זיך געאַמפּערט.

איינמאָל, געדיינק איך, האָט ער מיר באַוויזן, אַז אין ענין מופתים איז קריסטוס געווען גרעסער פאַר משהן. משה האָט עס נישט געקאָנט מאַכן. דהיינו, אַז קריסטוס פלעגט קומען אין אַ שטאָט, זיינען אויפגעשטאַנען אַלע מתים פון בית־עולם, וואָס זיינען שוין הונדערטער יאָרן געווען טויט, און געגאַנגען אים מקבל פנים זיין. דאָס האָט משה נישט באַוויזן. האָב איך אים אויף דעם געענטפערט, וואָס רבינו סעדיה גאון האָט געזאָגט ערגעץ באַ אַן אַנדער ענין.

ווען מען דערציילט, למשל, אַז אַ מענש האָט אויסגעטרונקען אַ פאַס וואַסער פון צען עמער, אַ צווייטער, ווידער, האָט אויסגעטרונקען אַ גאַנצן ברונים מיט וואַסער, אַ דריטער האָט אויסגעטרונקען אַ גאַנצן טייך, אַ פערטער — דעם ים אוקינוס, און מען פרעגט דערביי — ווער האָט דאָ באַוויזן אַ גרעסערן וואונדער, דאַרף מען איינגעפינען, אַז אַלע גלייך, וואָרום אַז אַ מענש, וואָס קאָן מער נישט אויסטרינקען ווי אַ גלאָז וואַסער, האָט אויסגעטרונקען צען עמער וואַסער, איז דאָס דער איינענער וואונדער, ווי דעמס, וואָס האָט אויסגעטרונקען דעם גאַנצן ים אוקינוס ; וואָרום ווי עס איז אוממעגליך אויסצוטרינקען דעם ים, אַזוי איז אוממעגליך אויסצוטרינקען צען עמער וואַסער.

און שפּאַלטן אַ ים קאָן אַ מענש ? און געבן וואַסער פון אַ שטיין קאָן אַ מענש ? און געבן עסן מן פאַר ששים רבוי אידן אין אַ מדבר קאָן אַ מענש ? דאָס קאָן קיין מענש נישט באַווייזן און יענץ קאָן אויך קיין מענש נישט באַווייזן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן איינער דעם אַנדערן נישט געקאָנט מנצח זיין.

און איינמאָל פרעגט ער מיך :

— ווי קאָנט איר זאָגן אין אייערע תפילות: אתה בחרתנו מכל העמים, אהבת אותנו ורצית בנו ורוממתנו מכל הלשונות און אַזוי ווייטער — דו, גאָט, האָסט אונז אויסגעוויילט פון אַלע פעלקער, דו האָסט אונז ליב,

באַגערסט אונז און האָסט אונז דערהויבן איבער אַלעמען? ס׳טייטש — פרעגט דער גלח — ווי קאָנט איר זאָגן פאַר גאָט אַזאַ מאוסן ליגן? מ׳הרגעט דאָך אייך, מ׳שעכט דאָך אייך, מ׳בראָט דאָך אייך, מ׳שענדט אייך, מ׳רייסט אייך און מ׳טרעט אייך מיט די פיס און דערנאָך קומט איר זיך צו גאָט מיט אַזאַ גראָבן ליגן? דאָס איז דאָך אַן אומפאַרשעמטע זאַך!...

— פריצל, — האָב איך אים געענטפערט — ווען דאָס וואָלט געווען נישט אַזוי, טאָ פאַרוואָס איז אייער קריסטוס געבוירן געוואָרן באַ אידן? איז דאָך אַ סימן, אַז גאָט האָט דאָך אויסגעוויילט די אידן פון אַלע פעלקער!...

דאָס האָט באַ אים אַביסל אָפּגענומען דעם קוראַזש.

באַ מיינע שכנים, די ישובניקעס, בין איך געווען אַ שטיקל יחסן. איך קען, צום ביישפּיל, אַביסל לערנען, וואָס דאָס רוב פון זיי קענען דאָס נישט. און אַז איך פלעג קומען אַלע שבת צום מנין אין ביאַלע־קאָזע באַם מילנער, פלעגט מען מיך בעטן שטיין באַם ספר און טיילן די עליות.

די ישובניקעס האָבן נישט געוואוסט, וואָס צו טון מיט מיר, וואָס פאַר אַ טשין מען זאָל מיר געבן. דעמאָלט איז באַ זיי פאַרבליבן, אַז אַלס טשין, זאָל מען באַ מיר מאַכן דעם מנין צום ראַוונען.

אַז דער מנין איז געוואָרן באַ מיר, האָט זיך אַלע שבת פאַרגרעסערט דער עולם ראַוונער. עס האָבן אָנגעהויבן וואָס ווייטער צוקומען מער ישובניקעס פון אַרום און אַרום.

פאַרן מנין איז באַ מיר געווען נאָר אַ באַזונדערע מעלה. איך האָב אַבאָנירט דעם „המליץ“ און דעם „המגיד“. דאָס איז געווען אַ קוואַל פון נייעס, נאָך וואָס דער עולם האָט אַזוי געגאַרט. מיט דער צייט זיינען מיינע ישובניקעס געוואָרן גרויסע „וועלט־פּאָליטיקער“. זיי האָבן געשעפּט פון די צייטונגען און זיך געטיילט, ווי מיט אַ ביסן פון מויל.

ראָזענבלום, ווידער, האָט געהאַלטן אַ וואַרשעווער טעגליכע צייטונג, און אויף אַזאַ אופן האָב איך זיי מפּי ראָזענבלום געקאָנט געבן נאָך אַ מינדליכעביילאַגע מיט נייעס און פּאָליטיק אַזוי, אַז זיי האָבן געקאָנט אין פּאָליטיק פאַררוקן אַ ביסמאַרקן הינטערן אויוון... גאָט זאָל אָפּהיטן, וואָס באַ מיר האָט זיך צעטאָן אין דעם זיבעציגטן יאָר בשעת דער פּרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה. עס האָט געהודזשעט ווי אין אַ בינשטאָק, און אַלע זיינען געווען פאַרשמייעט.

אַפילו אין מיטן וואָך פלעגן די ישובניקעס אויך קומען נאָך נייעס. אַ קליינינקייט — אַ איר נייעס.

די וואָך, וואָס פאַר ראש־השנה, האָב איך שוין אָנגעהויבן מסדר צו זיין ווי אַרויסצופאָרן מיטן ווייב און קינדער און מיטן גאַנצן האַק־און־פּאַק קיין

קריניק אויף ראש־השנה. צוליב שבת האָט באַדאַרפט זיין דריי טעג יום־טוב. ראָזענבלום איז געפאָרן אויף ראש־השנה און יום־כפור קיין וואַרשע און אָנגעזאָגט אין הויף, אַז מען זאָל געבן צוויי גרויסע פורגאָנען צו צוויי פערד פאַר מיינעטוועגן אויף ראש־השנה קיין קריניק.

אַז עס קומט פאַר ראש־השנה, גרייטן זיך שוין צו אַלע ישובניקעס צו פאָרן אין שטאָט אַריין מיטן גאַנצן געזינדל און מיט די קיך־געשיר און טיש־געשיר. קיין איין איד בלייבט נישט איבער אין דאָרף אויף ראש־השנה. דער ישובניק מעג זיין ווי קראַנק, דאָס ווייב מעג זיין אַ קינפּעטאָרין — פאָרט מען אין שטאָט. מען פאָרט מיט עופהלאַך, מיט קליינע קינדערלאַך, מיט קראַנקע און שוואַכע. מאַכן אין דער צייט אַ מנין אין דאָרף, האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן. יעדער איד מוז קומען אין שול צום יום־הדין.

אַז עס ווערט נעהענטער צו ראש־השנה, פאָרן די מאַנסבלען מיט די ווייבער אין שטאָט אַריין קויפן סחורה אויף מלבושים פאַר זיך און פאַר די קינדער. און ווער רעדט, פאַר די גרעסערע בתולות, וואָס שטייען שוין אין שדוכים, מאַכט מען מלבושים מיט אַלע „שיקן".

רייכע ישובניקעס פלעגן אַראָפּברייננגען צו זיך אַ שניידער מיט אַ פּועל און מען פלעגט אים אָפּהאַלטן באַ אַ חודש צייט. אַז די ישובניקעס קומען אין שטאָט אויף ראש־השנה, גייען זיי אין נייע קליידער, וואָס קנאַקן.

די שטאָט־לייט זיינען מקרב די ישובניקעס, האָבן אויף זיי מיטלייד: זיי וואוינען נעבעך דאָס גאַנצע יאָר אין דאָרף צווישן גויים, אָהן אַ בית־המדרש, אָהן אַ באָר און אָהן אַ מקוה...

די ישובניקעס שטעלן זיך אַרויס ראש־השנה ברייט און האָבן באַזונדער הנאה, וואָס די שטאָטישע מענשן ריידן מיט זיי און חברן זיך מיט זיי. דאָס רוב פלעגן ראש־השנה געשלאָסן ווערן שדוכים. די אָרימערע, געפאַלענע שטאָט־מענשן, זיינען זיך מתחתן מיט די בעלי־בתּישערע ישובניקעס, וואָס האָבן שטענדיג זייער שטיקל ברויט. זיי לעבן אַפילו פּראָסט, אָבער ברויט האָבן זיי כמעט אַלע; ווער רעדט, די נגידישע ישובניקעס — די לעבן דאָך זעהר גוט.

אַמאָליגע ישובניקעס פלעגן דאָס רוב נעמען לערנערס פאַר איידעמס. זיי פלעגן בעטן אין שטאָט באַ זייער פאַמיליע און גוטע פריינט, אַז מען זאָל אויסזוכן פאַר זייערע טעכטער אַ חתן פון די בית־המדרש־אינגלאַך, וואָס דאָס רוב קומען פון פרעמדע שטעט לערנען, ווי איך האָב שוין געשריבן פריהער. מען האָט דעמאָלט געכאַפּט לערנערס ווי מצה־וואַסער. דער רעכטער מאַרק אויף חתנים פלעגט זיך שטעלן פאַר די ימים־נוראים. פאַר ראש־השנה פלעגט זיך יעדער ישובניק אויסקלייבן אַ בחור

— אַ לערנער, לויט זיין מצב, וויפיל ער קאָן געבן נדן, און דאָס רוב פלעגט ראש־השנה געשלאָסן ווערן אַן אָפּמאַך צווישן די מחותּנים מיטן אינגל דעם לערנער, וואָס זיינע עלטערן וואוינען ערגעץ נישט הי. דאָס אינגל מיט דער כּלה האָבן נישט געטאָרט ריידן צווישן זיך. מיט הייסע און פאַרבאָרגענע בליקן האָט מען זיך פון דערווייטנס אָנגעקוקט, און דאָס האַרץ האָט געטיאָכקעט, געטיאָכקעט, געטיאָכקעט...

נאָך ראש־השנה שרייבט דאָס עלנטע אינגל אַ בריף צו זיינע עלטערן, אַז ער איז געפעלן געוואָרן אַ ישובניק, אַ פיינעם בעל־הבית אָרער אַ נגיד, וואָס וויל אים נעמען פאַר אַן איידעם. באַלד פלעגט אַזאַ אינגל באַקומען פון די עלטערן אַ כּח הרשאה, אַז זיי זיינען מסכּים צום שדוך און באַלד פלעגט מען שרייבן די תּנאים. האָבן דעם בחורלס עלטערן געקאָנט — זיינען זיי געקומען צו די תּנאים, אויב נישט, איז געווען רעכט אָהן זיי...

ביי אַזעלכע לערנערס יונגעלייט טרעפט, אַז זיי זיינען גאָר קנאַפּע לערנערס. איינער האָט חן מיט זיין אויסזעהן, איינער מיט זיין צינגל. און אַז די ראָזינע „לערנערס" קומען אָן צו די שווערס אין די ישובים אויף קעסט, גיט מען אָפּ דעם פאָר־פאָלק אַ באַזונדער חדר, און ער „לערנט" מיט דעם שיינעם ניגון. עס קאָן זיין, אַז ער קוקט גאָר בעת מעשה אין ספר נישט אַריין, ער זינגט נאָר די גמרא, און שווער און שוויגער שעפּן נחת...

צו זייער פרייד איז קיין גלייכן נישטאָ. טיף אין האַרצן זיינען זיי זיכער, אַז צוליב דעם איידעם — דעם לערנער וועלן זיי האָבן אייביגן גן־עדן. עס פאַרשטייט זיך, אַז געשען איז עס הויפּטזעכליך מיט די אָרימע ישובניקעס.

דאָס ערשטע יאָר טוט דער יונגערמאַנטשיק נישט אַריין קיין פינגער אין קאַלט וואַסער. ער עסט נאָר דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, שלאָפט אַ סך און זינגט די גמרא.

גייט אָפּ אַ שטיקל צייט, זאָגט דאָס איידעמל, אַז ער דאַרף שוין האָבן אַן אַנדער גמרא. די האָט ער שוין אויסגעלערנט. לייט דער שווער בײַ די נגידישע ישובניקעס אַ גמרא — די נגידישע ישובניקעס האָבן כּמעט אַלע געהאַט ש״ס׳ן — און דער שווער פרייט זיך. אין אַ קורצער צייט אַרום זאָגט דער איידעם דעם שווער, אַז ער האָט שוין די מסכתּא אויף אָפּגע־לערנט און ער דאַרף שוין ווידער אַן אַנדער מסכתּא. פירט אָפּ דער שווער די מסכתּא מיט גרויס שמחה און ברייגנט פון דאָס ניי אַן אַנדערע — און פרייט זיך נאָך מער ווי פריהער.

די יונגעלייט האַלטן פאַרריסן דעם קאָפּ אין שטוב, קוקן אויף אַלעמען מיט גאוה, און וואָס זאָל מען זיך נאַרן, — די פויערים, וואָס קומען אַריין אין

קרעטשמע טרינקען שנאַפּס, האָבן אויך דרך־ארץ פאַר די ראָזינע בעלי־ביתלאַך.

— זיי זיינען געלערנטע... — מורמלען די פּויערים מיט דרך־ארץ.

ישובניקעס האָבן זיך אויך ליב מתחתן צו זיין מיט אַנדערע ישובניקעס, זייערע שכנים, וואו די מיידלאַך מיט די אינגלאַך קענען זיך. צו די אינגלאַך פלעגן זיי אַפילו האַלטן מלמדים. מיידלאַך האָט מען גאָרנישט געלערנט.

אַמאָל פלעגן עטליכע ישובניקעס נעמען צוזאַמען אַ מלמד פאַר די אינגלאַך; לערנען פלעגט מען באַ איין ישובניק. דער ראָזינער ישובניק פלעגט דעם מלמד באַקעסטיגן און פאַר די איבעריגע אינגלאַך פלעגט דער מלמד נעמען געצאָלט. אַ מלמד פלעגט מען צאָלן, געוויינליך, אַ דרייסיג, פערציג רובל אַ זמן. פופציג רובל פאַרן זמן איז שוין געווען אַ גוואַל־דאָווגע סומע.

די דאָרפישע מלמדים האָבן אָבער דאָס רוב נישט געקענט לערנען און די ישובישע אינגלאַך פלעגן אַרויסקומען קאַליקעס.

רייכע ישובניקעס האָבן ווירקליך געהאַט גרויסע לערנערס פאַר אייניקלעך. מיט געלט קאָן מען אַלץ דאָקאַזשען. פאַר ניקאָלאַיס צייטן זיינען בכלל ווייניג ישובניקעס געווען, און שיינע אידן האָבן דאָס אודאי נישט געוואָלט זיין. זיי האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ מאוסע זאַך. אידן האָבן נאָר גע־האַלטן אין אַרענדע קרעטשמעס אָדער פאַקטן.

נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד אָבער, ווען אַ סך אידן האָבן זיך באַזעצט אין די פּוילישע מאַיאָנטקעס און אין די וועלדער, האָבן שוין איידעלע יחוסדיגע אידן געדונגען קרעטשמעס און פאַקטן באַ די אידן־פּריצים. דעמאָלט האָט די גאַנצע אידישע אַריסטאָקראַטיע אַרויסגעוואַנדערט אין דאָרף אַריין, און די ישובישע טעכטער האָבן זיך געקליידט מיטן גרעסטן שיק. זיי האָבן שוין באַלד אַראָפּגענומען אָדער שיטער געמאַכט דעם שלעכטן שם פון ישובניקעס עם־הארצות, וואָס איז דאָך פאַרבליבן עד היום הזה. די ישובניקעס פון די זעכציגסטע יאָרן האָבן שוין געלערנט זייערע מיידלאַך, ווי די אינגלאַך, און מלמדים האָט מען געהאַלטן אויס־געצייכנטע.

טאַקע אין דער ראָזינער צייט האָב איך געהאַלטן מאַקאַראָווצי. דאָס איז שוין געווען אַ יאָר זיבן, אַכט נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד. כמעט די שענסטע און די פיינסטע און די רייכסטע אידן האָבן זיך באַזעצט אין די דערפער. אין מיין צייט זיינען שוין די ישובניקעס געווען גאַנצע מיוחסים. זיי פלעגן אַריינפאָרן אין שטאָט אויף ראש־השנה מיט גרויס פּאָמפּע, און זייערע שטעט אין די שולן און בתי־מדרשים זיינען געווען פון די שענסטע.

פאַר ראש־השנה בין איך געפאָרן קויפן שטעט. געווען אין קריניקער שול גאָר אַ גרויסאַרטיגע שטאָט, סאַמע נעבן אָרון־קודש, וואָס דאָרט שטייט אומעטום און שטענדיג דער רב.

איך האָב גערונגען די שטאָט און האָב מיך געפילט מיוחסדיג, געהויבן. אָבער דאָס רוב ישובניקעס, ווי געזאָגט, האָבן גערונגען „שיינע" שטעט, און איך וויים נישט, צי מיין תענוג האָט אַריבערגעוואויגן זייערן...

די קאָנקורענץ אויף כבוד איז געווען זעהר גרויס.

---

# קאַפּיטל IX

**דאָס לעבן פון אַמאָליגע ישובניקעס. — ליובאָוויטשאָוועס נביאות. — פּאַן דאָבראָ־זשינסקי. — פּאַן דאָבראָזשינסקים מעשיות. — זיין שבֿרות. — דאָס פערדעלע. — גענעראַל קיסלאָווסקי. — זיינע אָריגינעלע גיינג. — די תּאווה צו מוזיק. — יאָסל לידער. — אַן אייזערנער מענש, נאָר אָהן אַ הארץ. — זיינע שפּיצלאַך. — יאָסל לידער מיטן גובערנאַטאָר. — ראובן, ויברח!**

אין מיין צייט האָבן די ישובניקעס און די וואַלד־סוחרים געלעבט גרויס־אַרטיג. די שטאָט־לייט האָבן כּמעט געלעבט פון די ישובניקעס, אַלע תּבֿואה־סוחרים און האָלץ־הענדלער האָבן אַלץ געקויפט בײַ אידן. די פּאָסעסאָרס האָבן געפירט אַ פּריציש לעבן. די קינדער האָבן זיך געפילט, ווי פּריצישע קינדער. די בעסטע מלמדים האָבן די פּאָסעסאָרס גענומען פאַר זייערע קינדער, און די, וואָס האָבן געוואוינט נאָהענט פון די גרויסע שטעט, האָבן אַרייגעגעבן די קינדער אין גימנאַזיעס. רעמאָלט זיינען אָפּן געווען אַלע לער־אַנשטאַלטן פאַר אידן. אויסערדעם, זיינען די גרעסטע לומדים געווען ישובישע איידעמס, און דער יחוס, ווי געזאָגט, האָט זיך אַריבערגעפּעקלט פון שטאָט אין דאָרף.

און אַז די ישובניקעס זיינען אַרייגעפאָרן אין די שטעטלאַך אויף ראש־השנה, האָבן זיך אויף די גאַסן באַוויזן שיינע בריטשקעס מיט שיינע שפּאַנען און שיינע אידן אין שיינע קליידער. מען האָט געבראַכט מיט זיך זילבערנע טיש־געשיר מיט גרויסע זילבערנע לייכטער, און יעדערער האָט זיך געסטאַרעט איבערשטייגן דעם צווייטן מיט גרעסערער פירונג, מיט אַ ברייטערן לעבן, מיטן קויפן די פיינסטע עליות, מיט די טייערסטע מאכלים, און פון זיי האָט זיך דאָס גענומען די מאָדע מכבד זיין מיט פּירעשקעס. אויסערדעם, האָט מען נישט געקאַרגט קיין זיסע שנאַפּסן און וויינען.

בנוגע צו מיר האָט ליובאָוויטשאָווע שוין געהאַט צו ריידן און צו קריטיקירן פאַר אַ סך זאַכן: פאַרוואָס איך בין פויל, לויט איר מיינונג, פאַרוואָס בײַ מיר איז אַ גראָשן אַ ממזר, פאַרוואָס איך לייען ביכלאַך און נאָך און נאָך.

— ער וועט שוין קיינמאָל אַ גראָשן נישט האָבן !...

אַזוי האָט זי אַפּילו געזאָגט מיין ווייב. אַז אַ מענטש האָט אַ גראָשן, דאַרף ער דאָס אַוועקלייגן, באַהאַלטן. אַ גראָשן צו אַ גראָשן — ווערט אַ רובל. אַ רובל צו אַ רובל — ווערט צוויי, און הונדערט, און מער. איך האָב אָבער אַזעלכע שיטערע פינגער. אַ רובל איז באַ מיר בלאָטע און אַרבעטן וויל איך נישט, בין איך דאָך שוין געווים אַ פאַרפאַלענער.

די קרעטשמע, ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, האָב איך אַוועקגעשטעלט גוט. באַ מיר זיינען געווען פאַרשיידענע גוטע ווייגען, אַלערליי בראָנפנס און קאָניאַקן, טייערע בירן, און צו מיר האָבן זיך געצויגן שליאַכטעס און פויערים פון דער גאַנצער אַרומיגער געגנט. אין די זונטאָגן און אין אַלע גויאישע ימים־טובים איז געווען געפּאַקט באַ מיר די קרעטשמע מיט מענטשן. די פויערים זיינען באַ מיר געווען אין דער גרויסער שטוב, און די שליאַכטעס — אין די איבעריגע צימערן. אין די טעג האָב איך, פאַרשטייט זיך, אויך שטאַרק געאַרבעט, נישט ווי ליובאָוויטשאָווע זאָגט. איך האָב אַפּילו געהאַלטן צוויי מענטשן צום דערלאַנגען, און מען האָט געמוזט גוט אָפּהיטן די אָרדענונג.

אין די געוויינליכע וואָכעדיגע טעג זיינען געווען ווייניג געסט, און איך האָב דערביי גאָרנישט געהאַט וואָס צו טון. איך האָב נאָר גוט איינגעפירט, געבראַכט די קרעטשמע אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג, וואָס די פריהערדיגע אידעלאַך האָבן אויף דעם קיינמאָל נישט געקוקט. איך האָב געהאַט צייט אויף אַלץ, נאָר די פריצטע האָט סתם פיינט געהאַט, אַז אַ מענטש האָט צייט...

האָט זי געהאַלטן אין איין קריטיקירן מיך. זי האָט אַלץ געזאָגט, אַז איך פּאַסט מיך בעסער פאַר אַ רב אָדער, להבדיל, אַ גלח אין אַ גרויסער שטאָט. אַ רב און, להבדיל, אַ גלח זיינען באַ איר געווען מענטשן, וואָס האָבן געמעגט נישט האָרעווען...

— נאָר ער טוט און פילאָזאָפירט. ער איז דאָך עפּעס אַ איד אַן אָרימאַן. פאַרוואָס זאָל ער נישט זעהן קומען צו אַ תכלית? יאָ, ער וועט שוין קיינמאָל קיין לייט נישט זיין, צו קיין געלט וועט ער קיינמאָל נישט קומען, און וואָס טויג אַ מענטש אָהן געלט?...

דאָס רוב פלעגט זי דאָס איינטענען מיט מיין ווייב. זי האָט אויך געהאַט דעם איינענעם טעות, וואָס דער טאַטע, וועלכער האָט געמיינט, אַז מיין ווייב וועט מיך מאַכן פאַר אַ חסיד, קוים וועט ער נאָר אויף איר ווירקן. די פריצטע האָט אויך געמיינט, אַז מיין ווייב וועט מיך מאַכן פאַר אַ קאַרגן, פוסטן און האָרעפּאַשנעם פאַרשוינדל, קוים וועט זי איר נאָר געבן גוט צו

פאַרשטיין. און איך וועל גיין אין שייער און שאַרן מיט דער גראַבליע די זאַנגען, ווי ראָזענבלום טוט.

אויף מיין ווייב האָט ליובאָוויטשאָווע שטאַרק געווירקט, אָבער קיין טובה איז דערפון נישט אַרויסגעקומען. מיין ווייב האָט נאָר געהאָרעוועט איבער די כחות, וואָס מען האָט עס גאָרנישט באַדאַרפט.

איך האָב אָבער געטראַכט: צו וואָס דאַרף מען זיך איבערהאָרעווען, פון די כחות אַרויסגיין, בעת מען קאָן לעבן גאַנץ פיין אָהן אַזאַ אוממענש־ליכער גראָבער האָרעוואַניע?

צו וואָס פאַרפויערן זיך, פאַרגרעבט ווערן, קאַליע מאַכן די אייגענע נשמה?... און ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, בין איך געווען גערעכט. נאָר וועגן דעם ווייטער.

דער פריץ דאָבראָזשינסקי, וואָס האָט פאַרדונגען זיין מאַיאָנטעק ליובאָוויטשאָווען, האָט געוואוינט טאַקע באַ איר אין הויף און דאָרט געגעסן און געטרונקען. ער האָט נאָך געהאַט פאַר וואָס צו טרינקען. ער האָט נאָך פאַרמאָגט אַ גרויסן וואַלד אינם הויף באַרקע, וואָלקאָווויסקער אויעזד. פלעגט ער געבן די מאַקאַראָווצער פויערים, וואָס זיינען געווען זיינע אַמאָליגע לייב־קנעכט, קוויטלאַך אין באַרקער וואַלד צו זיין וואַלד־שומר, אַז יענער זאָל זיי אַרויסגעבן צו עטליכע פורלאַך האָלץ. דערפאַר האָבן די פויערים אים געקויפט בראָנפן און האָבן צוזאַמען מיט אים געטרונקען באַ מיר אין קרעטשמע. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער פאַן דאָבראָזשינסקי האָט זיך אַרומגעוואַלגערט שטענדיג שכור. באַם טרינקען האָט ער זיך מיט די פויערים און פויערטעס געקושט. פאַרבייסן האָט ער ליב געהאַט מיט קעז. און אַזוי האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרפויערט.

אין האַרצן איז ער אָבער געווען זעהר אַן איידעלער מענש מיט אַ גוטן כאַראַקטער. געוואַקסן איז ער פון גרויסן יחוס.

זיין זיידע איז געווען אויבער־מאַרשאַלאָק פון ווילנער אָקרוג. דער דאָ־זיגער זיידע איז איינמאָל אַרויפגעגאַנגען אין ביאַלע־קאַזע אויף אַ הויכן באַרג, וואָס אַז מען שטייט אויפן שפּיץ, קאָן מען זעהן אויף אַ ווייטן מהלך די אַרומיגע פעלדער און דערפער, און האָט געזאָגט, אַז אַלץ, וואָס זיין אויג זעהט, מוז זיין זיינס.

און אַזוי איז טאַקע געווען. באַ אַזאַ מאַכט און באַ אַמאָליגע יאָרן איז דאָס נישט געווען שווער צו פאַרווירקליכן...

די דריי קינדער, וואָס זיין זיידע האָט געהאַט, זיינען אַלע געווען צעלאָזענע און שאַרלאַטאַנעס. בעת דער זיידע איז געווען יונג, האָט ער זיי נאָך געהאַלטן פעסט און נישט געלאָזט שאַרלאַטאַנעווען. אָבער אויף דער עלטער האָט ער שוין קיין כח נישט געהאַט זיי איינצוהאַלטן, האָבן זיי

אָנגעמאַכט גרויסע חובות. זיי האָבן זאָגאַר נאָכגעפעלשט דעם פאָטערס אונטערשריפטן און מען האָט דערנאָך געמאַכט ליציטאַציעס אויף אַ סך הויפן. דער זיידע איז פון צער און חרפּה קראַנק געוואָרן און אַוועקגעשטאָרבן...

די דריי ברידער מיט איין שוועסטער האָבן זיך צעטיילט מיט די מאַיאָנטקעס און מיטן מזומן: סך־הכּל אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט רובל. דער טאַטע זיינער האָט געהאַט אויף זיין חלק זעקס מאַיאָנטקעס: דריי נעבן מאַקאַראָווצי און דריי אין וואָלקאָוויסקער אויעזד צוזאַמען מיט אַ גרויסן וואַלד און מיט אַ דריי הונדערט טויזנט רובל מזומן.

דעם טאַטנס ברידער האָבן אינגאַנצן פאַרשאַרלאַטאַנעוועט זייערע מאַ־יאָנטקעס מיטן געלט. דער טאַטע איז אָבער געווען אַביסל אָפּגעהאַל־טענער; די דאָזיגע מעלה איז נישט אַריבערגעגאַנגען צום זון, דעם פאַן דאָבראָזשינסקי, און ער האָט געמאַכט אַ חורבן פון דעם טאַטנס איינגס. די מאַיאָנטקעס האָט ער פאַרקויפט און אים איז געבליבן נאָר דער הויף מאַקאַראָווצי מיטן באַרקער הויף און וואַלד און מיטן גאָלד־און־זילבער־געשיר און די צירונג, וואָס ער האָט דערנאָך אויך פאַרקויפט.

ער איז געווען אַ קלוגער. לייען געלט האָט ער פיינט געהאַט, נאָר ער האָט פאַרקויפט כּסדר אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט. פאַרקויפט און געמאַכט געלט צום שאַרלאַטאַנעווען!...

„איך האָב אויך אָנגעהויבן צו מאַכן חובות, האָט דער געוועזענער פּריץ דערציילט — דער טאַטע האָט געזעהן, אַז איך וועל אויך פון דעם ביסל געבליבענעם מאַכן אַ תּל, איז ער אַוועקגעשטאָרבן... דאָס איז געווען אַ צוויי יאָר נאָך מיין חתונה. די מוטער איז אויך אין דעם יאָר געשטאָרבן. איז מיר געבליבן ירושה די צוויי מאַיאָנטקעס מיט צוואַנציג טויזנט רובל מזומן. איצט האָב איך אָנגעהויבן רעכט צו לעבן! איך האָב ליב מוזיק, האָב איך געדונגען אַן אָרקעסטער פון פערציג טשעכן, זיי זאָלן מיר שפּילן צום מיטאָג און אין די אָוונטן. געוואוינט האָב איך אין באַרקע. אויך האָב איך ליב פערד, האָב איך געהאַט דרייסיג פערד צו מיינע שפּאַנען; מוזיקאַנטן און לאָקייען האָב איך געהאַט ביז אַ זעכציג מאַן, און איך האָב נאָר כּסדר געטאָן און געהוליעט, געמאַכט בעלער, פאַרבעטן צו זיך אַלע אַרומיגע פּריצים, געטאַנצט און געשכּורט...

„לייען געלט האָב איך אַפילו אויסגעמיידט. נאָר אַז מען האָט באַדאַרפט, האָב איך נישט געקוקט דערויף. אַ בטוח בין איך געווען אין דער ערשטער צייט. קיין צינזן האָב איך נישט געזשאַלעוועט, וויפיל איך האָב געוואָלט, האָב איך געקראָגן געלט צו לייען און איך האָב אַזוי אָפּגעהוליעט אַ יאָר דריי. שפּעטער אָבער האָבן די בעלי־חובות אָנגעהויבן צו וועלן מאַכן ליציטאַציעס אויף מיינע הויפן. האָב איך געקראָגן באַ ליובאָוויטשאָווען

אַ היפּשע סומע געלט און גערעגולירט מיט מיינע שטאַרקערע בעלי־חובות אויף פּערציג פּראָצענט. אַ סך האָב איך אָבער נישט אָפּגעצאָלט...

„מיין פרוי האָט געזעהן, אַז איך האַלט שלעכט, אַז איך גיי פאַרלאָרן און וועל קיינמאָל נישט אַרויסקריכן, האָט זי מיט צוויי קינדערלאַך אָפּגעטראָטן פון מיר. זי האָט זיך באַזעצט אין איר מאַיאָנטעק, וואָס איר פאָטער האָט איר געגעבן אין נדן, און איצט, ברודער־לעבן, וואַלגער איך מיך... אַ שכּור"...

יאָ, ער האָט נאָך אַ דרייסיג־רובלדיג פּערדעלע, אַ קליינס, אַן אָרימס, אויף וועלכן ער פאָרט אַמאָל רייטנדיג.

אַזוי האָט ער מיר איינמאָל אין אַ ווינטערדיגן אָוונט דערציילט און פאַר זיין מעשה האָט ער געבעטן האָנאָראַר: אַ פלעשל שנאַפּס... איך האָב אים געגעבן, און ער האָט עס באַלד אויסגעליידיגט. ער איז געוואָרן שכּור, און אַז ער פלעגט זיין שכּור, פלעגט ער זיך נאָר כאַפּן קושן מיט וועמען עס מאַכט זיך: פּויערים, פּויערטעס — מיט אַלעמען. מיר זאָגט ער בעת מעשה, אַז ער האָט מיך אַזוי ליב, זאָל גאָט היטן, און כאַפּט מיך אויך קושן; געווען איז ער אָבער זעהר אַ געזונטער, האָט ער מיך בעת מעשה אַזוי צוגעשטיקט באַם קושן, אַז איך האָב נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם און זיך בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון אים, כאָטש איך בין אויך נישט געווען קיין שוואַך אינגל. ער האָט מיך אַזוי געהאַלטן צוגעשטיקט דאָס מויל צום האַרץ עטליכע מינוט, ביז איך האָב אָנגעהויבן... חלשן.

צום גליק איז אַריינגעקומען דוד רער שמיר. האָט ער באַלד דערזעהן, ווי איך בין אוממעכטיג און האָט מיך אַרויסגעריסן פון אים אַ געחלשטן. ער האָט געמאַכט אַ גוואַלד, מען איז זיך צונויפגעלאָפן און אָפּגעראַטעוועט מיך. ווען דער שמיר פאַרזוימט זיך אַ פּאָר מינוט, וואָלט איך זיכער געבליבן אַ טויטער פון ראָבּראָזשינסקיס ליבע. דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעזעהן, וואָס ער האָט דאָ געטאָן. ער האָט זיך שוין אַביסל אויסגעניכטערט. איז ער געפאַלן אויף די קני, האָט מיר געקושט די פיס, געוויינט מיט שכּורע טרערן און געטענעט, אַז דאָס איז נאָר פון גרויס ליבע צו מיר...

אָט אַזוי האָט זיך ראָבּראָזשינסקי אָפּגעלעבט פאַר מיר באַ אַ יאָר צייט. ער פלעגט טרינקען כּסדר בראָנפן, און אַז ער פלעגט שוין ווערן גוט שכּור, פלעגט ער זיך זעצן אויפן קליינעם דרייסיג־רובלדיגן פערדל און אַוועקרייטן. ער איז געווען זעהר אַ גוטער רייטער און האָט זיך געקאָנט האַלטן שכּור־ערהייט אויפן פערדל. אַמאָל פלעגט ער אָבער אַראָפּפאַלן אויך. נאָר ער פלעגט זיך נישט שטאַרק צעשעדיגן, מחמת דאָס פערדל איז געווען אַ קליינס און דער רייטער גרויס, הויך, אַז זיינע פיס פלעגן זיך כּמעט שאַרן איבער דער ערד.

אַזוי פלעגט ער זיך פֿאָרן קיין קריניק. זיין נסיעה איז געווען קריניק. זונטאָג פלעגט ער אַרומרייטן איבער דעם שטעטל, אַרום די קראָמען, אַלע פּויערים און אידן נאָך אים, אָבער קיינער האָט אים נישט געטאָן קיין רשעות, קיין שלעכטס, ווייל אַלע האָבן אים, אייגנטליך, ליב געהאַט.

אַזוי פלעגט ער מאַכן זונטאָג פרייליך דעם מאַרק. אַמאָל פלעגט ער אַריינפֿאָרן מיטן פערדל צום אַסעסער גלייך אין שטוב אַריין, צובווינגדיג דעם קאָפּ צו דעם פערדלס האַלז. אַריינגעקוועטשט זיך מיטן פערדל אין שטוב אַריין, פלעגט ער זיך האַלטן באַם בויך לאַכנדיג. אַ גבורה האָט ער באַוויזן. דערנאָך איז ער פּלוצלינג פאַרשוואונדן געוואָרן און איך וויים עד־היום נישט, וואו ער איז אַהינגעקומען. מסתּמא געשטאָרבן ערגעץ אין גרוים עלנט.

צוליב ראָזענבלומען האָב איך זיך אויך געקענט מיט אַלע אַרומיגע פּריצים. איך האָב, דעם אמת זאָגנדיג, געקאָנט מאַכן מיט זיי געשעפט, אָבער איך האָב גאָר וועגן קיין שום זאַך נישט געקלערט. אַלץ חקירה־ספרים, ביכלאַך און וכּוחים מיט מיינע עטליכע גוטע פריינט. פּרנסה האָב איך אַריבער און אַריבער. טאָ וואָס פעלט מיר?

געווען, געדיינק איך, איינער אַ גענעראַל קיסלאַווסקי, וואָס האָט געוואוינט אין אוסנאַרוש, פיר וויאָרסט פון מאַקאַראָוויצי. ער האָט געקויפט דעם מאַיאָנטעק צוזאַמען מיט נאָך אַ גרעסערן פולוואַרק, וואָס האָט געהייסן ליבאַוויטש, באַלד נאָכן פוילישן אויפשטאַנד פאַר זיבן הונדערט רובל. דעם הויף ליבאַוויטש האָט ער פאַרדונגען אַ אידן פאַר דריי טויזנט רובל אַ יאָר, און אין אוסנאַרוש האָט ער אַליין געוואוינט. ער איז געווען אַ גענע־ראַלס אַן איידעם; דער שווער זיינער איז געווען פון קיסרס סוויטע, נאָר ער האָט זיך איינגעליבט אין גראָדנע אין אַ אידיש מיידל, וואָס איז געווען זעהר אַ שיינע און האָט מיט איר חתונה געהאַט. זיי האָבן געהאַט אַ טאָכ־טער, וועלכע זיי האָבן חתונה געמאַכט מיט קיסלאַווסקין, אַ יונג פון קאַוואַ־לעריע און אַ שיינער.

דער שווער, דער גענעראַל, האָט שוין אַזוי געפירט, אַז קיסלאַווסקי איז געוואַקסן אַלע דריי יאָר גרעסער און גרעסער אין זיינע טשינען, ביז ער האָט באַקומען דעם טיטל גענעראַל, כאָטש בטבע איז ער געווען זעהר אַ פוילער און האָט פיינט געהאַט אַרבעט.

דערנאָך האָט אים דער שווער געקויפט די אויבנדערמאָנטע מאַיאָנטקעס, ער איז אַרויס פון מיליטער און געוואָרן אַ פּריץ. דער שווער איז געשטאָרבן און די שוויגער, די אידישע טאָכטער, האָט זיך אויפגעהאַלטן באַם איידעם. געלעבט האָבן זיי גוט מיט ראָזענבלומען און ליובאָוויטשאָווען און פלעגן פֿאָרן צו זיי אין געסט. ער איז געווען זעהר אַן אייגנאַרטיגער מענש מיט

מאָרנע אומפאַרשטענדליכע קאַפּריזן און אַנשויאונגען. דעם פּויער, וואָס פּלעגט קומען צו אים אויף דער אַרבעט, פּלעגט ער אַריינרופן צו זיך אין זאַל אַריין און דערקלערן, אַז זיין ווייב שפּילט זעהר שיין פּיאַנע... בעת מעשה האָט ער אַריינגערופן דאָס ווייב און געהייסן שפּילן. און זי האָט געשפּילט. קיסלאַוסקין איז געווען זעהר טשיקאַווע דער איינדרוק אויפן פּויער און ער פּלעגט לאַנג קוקן אויף אים און נאָכזוכן אויף דעם פּויערס אויגן דעם איינדרוק פון ראָיאַל... און אַז דער פּויער האָט הנאה געהאַט פונם שפּילן, איז קיסלאַווסקי געווען איבערגליקליך.

אַזאַ טבע האָט ער געהאַט.

ווי מיינער אַ שכן, האָבן מיר זיך גוט געקענט. אַז ער פּלעגט פאָרן פון ראָזענבלומס הויף, איז כמעט נישט געווען דאָס מאָל, ער זאָל נישט אָפּ־שטעלן די פערד נעבן מיין קרעטשמע, אַריינגיין זעהן זיך מיט מיר. זיין קוק, זיין גיין, זיין וואָרט — דאָס אַלץ איז געווען מאָדנע, און עס האָט זיך געדוכט, אַז אין דעם מענשן איז געלעגן עפּעס שטאַרקס און אומבאַ־גרייפליכס.

איינמאָל, זומער, בין איך פאַרבייגעפאָרן פאַרביי זיין הויף. ער איז גראָד געשטאַנען באַם טויער. געוויינליך, האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך און מיר תיכף ומיד געוואָלט מכבד זיין מיט זיין ווייבס מוזיק...

מיט מוזיק האָט ער, אַפּנים, געוואָלט פּרובן דעם מענשנס נשמה.

איך האָב אָבער קיין צייט נישט געהאַט און זיך אָפּגעזאָגט דערפון. וויל איך נישט קיין מוזיק, פירט ער מיך ווייזן זיין מאַיאָנטעק. ער וויל מיר אויך ווייזן זיינע פערד און בהמות; אָבער אָנשטאָט צו ווייזן מיר דאָס אַלץ, טוט ער זיך מיט אַמאָל אַ דריי אוים, כאַפּט אָן אַ הון, וואָס איז דערביי נעגאַנגען, און זאָגט פּלוצלינג אַרוים:

— אָט באַלד לייגט די הון אַן איי... פאַרשטייסט? — אַן איי...

און דער שיינער, מאָרנער און אומפאַרשטענדליכער פּריץ מיט די אומ־באַגרייפליכע, אויסטערלישע און משונהדיגע קאַפּריזן, האָט זיך בעת מעשה שטאַרק פאַרטראַכט...

צו דעם פּעקל אַמאָליגע פאַרשוינען און טיפּן געהערט אוראי יאָסל לידער, אַ איד פון קריניק.

דער יאָסל האָט געהאַלטן די קריניקער קאָראָבקע, וואָס דאָס וואָרט אַליין, אַז מען דערמאָנט עס, נעמט דורך ווי מיט קעלט דאָס לייב. און יאָסל איז געווען דער ערגסטער, דער מערדערישסטער פון זיי. אַז מען זאָל צופּאַסן צו אים די פאָלקס־לידער, אין וועלכע עס ווערט אַזוי העסליך באַזונגען דער בעל־קאָראָבקע, וועלן זיי זיין צו שוואַך פאַר אים.

אַ ישובניק, ווי די מאָרע איז, קוילעט זיך אַ בהמה צי אַן אָקס אָדער עטליכע ישובניקעס נעמען זיך צוזאַמען און קוילען אַ פּאָר אָקסן פאַר אַמאָל, דערנאָך זאַלצט מען דערפון איין גאַנצע פעסלאַך פלייש. ווערט ווייניגער אין די פעסלאַך, קויפט מען ווייטער, דאָס רוב בשותפות און מען זאַלצט ווידער צו. עסט מען אַ גאַנץ ווינטער פלייש אויפן דאָרף, אַזוי ווי די וועלף. עס קאָסט אַ פונט פלייש אפשר אַ גראָשן; אַמאָל פאַרדינט מען נאָך פונם פלייש. מען פאַרקויפט די פויערים די פעל, דעם הינטערשטן טייל. קוילען קוילעט מען, געוויינליך, די גאַנץ מאָגערע בהמות, וואָס געבן ווייניג מילך, אָדער גאַנץ יונגע. דאַרף מען דאָך אָבער צאָלן קאָראָבקע־געלט, קומט מען דורך מיטן קאָראָבעטשניק פאַר פינף, צען רובל אַ יאָר און מען איז פראַנק און פריי דאָס גאַנצע יאָר. קוילעט מען שוין וויפיל מען וויל.

עס זיינען אָבער געווען אַ סך ישובניקעס, וואָס האָבן דעם קאָראָבעטשניק נישט געוואָלט געבן קיין געלט. פלעגט מען גנבענען באַ אים, און אַז ער איז געקומען מיט רעסיאַטניקעס מאַכן אַ רעוויזיע אויף די דערפער באַ די ישובניקעס און זוכן געגנבעט פלייש, פלעגט מען באַהאַלטן דאָס פלייש אין אַ גוט אָרט, אַז מען זאָל נישט געפינען. האָט ער אָבער אַמאָל דאָס געגנבעטע פלייש יאָ געכאַפּט, פלעגט ער מיט דעם מאַכן שלעכטע געשעפטן. ער האָט דאָס פשוט נישט געהאַט וואו אַהינצוטון, וואָרום אין שטאָט וויל מען נישט עסן אַלט־געזאַלצן פלייש, וואָס די יויך פון דעם איז שאַרף ווי „ליאָק" פון אַ פעסל הערינג.

אָרימע־לייט פלעגן דאָס קויפן פאַר גראָשנס. עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם בעל־קאָראָבקע איז געווען גלייכער צו נעמען יאָר־געלט פון ישובניק.

מיט יאָסלען אָבער איז געווען אַנדערש. אַז ער איז געקומען מאַכן אַ רעוויזיע אויף פלייש, איז געווען נאָך ערגער ווי דער רעוויזאָר אויף פאַטענטן. אַז ער האָט געכאַפּט באַ עמיצן פלייש, האָט ער צוגענומען פון שטוב פאַרשיידענע חפצים, אַלס אַ משכּן, אַז מען זאָל אים גוט באַצאָלן. ער האָט קיין מורא נישט געהאַט נישט פאַרן אַסעסער און נישט פאַרן איספּראַווניק. און קיין מורא האָט ער נישט געהאַט, ווייל זיי האָבן אַלע פאַר אים מורא געהאַט, פאַר זיין רשעותדיגן אימפּעט און, איבערהויפּט, פאַר זיינע מסירות: ער האָט זיי געקאָנט פאַרמסרן, וואו מען באַדאַרף. ער האָט געקאָנט אַ גובערנאַטאָר פאַרמסרן, וואָרום ער האָט געוואוסט, וואָס, ווי און וואו צו מסרן.

און יאָסל לידער איז געווען בוכשטעבליך אַ הערשער. ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין טשינאָווניק. ער האָט געקאָנט צונעמען חפצים און פעסלאַך בראָנפן — און טו אים עפּעס.

דער ישובניק האָט שוין געמוזט באַצאָלן יאָסלען, וויפיל יענער האָט זיך געהייסן, און אויף ווייטער האָט ער אים דערפאַר געמוזט צאָלן נאָך מער — איבער דער נאָרם.

איך האָב, פאַרשטייט זיך, אויך געקוילעט בשותּפות מיט מיינע שכנים, נאָר איינזאַלצן אַזוי ווי זיי אויף עטליכע חדשים, צי אַ האַלב יאָר, האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב אויך, ברוך השם, נענעסן איינגעזאַלצן פלייש, אָבער אַמהעכסטן פון אַ חודש צייט . צאָלן יאָסלען, האָב איך נישט געצאָלט און — מוחל זאָל ער מיר זיין — איך האָב אויך גענגבעט... אַ צו גרויסע סומע האָט ער געוואָלט.

איך האָב נישט געקאָנט איבערטראָגן זיינע רציחות און איבערהויפּט — די אימה, די אימה !... אַז מען האָט דערהערט, אַז יאָסל פאָרט שוין איבער די דערפער אויף רעוויזיע, זיינען אַלע טויטע געוואָרן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיך אויך גענוג געשראָקן פאַר אים, הגם איך האָב געהאַט אַ גוטן צד — ראָזענבלומען. מיין „גענגבעט״ פלייש פלעג איך האַלטן פאַרשלאָסן באַ ראָזענבלומען אין הויף און האָב יאָסלען אַ גראָשן נישט געצאָלט.

יאָסל האָט אויך געהאַלטן אַ ברויז פון בראָנפן און גענגבעט אַקציז, וויפיל ער האָט געוואָלט. דער איספּראַווניק, וואָס האָט נישט זעהר ליב געהאַט יאָסלען, האָט שטענדיג געזוכט אַ געלעגנהייט זיך נוקם זיין אָן אים. עס איז אָבער געווען אַ מורא אָנצוהויבן זיך. אַ מסור — כאָטש אַ איד, איז דאָך אַ כּח.

נאָר איינמאָל האָט דער איספּראַווניק פּשוט דערציילט דעם גובערנאַטאָר, אַז לידער גנבעט זעהר פיל אַקציז אין זיין ברויז, אַז אַלע אַקציזניקעס האָבן מורא פאַר אים, ווייל ער איז אַ גרויסער יאַבעדניק און אַ מסור, און אַז מען מוז, ענדליך, אַריינשיקן עטליכע אַקציזניקעס מאַכן באַ אים אַ פּלוצלינגע רעוויזיע.

דער גובערנאַטאָר האָט געשיקט אַ קאָמיסיע פון זעקס מענשן, וואָס זיינען געקומען באַטאָג אין ברויז און געכאַפּט דרייסיג צען־עמערדיגע פעסלאַך שפּירט, וואָס זיינען געלעגן פאַרבאָרגן אָהן אַקציז.

נאָר דער געשיקטער לידער האָט געכאַפּט אַ האַק און פאַר זיי אין די אויגן צעהאַקט די פעסלאַך. דער שפּירט איז צערונען געוואָרן. דערנאָך האָט ער שנעל זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ געשפּאַנטן וועגל, איז אַוועקגעפאָרן מיטן וועג צו סאָקאָלקע צו און, אָפּפאָרנדיג עטליכע וויאָרסט, האָט ער זיך פאַרקירעוועט צו אַ דערבייאיגן דאָרף, צעהאַקט מיט דערזועלבער האַק די ראָד פון וואָגן און איז אַזוי אַריינגעפאָרן אין דאָרף. געווען איז דאָס זונטאָג. אַלע פּויערים זיינען געשטאַנען אויפן פּלאַץ פאַר דער קרעטשמע.

יאָסל האָט זיך אַריינגעריסן אין דער מחנה מיט זיין צעבראָכענער ראָר און זאָגט די פויערים מיט אַ נעבעכדיקן קול, אַז ער פאָרט ערשט פון סאָקאָלקע, אַז אויפן וועג איז אים צעבראָכן געוואָרן די ראָר און ער בעט, זיי זאָלן אים לייען אַ ראָר צום וואָגן. ער מוז נויטיק פאָרן אין ברויז אַריין: עס דאַרפן קומען אַקציזניקעס מאַכן אַ רעוויזיע אין ברויז. אָהן אים — וועט ער האָבן היזק. בעת מעשה נעמט ער אַרויס דעם זייגער, גיט אַ קוק דער־רויף און זאָגט, ווי פאַר זיך, נאָר הויך:

— שוין דריי אַזייגער!...

אין דער שעה דאַרפן זיי קומען, האָט ער מורא, אַז ער זאָל נישט פאַרשפּעטיגן.

— דריי אַזייגער! דריי אַזייגער! דריי אַזייגער! — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ אַ צעמישטער — גיט מיר אַ ראָר, ס'איז דריי אַזייגער.

מען האָט אים געגעבן אַ ראָר און ער איז אַוועקגעפאָרן אין ברויז. געווען איז אָבער דעמאָלט פיר אַזייגער!

די קאָמיסיע האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל מיט אַ פּרעטענזיע אויף צוויי און צוואַנציג טויזנט רובל און דערביי פאַרפירט אַ קרימינעלע דיעלע פאַרן צעברעכן די פעסלאַך פאַר זיי אין די אויגן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט דער סודיאַ אַרויסגעפאָדערט צום סוד לידערן מיט זיינע עדות — דאָס גאַנצע דאָרף פויערים (ער האָט זיי אָנגעגעבן פאַר עדות) און זיי האָבן אַלע געשוואָרן, אַז פּונקט דריי אַזייגער איז יאָסל געווען באַ זיי אין דאָרף, פאַרנדיג פון סאָקאָלקע מיט אַ צעבראָכענער ראָר; זיי האָבן אים דעמאָלט פון מיטלייד געליען אַ ראָר. און... יאָסל איז אַרויס פריי פון געריכט.

דער איספּראַווניק, דערהערנדיג, אַז לידער איז אַרויס פריי, האָט באַקומען אַפּאָפּלעקסיע. אַ דיקער מענש איז ער געווען, און ער איז אויפן אָרט אַנידערגעפאַלן. דעם גובערנאַטאָר האָט עס זיך אויך נישט געוואָלט פאַרשווייגן. האָט ער געשיקט נאָך לידערן, ער זאָל קומען צו אים. יאָסל האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גובערנאַטאָר וועט אים געוויס אַרעסטירן און ער וועט זיך אַזוי אָפּזיצן אין טורמע מי יודע ווי לאַנג און עס וועט אַפילו קיין האָן נישט אַ קריי טון. דאָך איז ער אַוועק צום גובערנאַטאָר.

דער גובערנאַטאָר האָט אים באַלד פון אָנהויב צערייצט אַ זאָג געטאָן:

— דו וועסט באַ מיר פאַרפוילט ווערן אין טורמע!... מאַשעניק!...

יאָסל האָט זיך אָנגעשטעלט אַ קאַלט פּנים און דערויף געענטפערט:

— און איך וועל דיך פאַרמסרן, אַז דו ביסט געווען אַ שותף באַם גנבענען גאָלד פון סיביר... געגנבעט צוזאַמען מיט אַ פאַרשוין, וואָס יענער זיצט שוין פיר יאָר דערפאַר אין טורמע... איך ווייס, איך ווייס אַלץ!... און

רייַנע הויפֿן, וואָס דו האָסט אין גראָדנער אויעזד, האָסטו נישט געקויפֿט, נאָר גענומען כּאַבֿאַר בײַ די און די פּריצים.

דאָס איז געווען נישט זעהר ווייט פֿון אמת, און דער גובערנאַטאָר האָט זיך פֿאַרלאָרן, צעמישט געוואָרן אויף אַ רגע, און יאָסל האָט זיך אַרויס־געדרוקט...

אין אַ פֿערטל שעה אַרום, אַז דער גובערנאַטאָר איז געקומען צו זיך, האָט ער אויפֿגעהויבן די גאַנצע גראָדנער פּאָליציי אויף די פֿיס — מען זאָל זוכן לידערן. אָבער ער איז שוין נישט געווען. ווי אין וואַסער אַריינ־געפֿאַלן.

און דער גובערנאַטאָר האָט זיך בּאַלד אָנגעגעבּן אין רימיסיע.

אַז מען האָט דערנאָך געפֿרעגט יאָסלען, ווי שטעלט ער זיך איין צו רייזן אַזוינע זאַכן אַ גובערנאַטאָר, און נאָך בײַ אים אין שטוב, האָט ער זיך קאַלט געענטפֿערט:

— דער, וואָס טראָגט איינגעשמוצטע מלבושים, זאָל קיינמאָל נישט גיין זוכן פֿליאַמעס אויף יענעמס קליידער. ער מעג זיך זיין אַפֿילו אַ גובערנאַטאָר.

און ער איז געבּליבּן דערזעלבּער גזלנישער בעל־קאָראָבקע, וואָס פֿריהער.

און נאָך אַ מעשהלע געדיינק איך וועגן דעמזעלבּן יאָסלען.

די שטאָט קריניק האָט געהאַט אַ גרויסן קרימינעל־פּראָצעס. איך געדיינק שוין נישט אויף קלאָר, אין וואָס דאָ האָט זיך געהאַנדלט. רוכט זיך, אַז מען האָט עמיצן בּאַגראָבּן אָהן אַן ערלויבּעניש, בעת מען האָט גאָר דעם נפֿטר בּאַדאַרפֿט פֿאַלמעסן. נאָר דאָס ווייס איך, אַז צוועלף בעלי־בּתּים, די שענסטע פֿון די שטאָט־נגבֿאים און פֿון דער חברה־קדישא בּראש מיט יאָסל לידער, האָבּן געזאָלט פֿאַרשיקט ווערן אין סיבּיר.

אין קריניק איז אַראָפּגעקומען די סעסיע פֿון אָקרוזשנאָי סוד, די גאַנצע שטאָט איז געווען אויף די פֿיס. עס האָט געקאָכט און געטומלט. מען האָט מורא געהאַט פֿאַר איין ערות — אַ קברות־מאַן, וואָס אויף אים האָט זיך אייגנטליך געשטיצט דער גאַנצער בּאַשולדיגונגס־אַקט.

וואָס טוט מען מיט אים? ער וועט דאָך געוויס אומגליקליך מאַכן די שטאָט. פּאַקן אים פֿריהער איז געווען שווער. די פּאָליציי האָט אים שוין פֿריהער פֿאַרהאַלטן און געבּראַכט אין סוד אַריין. די פּאָליציי האָט אים געהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

אַז עס האָט זיך אָנגעהויבּן דער משפּט און עס איז געקומען צו דעם ראָזינגן קברות־מאַן, האָבּן אַלע אַ ציטער געטאָן. אָט וועט ער אַלעמען אומגליקליך מאַכן. יאָסל לידער איז געווען שרעקליך רויט און אויפֿגע־רעגט, און פּלוצלינג האָט ער אָנגעהויבּן שרייען מיט מאָוימדיגע קולות, אָנכאַפּנדיג זיך פֿאַר די ציין:

—ראובן ויברח, ראובן ויברח, ויברח, ויברח!...

פרעגט דער פאָרזיצענדער, וואָס שרייט ער אַזוי, הויבט זיך אָן יאָסל צו בויגן און צו קנייטשן, דריקן מיט די הענט די באַק און שרייען ווי אַ וואַלר־חיה:

— אוי, די ציין... ראובן ויברח!... די ציין, נישט פאַר אייך געדאַכט... ראובן ויברח... פון די ציין קאָן איך גאָר נישט לעבן... ראובן ויברח... פליטה, פליטה... פליטה...

דערזעהן אַ מענש פּייניגט זיך מיט די ציין, איז מען געלאָפן נאָך עפּעס אַ מיטל, און ראובן דער קברות־מאַן, וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם טייטש פון די ראָזיגע געשרייען, האָט זיך אין דערגיך אַרויסגעדרייט. אַז יאָסל, וואָס האָט קלוג און גנביש נאָכגעהיט ראובנען אין די סאַמע שרעקליכע געשרייען, האָט באַמערקט, אַז די סכּנה האָט געמירן, איז אַנטרונען געוואָרן, האָט ער צוגענומען די האַנט פון באַק און האָט רוהיג אַרויסגעזאָגט:

— מיר איז בעסער געוואָרן...

און דער סוף האָט אַלעמען באַפרייט. עס האָט געפעלט דער סאַמע וויכטיגסטער עדות, אויף וועלכן עס האָט זיך געשטיצט דער באַשול־דיגונגס־אַקט...

---

# קאַפּיטל X

ראָזענבלומס וואַלד. — מיין וואַלד־שטעלע. — אַ שטיבעלע אין וואַלד. — „ער וועט זיין אַן אָרימאַן״! — אַדוואָקאַטן. — דאָבראָזשינסקי. — מלבושים מעשה־דייטש. — מיין טאַטנס בריף. — מכנסים. — מיין בריף. — אַ נייער וכּוח מיטן טאַטן.

צו דער צייט האָט ראָזענבלום געקויפט אַ וואַלד, אַ וויאָרסט צען פון אונז, פאַר אַ קליינע סומע געלט — אַכט הונדערט רובל. דאָס איז געווען אַ געדיכטער וואַלד פון מער ווי אַ האַלב וויאָרסט די לייַנג און אַן ערך אַ פערטל וויאָרסט די ברייט — ברען־האָלץ און מאַטעריאַל־האָלץ. האָט ער מיך גענומען, איך זאָל פאַרקויפן דעם וואַלד די אַרומיגע פויערים אויפן שטיק. מיר האָבן באַשלאָסן, איך זאָל דריי טעג אין וואָך: דינסטאָג, מיטוואָך און דאָנערשטאָג פאַרקויפן וואַלד. פלעג איך אַרומפאָרן אין די מאַרק־טעג אין די אַרומיגע דריי שטעט, קריניק, אַמדור און סאָקאָלקע, מיט צוויי דעסיאַטניקעס: איין דעסיאַטניק האָט געפּויקט מיט אַ האַמער אין אַ מערניצע, און דער צווייטער האָט אויסגעשריען פאַרן געזעמל פון פויערים, אַז דריי טעג אין וואָך ווערט פאַרקויפט אַרטשעקיער וואַלד אויף האָלץ.

פויערים מיט פורן, מיט העק, זיינען שוין געווען אין וואַלד. איך האָב זיי פאַרקויפט די בוימער און זיי האָבן אויסגעהאַקט. דעם ערשטן טאָג איז נאָך מיט מיר געווען ראָזענבלום, דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָרן.

דער וואַלד, ווי אַ געשעפט, איז מיר געפעלן געוואָרן. איך האָב איינגעזעהן, אַז מען קאָן דאָ מאַכן אַ גוט געשעפט. אַז מען זאָל רינגען זענערס, אויסהאַקן די בוימער און שניידן ברעטער פאַר פאַרשיידענע בוי־הייזער, קאָן מען אַרויסנעמען אַ שטיק געלד פון אים. און איך האָב דאָס געזאָגט ראָזענבלומען. ער האָט זיך מישב געווען מיט ליובאָוויטשאָווען; אָבער זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרדרייען מיט אַזאַ מין עסק. זיי האָבן געהאַט געוווּג אַרבעט אָהן דעם. דערווייל איז באַ זיי פאַרבליבן, אַז מען זאָל פאַרקויפן די ערגערע בוימער, דערנאָך וועט מען זיך מישב זיין.

איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז ליובאָוויטשאָוועס קאָפּ, אַז זי האָט מורא, טאָמער וועל איך מיך דאָ מאַכן אַ פֿאָרראַר פֿאַר פֿאַרגעניגנס, פֿאַר ליידיג גיין, ווי זי פֿלעגט זיך ליב האָבן אויסצודריקן וועגן מיר. נאָר פֿאַרפֿאַלן.

פֿלעג איך פֿאָרן דריי טאָג אין וואָך אַלע אין דערפֿריה אין וואַלד אַריין און אַ גאַנצן טאָג פֿלעג איך מעסטן וואַלד. יעדער פֿויער האָט זיך פֿריהער אויסגעקליבן אַ בוים, וואָס איז אים געפֿעלן געוואָרן. דערנאָך איז ער געגאַנגען צו מיר, איך זאָל אים פֿאַרקויפֿן. אויף דעם געקויפֿטן בוים האָב איך געלעגט אַ שטעמפּל: מיט אַ גוטן שטאָלענעם, שווערן האַמער פֿלעג איך אויסקריצן די פֿאַמיליע ראָזענבלום. און דער פֿויער האָט אים אויסגעהאַקט. די פֿויערים פֿלעגן מיך כּסדר אַרומשלעפּן פֿון איין עק וואַלד אין אַ צווייטן. דער האָט מיך געשלעפּט אין מזרח, יענער אין מעריב, אָהן אַ סוף.

די היצן זיינען דעמאָלט געווען גרויס. מיר פֿלעגט זעהר דורשטן, קיין וואַסער איז אָבער נישט געווען. פֿלעג איך ברענגען מיט זיך אַ פֿעסעלע וואַסער, אָבער דאָס פֿלעגט באַלד ווערן וואַרעם, און מען האָט עס נישט געקאָנט טרינקען. איך האָב געהייסן אויסגראָבן אַ טיפֿן גרוב, אַריינשטעלן אַהין דאָס וואַסער — האָט עס אויך נישט געהאָלפֿן.

דעמאָלט איז מיר איינגעפֿאַלן אַ מאָדנער פּלאַן אין קאָפּ. ווינטער, למשל, וועל איך דאָך אויך דאַרפֿן זיין אין וואַלד און פֿאָרן צוריק אויף דער נאַכט אַהיים איז כּמעט ווי אוממעגליך: פֿרעסט, וועלף, אומעט. איז כּדאי שוין איינגנטליך אויפֿצובויען דאָ אַ קרעטשמע, מיט אַ גוטן ברונים, און איך וועל זיין געזיכערט פֿון אַלץ: פֿון קעלט, פֿון הונגער און פֿון דורשט. בוי־מאַטעריאַל קאָן מען נעמען פֿון וואַלד און די אַרבעט וועלן מאַכן די פֿויערים. אָנשטאָט געלט פֿאַר דער אַרבעט, וועל איך זיי געבן בוימער. דאָס אַלץ וועט אַ גראָשן נישט קאָסטן, אויסער דאָרטן ציגל, קאַכעל צו די אויוונס.

די קרעטשמע וועל איך פֿאַרדינגען אַ אידן, און איך וועל מיר דאָרט האָבן מיין קאָנטאָר, און אַז איך וועל באַם אידן דאָס ערשטע יאָר קיין אַרענדע־געלט נישט נעמען, וועט ער שוין מיך גוט צוזעהן. ער וועט מיר מאַכן דעם סאַמאָוואַר, קאָכן עסן און איך וועל דאָס לעבן אַ טאָג אויף צעפּיקעניש דער פֿריצטע.

מיין פּלאַן איז ראָזענבלומען געפֿעלן געוואָרן און ער האָט איינגעשטימט. איינגנטליך, פֿאַרוואָס זאָל ער זיין דאַנעגן? ווינטער איז דאָך דאָס אוראי נויטיג.

איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, און אין דריי חדשים אַרום האָב איך אויסגעשטעלט אַ קרעטשמע — אַ ליאַלקע, אַ גרויס הויז מיט צוויי

צימערן און מיט אַ קאָנטאָרל פאַר מיר באַזונדער און מיט אַ סטאָראָלע און מיט אַ טיפּן ברונים, וואו מען האָט געטראָפן גוט וואַסער.

אַז עס איז פאַרטיג געוואָרן, איז ראָזענבלום געקומען מיט דער פּריצטע באַקוקן די קרעטשמע. זיי איז געפעלן געוואָרן. זיי האָבן מיר אַפילו באַדאַנקט, אָבער איך האָב געקוקט אין דער פּריצטעס אויגן און אַרויס־געלייענט דאָרט, אַז זי פאַרגינט מיר נישט דעם תענוג...

אויפן וועג, צוריקפאָרנדיג, האָט די פּריצטע, ווי איך האָב זיך דערוואוסט, אָנגערעדט אויף מיר פאַר ראָזענבלומען. איר טענה איז געווען, אַז מען טאָר מיך נישט צולאָזן צו אַ געשעפט. איך וועל נאָר שמייסן מיט געלט און ווייטער גאָרנישט.

— אַ קרעטשמעלע וועט ער זיך אויסשטעלן... צו דעם טויג ער... — האָט זי געוואָרטשעט.

איך האָב נאָך אַמאָל געזאָגט ראָזענבלומען, אַז מען קאָן דאָ מאַכן אַ גרויס געשעפט, אַז מען קאָן דאָ פאַרדינען שיין געלט.

אָבער די פּריצטע האָט אים נישט געלאָזט. מען האָט מיר געהייסן פאַרקויפן די בוימער זעהר ביליג אַזוי, אַז אין אַ יאָר צייט זאָל זיין פאַר־קויפט אינגאַנצן; איך האָב פאַרלאָרן דעם מוט.

אין די גרויסע נעכט בין איך פאַרבליבן אין וואַלד מיט מיין פערדל און בריטשקע. איך האָב מיר געהאַט מיט זיך אַ גאַנצן טיי־סערוויז. די קרעטשמע האָב איך פאַרדונגען אַ אידן דאָס ערשטע יאָר אומזיסט.

דעם גאַנצן ווינטער האָב איך פאַרקויפט וואַלד, אָבער אַזוי ביליג, אַז אַלע האָבן געלאַכט פון מיר, און פאַרטאָג פלעגן אָנקומען מיט פורן אַ פּאָר הונדערט פּויערים און שליאַכטעס. איך האָב געאַרבעט די דריי טעג אין וואַלד זעהר אַ סך: פון פינסטער ביז פינסטער. דער ווינטער איז געווען נאָר אַ שווערער, גרויסע פרעסט, גרויסע שנייען, און די קונים האָבן מיך אין די גרויסע שנייען, זאַווערוכעס, אומגעשלעפּט כסדר איבערן וואַלד.

אין קאָנטאָר פלעג איך רעמאָלט אַריינפאַלן זעהר אַ פאַרמאַטערטער, אָבער דער סאַמאָוואַר איז שוין געשטאַנען גרייט, און דאָס האָט מיך דערקוויקט. איך האָב געטרונקען און געגעסן, דערנאָך געלעזן עטוואָס און געטראַכט זיך פון מיינע זאַכן.

איך האָב זיך געמוזט מאַכן נייע קליידער פאַרן וואַלד, למשל, אַ האַלב פעלצל, אַ גוטן, וואַרעמען פוטער, שטיוול מיט וואָליקעס, טיפע קאַלאָשן, אַ וואַרעמען, אַ גוטן הוט, הענטשקעס — דאָס אַלץ מוז מען האָבן צו אַ וואַלד. שכירות האָב איך גענומען זעכציג רובל אַ מאָנאַט.

נאָר אַז איך בין געקומען ראָנערשטאָג באַנאַכט פון וואַלד אַהיים אין מאַקאַראָווצי און בין אין די נייע „וואַלד־קליידער" אַריינגעגאַנגען אין הויף צו ראָזענבלומען, האָט די פּריצטע געפּלאַצט, צוזעהענדיג.

— ער וועט זיין אַן אָרימאַן, זאָל איך שוין אַזוי לעבן!... — האָט זי געשיפּעט ווי אַ שלאַנג.

און טיילווייז, מען מוז מודה זיין, איז אפשר ליובאָוויטשאָווע גערעכט געווען...

הנאה האָב איך געהאַט אין די שיינע ווינטער־אָוונטן, באַ אַ גוטן שליט־וועג, פאַר דער לבנה, אַריבערפאָרן אויף מיין קליין שליטעלע קיין סאָקאָלקע, אַ וויאָרסט צען. דאָרט האָב איך געהאַט מיינע צוויי חברים, פּ אָ ל י אַ ק ע ו י ט ש און ברוך־לייבס זון. מיין פאָרן די צען וויאָרסט האָט קיין האַלבע שעה נישט געדויערט. מער בין איך געפלויגן ווי געפאָרן. אַמאָל האָב איך זיך איבערגעקערט מיטן שליטן אין שניי, אָבער ס׳איז אָהן סכנה — אַריין צוריק אין שליטל און היידאַ ווייטער.

אין סאָקאָלקע פלעג איך פאַרברענגען אַ צוויי שעה, און אַזייגער ניין בין איך שוין געווען צוריק אין קאָנטאָר. דער סאַמאָוואַר איז געשטאַנען פאַרטיג, און אַזוי האָב איך דורכגעשטופּט דעם ווינטער.

דעם וואַלד האָב איך כמעט אינגאַנצן פאַרקויפט, אָבער זעהר ביליג; לייזן פלעג איך אַכציג, נייגציג רובל אַ טאָג. ראָזנבלום האָט פאַרדינט פון וואַלד שיינע עטליכע טויזנט רובל, און נאָך פּסח האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל שוין מער נישט די שטעלע.

דער וואַלד איז שוין שיטער; איך האָב געקראָגן אַ סוחר, וואָס האָט געגעבן פאַרן ביסל שיטערע בוימער פינף הונדערט רובל און הונדערט פופציג פאַר דער קרעטשמע.

יענער איד האָט אויך פאַרדינט אַ טויזנט רובל. איך האָב קיין טעות נישט געהאַט. וואָרום אַז ראָזענבלום האָט זיך דערנאָך געזעהן מיט נאָך אַ אידן, אַ פּראַקטישן וואַלד־סוחר, האָט יענער געזאָגט, אַז אָן דעם וואַלד האָט מען געקאָנט פאַרדינען באַ אַ פופציג טויזנט רובל. דעמאָלט האָט שוין ראָזענבלום אויך חרטה געהאַט, וואָס ער האָט נישט געפאָלגט מיין עצה.

פאַן ראָבראָזשינסקים בעלי־חובות האָבן אָנגעהויבן פאָדערן באַ אים דאָס געלט דורכן געריכט. זיי האָבן געוואָלט צונעמען באַ ראָזענבלומען דעם הויף מאַקאַראָווצי און פאַרקויפן אויף אַ ליציטאַציע.

ראָזענבלום האָט גענומען צום משפט דריי אַדוואָקאַטן פון גראָדנע, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען ישראל־חיים פרידבערג, דער קאַמעניצער שרייבער, וואָס דאַרף זיין באַקאַנט מיינע לעזער פונם ערשטן טייל. די משפטים זיינען אַוועק אין סענאַט; דאָס האָט אָפּגעקאָסט ראָזענ־

בלומען אַ סך טויזנטער. דריי יאָר האָט עס זיך געצויגן. אָבער ראָזענ־בלום האָט געוואונען.

דערווייל האָב איך זיך באַקאַנט מיט די אַדוואָקאַטן, וואָס ראָזענבלום האָט גענומען. בעת ראָזענבלום האָט קיין צייט נישט געהאַט, בין איך געפאָרן צו זיי. דעמאָלט בין איך נאָך געגאַנגען לאַנג געקליידט. אַז איך בין איינמאָל אַזוי אַריין צום אַדוואָקאַט קנאַריזאָווסקי, בעת באַ אים איז געווען פאַרזאַמלט די גראָרנער אינטעליגענץ, האָט ער מיך אויפגענומען נישט זעהר העפליך.

געוויינליך, האָב איך זיך באַליידיגט און באַלד אַוועקגעפאָרן אַהיים. ראָזענבלומען האָב איך געזאָגט, אַז איך האָב קנאַריזאָווסקין נישט איבער־געגעבן אַלץ וועגן זיין ענין און אַז איך וועל מער צו אים נישט פאָרן.

— ער איז אַ בעל־גאוה און האָט מיך שלעכט אויפגענומען.

ראָזענבלום האָט אים געשריבן אַ בריף וועגן דעם. דער אַדוואָקאַט האָט זיך פאַרענטפערט און דערביי מוסף געווען, אַז אַ לאַנגע קאַפּאָטע פאַר געסט איז נישט איבעריג שיין...

ראָזענבלום האָט איינגעפונען, אַז דער אַדוואָקאַט איז גערעכט און ווילנדיג־נישט־ווילנדיג (ניין, ניכער ווילנדיג), האָב איך זיך אָנגעטאָן קורץ געקליידט, מעשה־דייטש, די הויזן אַריבער די שטיוול. נייענדיג אַזוי מעשה־דייטש אין גאַס, אין גראָדנע, באַגעגן איך אַ קאַמעניצער אידן פון דעם זיידנס גוטע פריינט. דערפרייט ער זיך מיט מיר און איך בעט אים, ווי די מאָדע איז, ער זאָל אָפּגעבן אַ הערצליכן גרוס דעם טאַטן און דעם זיידן מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

אין עטליכע וואָכן אַרום באַקום איך אַ בריף פון טאַטן מיט דער מאַמען. באַנאַכט, אַז איך בין שוין געלעגן אין בעט, האָב איך געלעזן דעם טאַטנס בריף. שרייבן שרייבט ער מיר אומגעפער בזה הלשון:

„מיין זון, אין קאַמעניץ האָט מיר שלום בעקער אָפּגעגעבן אַ גרוס פון דיר. פרעג איך, וואָס מאַכט מיין זון, ווי זעהט ער אויס? זאָגט ער: ‚עט! ער גייט שוין די הויזן איבער די שטיוול'. איז מיר ממש פרחה נשמתי, ס'האָט מיר געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן, ווי מיט אַ קויל, און איך בין געוואָרן צעמישט. אין מיין גאַנץ לעבן ווייס איך נישט פון קיין גרעסערן אומגליק, ווי דאָס, און איך האָב פון צער דריי טעג נישט געגעסן. איך בין געקומען אַהיים אין פּאַסעקי, האָב איך געטראָפן אַ גאַסט — ריין שווע־גערין הרס, דעם רבס שנור, האָבן זיי אָן מיר דערקענט, אַז איך בין שטאַרק פאַרמרה־שחורהט, און איך האָב זיי געמוזט דערציילן פון שלום בעקערס גרוס און עס איז געוואָרן אַ געוויינעריי, און דיין מאַמע מיט הרסן האָבן לאַנג, לאַנג געוויינט.

„זאָג איך דיר, מיין זון, אַז איך וואָלט בעסער געוואָלט הערן פון דיר אַ גרוס, אַז דו גייסט אין אַ צעריסענער קאַפּאָטע, איידער די הויזן איבער די שטיוול, און איך שרייב דיר קורץ: אויב דו וועסט מיר נישט שרייבן, אַז דו האָסט אַריינגעטאָן די הויזן אין די שטיוול, אַזוי ווי דיין טאַטע גייט און אַזוי ווי אונזערע אָבות אבותינו גייען, וועל איך דיר נישט זיין קיין טאַטע".

דער בריף האָט מיך אויפגערעגט. עס האָט מיך גענומען טרייסלען, אין בעט ליגנדיג. פאַר יענער צייט פון השכלה און צוזאַמען דערמיט אויך פאַר מיין יענעם נאַרישן שכל איז דאָס געווען אַ בריף פון סאַמע „פאַנאַטיזם און פינסטערניש"...

— און וואָס איז, אַז ער איז אַ טאַטע? האָב איך מיט רציחה געטראַכט: — וואָס איז דאָ אַזוינס? קיין גרויסער קענער איז ער נישט, העברעאיש קען איך בעסער פון אים, קיין ירושה האָב איך אויך נישט צו נעמען בּאַ אים. און ער זאָגט זיך דאָס אָפּ פון אַ טאַטע?

און בּאַ מיר איז געבליבן, איך זאָל אים שרייבן אַ גרויסן צו־להכעיס־בריף, וואו איך וועל אים זאָגן אָפן, אַז אַריינטון די הויזן אין די שטיוול וועל איך דאָך נישט, אַז איך גיי שוין איצט אינגאַנצן קורץ געקליידט און — פאַר־פאַלן. אַזוי וויל איך.

די מאַמע ווידער האָט שוין געשריבן, ווי אַן אמתע אידענע. דער בריף איז געווען נישט קיין בריף, נאָר אַ גרויסע מגילה, מיט געוויינען און געוואַלדערייי:

„חאַצקעלע, דו גייסט שוין אין לאַנגע מכנסים? דיין טאַטע, דיינע זיידעס גייען נישט אין לאַנגע מכנסים. און וואָסער ערליכער איר גייט אין לאַנגע מכנסים? בעט איך דיך, מיין ליבער און טייערער זון, אַז דו זאָלסט שוין נישט גיין מער אין לאַנגע מכנסים". אַזוי האָט זי מיר אָנגעמכנסימט, אַז מיר האָט פאַר די אויגן גענומען פינטלען.

דעם טאַטן האָב איך דאָך נישט געשריבן דעם בריף. באַרוהיגט האָב איך זיך דערויף, וואָס איך וועל מיט אים קיינע געשעפטן נישט האָבן מער. אַז ער איז אויס טאַטע, בין איך אויס זון.

אַזוי זיינען אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר חדשים. ביסלעכווייז האָט מיר דאָס האַרץ גענומען וויי טון. איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיין טאַטנס צער. אַזאַ ליבער איד, אַזאַ טייערער מענש, אַזאַ האַרציגער טאַטע. נו, וואָס איז ער שולדיג, אַז ער קאָן פאָרט נישט צוזעהן, ווי מען טראָגט קורצע קליידער? דערויף איז ער דאָך אַ פרומער און אַן איבערגעגעבענער איד פון אַלטן דור? אגב, איז ער דאָך זיכער, אַז זיין זון וועט פאַר די קורצע קליידער פאַרפאַלן ווערן אין כף הקלע אויף אייביג. ער ווייס, אַז איך בין אַן „אויפגעקלערטער", און ער האַלט דאָך מיט אַן אמת, אַז איך בין

געכאַפּט אין דער מעשה, וואָרום איך שרייב דאָך שוין אַזוינע העברעאישע בריף מיט הויכע מליצה...

מילא, אַז איך בין נאָך געגאַנגען לאַנג געקליידט, האָט דאָס אים גערינט פאַר אַ שטיקל סימן, אַז איך האַלט זיך נאָך באַ אידישקייט, אָבער איצט, אַז איך האָב דאָס שטיקל סימן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך, האָט ער מורא, זעהר מורא פאַר מיר. וואָס וועט ווערן פון מיר?

היינט וואָס־זשע טוט מען?

שרייבן אים, אַז איך וועל שוין גיין די הויזן אין די שטיוול, וויל איך נישט. צו וואָס זאָל איך לייגן? טון ווידער צוליב דעם טאַטן, האָב איך אויך נישט געקאָנט: די לאַנגע קליידער זיינען מיר שוין לאַנג דערעסן געוואָרן. איך האָב זיך געשעמט מיט זיי...

נאָך אַ לאַנגען ישוב הדעת איז באַ מיר געבליבן, איך זאָל אים שרייבן, אַז פאַר מיר דאַרף ער קיין מורא נישט האָבן, אַז ער דאַרף זיך דאָס האַרץ נישט אָפּעסן, וואָרום איך בין נישט פון די מענשן, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף יענעמס שכל, אַז קיין אַפּיקורס וועל איך נישט ווערן, אַז איך בין אַ טרייער איד א. אַז. וו. א. אַז. וו.

האָב איך אָנגעהויבן צו שרייבן און בין פאַרקראָכן גאָט וויים וואוהין: אין דעת, אין אמונה און אין פילאָזאָפיע מיט חקירה צוזאַמען — און „אָנגעקלאַפּט" אַכט בוינן פּאַפּיר. גאַנצע צוויי חדשים האָט באַ מיר געדרויערט דאָס שרייבן!

צום בריף האָב איך צוגעגעבן אַ מין הקדמה מיט אַ שטיק פון רבינו סעדיה גאון, דהיינו:

וואָס איז דער אונטערשייד פון דעם, וואָס האָט דת אָהן ד ע ת, ביז דעם, וואָס האָט דת מיט ד ע ת? דער ערשטער איז געגליכן צו אַ בלינדן מענשן, וואָס האַלט זיך אָן אָן אַ צווייטן בלינדן, און דער צווייטער אָן אַ דריטן בלינדן א. אַז. וו. אַ גאַנצן תחום שבת גייען אַלע בלינדע, האַלטן זיך אָן איינער אָן דעם צווייטן, נאָר פירן פירט זיי אַ זעהענדיגער מענש. ווייסן די בלינדע, אַז דער ערשטער זעהענדיגער וועט זיי ברייננען אין שטאָט אַריין, וואו זיי גייען; אָבער דער לעצטער בלינדער איז נישט זיכער אין זיין גיין. עס דוכט זיך אים אַלץ, אַז ער קאָן געשטרויכלט ווערן אָן אַ בוים, צי אָן אַ שטיין אויפן וועג. דער צווייטער, וואָס האַלט דעם דת מיט דעת, איז געגליכן צו אַ בלינדן, וואָס האַלט זיך אָן דירעקט אָן אַ זעהענדיגן מענשן און בעת מעשה האָט ער נאָך אַ שטעקן אין האַנט. דער איז שוין ב ט ו ח, אַז ער וועט ק ו מ ע ן אין דער שטאָט, וואו ער גייט און וועט נישט געשטרויכלט ווערן.

אַזוי האָב איך דעם טאַטן „רערווייזן", אַז איך האָב קיין מורא נישט פאַר קיין שטרויכלונג. מיין אויפגעקלערטקייט פאַרהעלפט מיר בלויז און מאַכט מיך נישט קאַליע.

אַוועקגעשיקט דעם טאַטן דעם בריף, האָב איך אָבער גאָר פאַרגעסן, אַז עס איז אַמאָל גאָר אומזיסט מיין אַרבעט. וואָרום אַז דער טאַטע וועט דערזעהן אַזוי פיל פאַרשריבענע פאַפירן מיט חקירות און „פילאָזאָפיע", וועט ער מורא האָבן צו לייענען. און וועט ער דאָס נעמען לייענען, וועט עס אים אויך זיין נישט אינטערעסאַנט. און אַזוי איז טאַקע געווען: ער האָט דאָס באַלד פאַרברענט.

פון דעמאָלט אָן האָט ער מיר שוין געשריבן אַ פשוט שלום־ידידי־בריוועלע פון זיין געזונט און פון אַלעמענס געזונט.

---

# קאַפּיטל XI

**ווידער ליובאָוויטשאָווע. — איר איינטענען מיט מיין פרוי. — עס הויבן זיך אָן מיינע צרות. — איך לויף נאָך רעצעפּטן. — אַ ביטערער עסק מיט אַ פערד. — דאָקטוירים. — איך קלער שוין ווידער וועגן וואַנדערן. — איך פאָר קיין קאַמעניץ. — באַם זיידן אין פּרוסקע. — אַקציז־גנבות. — מען מסרט. — פּאַפּירענע מטבעות. — מיינער אַ חבר. — טונקעלע קונצן.**

ליובאָוויטשאָווע האָט וואָס ווייטער, אַלץ מער געווירקט אויף מיין ווייב. זי האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט כמעט אָהן אַן אויפהער, און דאָס האָט מיר פאַרשטערט דאָס לעבן.

מיין ווייב האָט געבוירן אַ טאָכטער. אויפן צווייטן טאָג איז געקומען די פּריצטע באַזוכן מיין פרוי און האָט איר געזאָגט, אַז זי זעהט אויס זעהר שיין און, ווי איר דוכט זיך, וואָלט מיין ווייב געקאָנט אויפשטיין פון קינפּעט אויפן דריטן טאָג. עס פּאַסט נישט פאַר איר, זי זאָל ליגן אין קינפּעט אַכט טאָג, ווי אַלע אידישע טעכטער...

דו ביסט דאָך — האָט זי צוגעשמייכלט — אַזאַ בריה, שטיי אויף שנעל...

מיין ווייב האָט זיך צוגעהערט און — נישט אויפן דריטן, ווי עס האָט זיך געוואָלט ליובאָוויטשאָווען, נאָר אויפן פינפטן טאָג איז זי אויפגעשטאַנען פון קינפּעט און האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלע שווערע, פּאַקטאָרשע אַרבעטן: מאַכן פון זויער־מילך — קעז, פון דער סמעטענע — פּוטער, מעלקן די בהמות און נאָך אַזעלכע שווערע אַרבעטן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פון אַזאַ מין בריהשאַפט האָט זי נאָר אָנגעהויבן שטאַרק צו הוסטן און געקראָגן אַ ווייטאָג אין האַרצן. איך האָב געבראַכט אַ דאָקטאָר, און ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אָנהויב פון שווינדזוכט.

איצט האָב איך שוין געקאָנט אויספירן, זי זאָל נישט אַרבעטן, און איך בין געפאָרן מיט איר קיין גראָדנע צו אַ צווייטן דאָקטאָר.

אוראי איז זי געווען ערנסט קראַנק. און איצט, אַ קראַנקע, האָט זי געקאָנט זעהן דעם גאַנצן פעלער, וואָס זי איז באַגאַנגען. וואָרום אויסער וואָס זי איז קראַנק געוואָרן פון אַרבעט, האָט זי נאָך געבראַכט שאָדן דערמיט, וואָס זי האָט אָפּגעווינט די רינסטן פון אַרבעט. די רינסטן האָבן שטענדיג וויניג געאַרבעט — מיין ווייב האָט אַלץ אַליין געטאָן. און איצט איז נישט געווען ווער עס זאָל אַרבעטן. די רינסטן האָבן דערצו קיין חשק נישט געהאַט... עס איז מיט אַמאָל אַלץ קאַפּויר אַוועק, און איך בין נאָר אומגעלאָפן גאַנצע טעג צו ראָקטוירים און נאָך רעצעפּטן.

פאַר דעם קינד האָב איך געמוזט נעמען אַן אַם. די קרעטשמע און דער פּאַקט זיינען פאַרלאָזט געוואָרן. ראָזענבלום האָט אָפּגענומען פון מיר דעם פּאַקט, ער האָט נישט געקאָנט וואַרטן — און עס איז געווען חושך.

אין דער קרעטשמע האָבן אויך פאַרפעלט מערן און ווייַנען. איך האָב קיין צייט נישט געהאַט צו קוקן דערויף, און אַ דערבייאיגער רייכער אַרענדאַר האָט אָפּגעצויגן פון מיר די גאַנצע פּרנסה.

דאָס ווייב ווערט וואָס ווייטער קראַנקער און איך האָב נאָר אַן עסק מיט ראָקטוירים און רעצעפּטן.

איינמאָל, באַנאַכט, איז געווען, געדיינק איך, דער ראָקטאָר. ער האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט און געהייסן אומגעזאַמט מאַכן דעם רעצעפּט. איך האָב גענומען באַ ראָזענבלומען אַ פערד און אַוועקגעפאָרן רייטנדיג קיין קריניק אין אַפּטייק אַריין. אַהיים בין איך געקומען אַזייגער איינס נאָך האַלבער נאַכט. פאַרן שטוב שטעל איך אָפּ דאָס פערד און הויב אָן אַראָפּ־צוקריכן פון זאָטל. פאַרטשעפּע איך אָבער אַ פוס אין קלאַמרע פון זאָטל. דאָס פערד, וואָס איז געווען זעהר הויך, לויפט זיך דערווייל אַזוי ווי אין הויף אַריין. איך בין געפאַלן אויף דער ערד, מיט איין פוס פאַרטשעפּעט אין זאָטל, און דאָס הויכע פערד שלעפּט מיך אַזוי איבערן וועג. דעם פערד איז, אַפּנים, אויך פריקרע געוואָרן, וואָס עמיצער באַמבלט זיך אים פון הינטן אַ פאַרטשעפּעטער, האָט ער אָנגעהויבן צו קלאַפּן און בריקן מיט די הינטערשטע פיס. און דאָס איז געווען זעהר אַ מאוסער צוגאָב.

איך האָב אָנגעהויבן שטאַרק שרייען, פון וואָס דאָס פערד האָט זיך דערשראָקן. באַ אַ פאַרקאַן האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ סלופּ און וויל אַרויסרייסן דעם פוס, אָבער איך קאָן נישט. אַזוי ראַנגלענדיג זיך, האָב איך, מעשה־איר, אויפן אָרט געחלשט...

פון פערד בין איך פּטור געוואָרן: דער שוך האָט זיך מיר אַליין אַראָפּגעשלעפּט און איז פאַרבליבן אין זאָטל. באַ אַ האַלבער שעה האָב איך געמוזט ליגן אַ געחלשטער. דערנאָך בין איך אַליין געקומען צו זיך. איך האָב אָנגעהויבן שרייען, עס איז געווען נעבן שטוב, האָט מען

מיך, פאַרשטייט זיך, אויפגעהויבן, מחיה געווען, אויסגעריבן מיט שפּירט דאָס לייב, און אַז איך בין זיך דורכגעשלאָפן, בין איך אויפגעשטאַנען אַ געזונטער.

אַז איך האָב איינמאָל אַראָפּגעבראַכט אַ באַרימטן דאָקטאָר אַהיים, האָט ער באַטראַכט מיין קרעטשמע, אַ טאָפּ געטאָן די ווענט. די ווענט זיינען געווען דיק באַצויגן מיט ווילגאָטש. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז פון די ווענט, פון ווילגאָטש, הייסט עס, איז דאָס וויב קראַנק, און אַז אויב זי וועט זיך נישט אַרויסציהען פון דער קרעטשמע, קאָן זי נישט לעבן.

איך האָב, דעם אמת זאָגנדיג, דעמאָלט גאָר קיין באַגריף נישט געהאַט פון ווילגאָטש, אַז דאָס איז עפּעס אַ סכנה. ווער האָט זיך דאָס אומגעקוקט אויף ווילגאָטש? אויך מיר אַ זאַך. געווען בּאַ מיר אַ טרוקענער צימער, האָב איך אַהין איבערגעטראָגן מיין וויבס בעט און ביסלעכווייז האָט זי אָנגעהויבן קומען צו זיך, ביז זי איז אינגאַנצן געזונט געוואָרן.

דעם פּאַקט האָט מיר ראָזענבלום צוריק אָפּגעגעבן, אָבער די קרעטשמע איז שוין נישט געווען דאָס, וואָס פריהער. די פּאַרלאָזענע געסט האָב איך שוין צוריק נישט געקאָנט אומקערן.

און איך האָב פון דאָס ניי אָנגעהויבן קלערן מכח — — — וואַנדערן... מאַקאַראָווצי איז סתם פאַר מיר קיין אָרט נישט: ליובאָוויטשאָווע וועט אומבריינגען מיין וויב מיט אירע חקירות, אַז מען דאַרף האָרעווען איבער די כחות און קאַרגן, קאַרגן, קאַרגן...

איך האָב געשריבן דעם זיידן אַ בריף וועגן דעם. ער האָט מיר געענטפערט, אַז איך זאָל קומען קיין קאַמעניץ, וועט ער שוין קריגן פאַר מיר אַ הויף. נאָך סוכות בין איך אַוועקגעפאָרן קיין קאַמעניץ. פון אונזער פאַמיליע האָט דאָרט געוואוינט דער פעטער מרדכי־ליב מיט זיין בן־יחיד. דער זיידע האָט געוואוינט, ווי איך האָב שוין געשריבן, אין פּרוסקע.

פון קאַמעניץ האָב איך זיך געלאָזט צום זיידן אין פּרוסקע. בּאַ אים איז דעמאָלט געווען די רעכטע צייט פון בּרויז, די רעכטע צייט פון אַרבעט.

אין יענער צייט זיינען אין גראָדנער גובערניע אַלע ברייזער געלעגן בּאַ אידן אין די הענט. אין יעדן בּרויז איז געווען אַ זייגער, וואָס פלעגט ווייזן, וויפיל טראַלעס שפּירט עס גייט אַרויס יעדן טאָג. און פאַרן עפענען דעם בּרויז פלעגן קומען אַקציזניקעס און האָבן פאַרפּלאָמבירט מיט קאַזיאָנע פּלאָמבעס אַלע קאַרן און קעסלען. די פּלאָמבעס זיינען געווען פון אָנפאַנג וויניג. שפּעטער אָבער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען קאָן שוין צופיל גנבענען שפּירט, זיינען צוגעקומען נאָך פּלאָמבעס. וויניג פּלאָמבעס אָבער זיינען אין אָנהויב געווען נישט דערפאַר, ווייל מען האָט פריהער נישט גע־וואוסט די ערטער, וואו מען דאַרף פאַרפּלאָמבירן, נאָר פראָסט ווייל די

אַקציזניקעס האָבן גענומען גרויס כּאַבּאַר און האָבן זיך געמאַכט נישט וויסן. ביסלעכוויז זיינען צוגעקומען ביז דריי הונדערט פּלאָמבּעס אויף אַלע אַפּאַראַטן, וואָס געהערן צום בּרויז.

האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן נייע גנבות מיטן זייגער, און די אַקציזניקעס נופא האָבן אויסגעלערנט, ווי אַזוי מען זאָל גנבענען פון זייגער, ווי אַזוי מען זאָל אויסצאַפּן שפּירט, נאָך איידער ער קומט אַריין אין זייגער. די אַקציזניקעס האָבן געשעפּט גאָלד צוזאַמען מיט די בּראָנפן־פאַבּריקאַנטן. די אַקציזניקעס האָבן דאָ פּשוט געהאַט אַ קוואַל פון גאָלד.

בּאַ אונז אין קאַמעניץ איז געווען אַ זייגערמאַכער מ., וואָס איז געווען אַ גאון אין הלכות פאַלשע פּלאָמבּעס און פאַלשע חתימות; ער האָט געקאָנט מאַכן אַזוי גלאַט אַ שטיקל אַרבּעט, אַז עס איז נישט געווען צו דערקענען.

ער האָט, אייגנטליך, געקאָנט נאָכמאַכן זעהר גוט פאַלש געלט, זילבּער און גאָלד, האָט ער אָבער נישט געוואָלט איינשטעלן זיין לעבן אין סכנה. נאָר דאָ, אין די בּרייזער, פלעגט ער נאָכמאַכן אַלע אַקציז־חתימות און פּלאָמבּעס, און די אַקציזניקעס האָבן דערפון געוואוסט.

ער האָט געקאָנט זיין זעהר רייך, נאָר ער פלעגט פאַרשפּילן אין קאָרטן מיט די אַקציזניקעס. אין קאָרטן איז אים גראָר נישט געגאַנגען. ער איז אויך געווען אַ לעבּ־קינד, און אין בּריסק, וואוהין ער פלעגט אָפט אַריינפאָרן אויף עטליכע טעג, פלעגט ער פאַרלעבּן אַ פיינע סומע געלט.

ער פלעגט אויך פאַרלייען די אַקציזניקעס זעהר פיל געלט.

מען פלעגט אים אומשלעפּן איבּער גאַנץ גראָדנער גובּערניע, אין אַלע בּרייזער, און ער האָט שוין געהאַט פאַרשיידענע עצות, ווי אַזוי צו מאַכן, אַז מען זאָל קאָנען גנבענען שפּירט. דאָך האָט ער אַלץ געטאָן מיט דער ידיעה פון די העכערע אַקציזניקעס, ווייל ער האָט געוואָלט לעבּן זיכער, נישט דאַרפן מורא האָבּן פאַר קיינעם.

בּאַם זיידן אין פּרוסקע האָט ער דורכגעפירט אַזאַ מין קונץ. ער האָט געמאַכט אַ לעכל אין קופּערנעם „שלאַנג״. דאָס איז אַזאַ מין קופּערנע, געדרייטע רער, וואָס האָט געוואויגן בּיז צען פּוד. געהייסן האָט עס שלאַנג, ווייל דאָס איז געווען געדרייט ווי אַ שלאַנג. דורך דער רער איז געגאַנגען דער הייסער שפּירט אין זייגער אַריין.

דאָס לעכל איז געווען געמאַכט זעהר קונציג. אַהין האָט מען אַריינגעזעצט אַ רערל און געצאַפּט מאַסן שפּירט אַלע טאָג. אַזוי איז אַוועק אַ חודש צייט. דער זיידע האָט געמאַכט נישט קיין שלעכט געשעפט, כאָטש ער האָט געהאַט אַ סך הוצאות. בּאַ גנבה האָט מען שטענדיג אַ סך הוצאות. אַזוי,

למשל, האָט ער דעם סמאָטריטשל געגעבן פופציק רובל אַ מאָנאַט, דעם אָביעזרנעם — פינף און זיבעציק און דעם פּאַרוואַלטער מיטן געהילף — דריי הונדערט רובל אַ מאָנאַט. די פּויערים, וואָס האָבן געצאַפּט דעם שפּירט, האָבן אויך גענומען געלט. אַרום און אַרום האָט געקאָסט ביז זיבן הונדערט רובל אַ חודש.

לאַנג האָט עס אָבער נישט געדויערט. מען האָט געמסרט אין גובערניע. איז געקומען אַ קאָמיסיע פון אַקציזניקעס. געקומען שטילערהייט און גלייך באַפאַלן די שלאַנג און ריכטיק געפּאַקט, ווען די גוים האָבן געצאַפּט דעם שפּירט. אַ זעקס עמער שפּירט איז געווען אַרויסגעצאַפּט. די גוים האָבן אָבער נאָך אויסגעזייעט צו אַנטלויפן.

מען האָט באַלד פאַרחתמעט דעם בראָוויז מיט דער שלאַנג און געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל. עס איז אָבער געווען באַנאַכט, זיי האָבן נישט געקאָנט גוט באַטראַכטן, ווי אַזוי דאָ גייט צו דאָס גנבענען. האָבן זיי אַוועקגעשטעלט דריי דעסיאַטניקעס היטן, מען זאָל נישט אָפּרייסן די חתימות. די קאָמיסיע צוזאַמען מיטן אַסעסער האָבן גענעכטיגט אין הויף — מאָרגן וועלן זיי באַטראַכטן ווי געהעריג.

דער זיידע האָט באַלד געבראַכט דעם מעכאַניק. די דעסיאַטניקעס האָט מען געגעבן אין יד אַריין, האָבן זיי זיך געמאַכט, אַז זיי שלאָפן. מען האָט אַרויסגענומען די שלאַנג און אינעווייניק אַריינגעזעצט אַזאַ מין לאַטקע. דאָס לעכל איז געבליבן דאָסועלבע, אָבער קיין שפּירט איז נישט דורכגעגאַנגען. דער זייגערמאַכער האָט שוין געקאָנט מאַכן שנעל אַן אָפּעראַציע, אַז מען האָט באַראַפּט.

אויף מאָרגן, אַזייגער צוועלף נאָכן פרישטאָג, איז געקומען די קאָמיסיע אויספירליכער באַטראַכטן, ווי מען גנבעט דעם שפּירט. אָבער עס גייט קיין טראָפּן נישט. דער שפּירט איז אינגאַנצן דורכגעגאַנגען דורכן זייגער. דערבײַ האָט מען ווידער געגעבן אין יד אַריין, וויפיל מען דאַרף, און מען האָט פאַרריבן די גאַנצע מעשה. די קאָמיסיע איז אַוועקגעפאָרן בשלום, און דער זיידע האָט ווידער געטריבן זיין עסק בשלום. אין גיכן האָט מען עפּעס געמאַכט אַן אַנדער קונץ, נאָר איך געדיינק שוין נישט וואָס.

געווען אַ פּאָר ברייזער אין בריסקער אויעזד, וואָס פּריצים האָבן געהאַלטן, זיינען זיי אין אַ קורצער צייט געוואָרן עשירים: זיי האָבן געגנבעט נאָר אָהן רחמנות.

אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן דעם געניאַלן פעלשער דעם זייגערמאַכער, וואָס איז געווען אַזוי טיפּיש פאַר די אַמאָליגע צייטן, איז כדאי צו דערציילן אַ מעשהלע פון זיינע אינגל־יאָרן.

ער איז געווען מיינער אַ חבר. מיר האָבן געלערנט צוזאַמען באַ מאָטע רעם מלמד. אין יענער צייט איז, צוליב מאַנגל אין קליין־געלט, געווען ערלויבט פון דער רעגירונג יעדערן צו מאַכן אייגענע פּאַפּירענע מטבעותלאַך, דראָבנע געלט, נישט העכער פון פינף און צוואַנציג קאָפּ.

האָבן אַ סך בעלי־בתּים געמאַכט פּאַפּירענע מטבעותלאַך צו איין, צוויי, דריי, פינף, צען, פופצען, צוואַנציג און פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס. כּדי די פויערים זאָלן אויך פאַרשטיין אויפן געלט, האָט מען געמאַכט סמנים מיט פּאַסקעלאַך: פויערשער אלף־בית. יעדעס פּאַסעקל האָט באַטראָפן אַ קאָפּיקע. וויפיל פּאַסקעלאַך — אַזוי פיל קאָפּיקעס. נאָר אויף די מטבעותלאַך פון פינף ביז פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס זיינען געווען גרעסערע פּאַסקעס, וואָס האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דער צאָל צענערלאַך. דערביי איז געווען אונטערגעשריבן דער נאָמען מיט דער פאַמיליע פון דעם מטבעות־אַרויסגעבער.

אַזעלכע קוויטלאַך זיינען אומגעגאַנגען אין די שטעט און אין די דערפער אין גאַנץ גראָדנער גובערניע (וואַרשיינליך אין אַנדערע שטעט אויך). קליינע מטבעות, ווייניגער פון אַ האַלב רובל, זיינען סתּם נישט געווען במציאות. זיי האָט מען וויניג געזעהן. האָבן אַלע פויערים גענומען די קוויטלאַך פאַר די פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן געבראַכט צו פאַרקויפן. ציילן פלעגן זיי דאָס געלט לויט די פּאַסקעלאַך, וואָס איז דאָך פאַר זיי געווען נישט פון די גרינגע זאַכן, ווארום אַ פויער איז אַפילו פּאַסקעלאַך אויך שווער צו ציילן!

אַז זיי פלעגן אויספאַרקויפן די גאַנצע סחורה, האָבן זיי פאַר די קוויטלאַך געקויפט סחורה אין די קראָמען אָדער פאַרשכורט, און אַז באַ זיי זיינען נאָך פאַרבליבן קוויטלאַך, האָבן זיי פאָרגעלעגט די אירן אויסבייטן די ראָזיגע קוויטלאַך. דערפון האָבן זיי געהאַט עפּעס היזק און אירן פלעגן אויסבייטן.

פאַר די פויערים זיינען די קוויטלאַך־מטבעות נישט געווען פּראַקטיש. ערשטנס, איז זיי געווען שווער דאָס צו ציילן, צווייטנס, פלעגן זיי אָפּט פאַרלירן די קליינע קוויטלאַך, וואָס האָבן געהאַלטן אַ צאָל די לייגג און, דריטנס, פלעגן זיי ליידן פון אויסבייטן און נאָך ענליכעס.

מיין זיידע איז אוראי געווען דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט די קוויטלאַך, אָבער שפּעטער איז עס אים דערעסן. אַלע בעלי־בתּים האָבן עס פאַבריצירט.

פאַר קליינע קרעמלאַך זיינען די ראָזיגע קוויטלאַך געווען ווי אָנגעמאָסטן. זיי האָבן זיך געקאָנט דורכקירעווען אין „געשעפט" און קיין געלט האָט שוין נישט געפעלט. און טאָמער האָט געפעלט אַ הונדערטער צי צוויי, האָט

מען אַ פּאַבּריציר גוטאָן „געלט“ און מען האָט עס באַלד אַרויסגעשטופּט. אַזוי האָבן די קוויטלאַך געדרייערט אַ פּאָר יאָר צייט, ביז עס איז פאַרווערט געוואָרן, אויך עפּעס דורך אַ אידישער מסירה... אַז די קוויטלאַך זיינען בטל געוואָרן, האָבן פיל געמווט באַנקראָטירן, אָבער אָהן בזיונות.

אין אָט דער צייט, געדיינק איך, האָט דאָס צען־יאָריגע אינגל געמאַכט אין טרינקאָווסקיס קוויטלאַך אַזאַ מין קונץ: ער האָט גענומען אַ קוויטל פון פינף קאָפּיקעס און צונעשטעלט אייניגע פּאָסקעלאַך, איז געוואָרן פינף און צוואַנציג, דערביי האָט ער עס אַזוי געראָטן געמאַכט, אַז מען האָט בשום אופן נישט געקאָנט געפינען עפּעס אַ פעלשונג. אַרום און אַרום איז דאָס געווען זעהר גוט אָפּגעאַרבעט.

אַז צו טרינקאָווסקין זיינען אָנגעקומען אַזעלכע קוויטלאַך, וואָס מען האָט געטוישט אויף געלט, האָט ער זיך, פאַרשטייט זיך, נישט געכאַפּט. אָבער אַז עס האָבן זיך אויפגעקליבן אַ היפּש ביסל מטבעותלאַך אַזוינע, האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז די פינף און צוואַנציג־קאָפּיקענע קוויטלאַך זיינען עפּעס אין אַ צו גרויסער צאָל. צופיל, הייסט עס, אַזוי פיל האָט ער גאָר נישט געמאַכט, און פון דעם האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז פאַראַן אַ פעלשונג. אגב האָט נאָך דאָס קליינע אינגל געברויכט אַריינ־קלעפּן אין מיטן פון קוויטל אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס אַז מען האָט שוין גענומען נאָכקוקן, האָט מען דאָס פאַר איינוועגס אויך געפּאַקט.

די דאָזיגע פעלשונג האָט אויפגעהויבן אַ מהומה מיט אַ קאָך אין שטעטל און נאָך גרויסע חקירות ודרישות איז מען דערגאַנגען דעם מזיק דערפון. דער רבּי מאָטקע האָט גענעבן דעם זייגערמאַכער פינף און צוואַנציג שטאַרקע שמיץ — אַ רמז קעגן די פינף און צוואַנציג פאַלשע קאָפּיקעס. בעת מעשה האָבן אַלע אינגלאַך געמווט ציילן און באַ יערן שמיץ האָט מען געשריען: איין קאָפּיקע א. אַז. וו.

אויף מאָרגן, נאָכן שמייסן, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— חאַצקעלע, דו ווייסט, אַז איך הויב שוין אָן צו קלערן עפּעס מכּח אַ נייעם קונץ אין די קוויטלאַך. איצט וועל איך שוין דאָס מאַכן גלאַטער...

— משה, — זאָג איך אים — דו האָסט דאָך געשוואָרן, אַז דו וועסט שוין מער דאָס נישט טון?

באַ די שמיץ האָט ער פאַר אַלעמען מיט גרויסע קולות געשוואָרן.

— עט! — האָט ער זיך צעלאַכט, ווי אַ גרויסער, — ביסטו דאָך אויך אַ בהמה. מילא, אַז דער רבּי איז אַ בּהמה, איז דאָך דאָס דער רבּי! איך האָב דאָך אַלץ געשריען, אַז איך וועל דעם קונץ נישט מאַכן, אָבער אַן אַנדערן מעג איך דאָך!

ווירקליך, בײַ אים איז דאָס געווען בלויז אַ קונץ און נישט מער, וואָרום אין אמתן האָט ער זיך נאָכן געלט נישט געיאָגט. אים איז געווען, ווי אַלע קינסטלער, טײַער דער אײנפֿאַל. ער האָט אויך געקאָנט גרויסאַרטיג צייכענען.

דער זייגערמאַכער האָט דאָך נישט געקאָנט בלייבן בײַ זײַנע קונצן.

לסוף זײַנען אַוועק גרויסע מסירות, און די אַקציזניקעס האָבן אים אָנגעוואונקען, ער זאָל מאַכן פּליטה. און ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע.

---

# קאַפּיטל XII

**דער זיידע. — דער פּריץ שעמעט. — קושעליעווע. — דער פּאַן שעמעט אָפּגענאַרט דעם זיידן. — געדונגען פאַר מיר אַ הויף. — אַרויסגעפאָרן פון מאַקאַראָווצי. — איך ווער אַן עכטער פּאָסעסאָר. — באַם טאַטן. — דאָס אַרויספאָרן אין קושעליעווע. — צרות ווי האָלץ. — אַ געשעפט מיט גויים. — וועלף. — „הו־דהו! הו־דהו!“ — אַ פּחד. — זומפּן. — חרטות. — אַנטאָן.**

דער זיידע איז געווען זעהר פאַרנומען אין ברויז און געוואָלט האָט ער פאָרן צום מאַרשאַלאָק שעמעט, וואָס האָט אַ סך הויפן אין פּרושאַנער אויעזד. ער אַליין האָט געוואוינט אַ מייל דרייצען פון קאַמעניץ. דער זיידע האָט שוין איינמאָל געדונגען באַ אים אַ הויף באַביטש, נעבן קאַמעניץ, פאַר זיין זון יאָסלען. באַ אים האָט מען ביליג גענומען אַ הויף, און די אידן, וואָס זיינען געזעסן באַ אים אין אַרענדעס, האָט ער קיינמאָל נישט אַרויסגעזעצט.

פאַרמאָגט האָט ער סך הכל באַ אַ פינף מיליאָן גילדן ריין געלט, וואָס איז געלעגן אין אַ וואַרשעווער באַנק. אַליין אַן אַלטער מאַן, האָט ער געהאַט נאָך אַ יונגע פרוי און אַן איינציגע טאָכטער פון פופצען יאָר.

קאָנטראַקטן האָט ער פיינט געהאַט. זיין וואָרט האָט ער נישט געביטן. מען דאַרף נאָר צאָלן דאָס אַרענדע־געלט, אַפילו נישט אין דער צייט, איז אויך קיין בייז נישט, שעמעט טוט נישט קיין שלעכטס.

דער זיידע האָט דעריבער געוואָלט צום ערשטן פאָרן צו אים, ער האָט זיך אָבער אַלץ נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון ברויז, און איך האָב געמוזט דערווייל זיצן אין פּרוסקע. ערשט אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז דער זיידע געפאָרן צו שעמעטן.

באַ שעמעטן, וואָס האָט זיך מיט אים דערפרייט, ווי דאָס רוב פּריצים, איז ער געוואָר געוואָרן, אַז אַלע מאַיאָנטקעס זיינען באַ אים שוין פאַרנומען. פאַראַן נאָר איין קליין מאַיאָנטעקל, קושעליעווע הייסט עס, וואָס האָט איננאַנצן אַ הונדערט און פופציג מאָרג ערד צום זייען. קיין ווייץ

וואַקסט דאָרט נישט, ווייל די ערד איז מאָגער, נאָר היי איז דאָ זעהר אַ סך, בלאָטע־היי — עס וואַקסט אויף בלאָטע. פאַראַן אויך היי אין וואַלד.

— אפשר זאָלסטו עס נעמען — האָט דער פּריץ געזאָגט דעם זיידן — דיינעם אַן אייניקל גיב איך דאָס אָפּ פאַר זעקס הונדערט רובל. דיין אייניקל קאָן זיך איינאָרדענען. ער קאָן האָבן אַ פיר הונדערט פורן היי. די פּויערים וועלן אים אָפּאַרבעטן די גאַנצע פעלד־אַרבעט פאַר היי. וועסטו דאָס דינגען, זאָל קיינער דערווייל דערפון נישט וויסן, וואָרום די פּויערים דאַרפן זייען די זומער־תּבואה. אַז זיי וועלן געוואָר ווערן, אַז דו האָסט עס געדונגען, וועלן זיי אַזוי שלעכט זייען, אַז עס וועט נישט ווערט זיין אַ גראָשן. על כּן פאַר אַהיים מיט אַן אַנדער וועג, נישט דורכן דאָרף מיכאַלקע. מיכאַלקע איז צו נאָהענט צו קושעליעווע.

דער שעמעט איז נאָך אַלעם געווען אַ גרויסער שווינדלער. זיין וואָרט איז טאַקע געווען אייזן, אָבער אַז ער האָט געקאָנט גלאַטיג עמיצן אָפּנאַרן, האָט ער זיך דערויף נישט געפוילט.

און האָט אים עמיצער געזאָגט אַמאָל:

— פּריץ, דו האָסט מיך אָפּגענאַרט.

פלעגט ער דערויף זאָגן:

— ווי שעמסטו זיך נישט אויסצוזאָגן, אַז דו ביסט אַ גרויסער נאַר. וואָרום אָפּנאַרן קאָן מען נאָר אַ נאַר... ס'איז אַ בושה, אַז אַ מענש זאָל זיך אַזוי קאָנען פאַרנאַרן. אַ נאַר, זאָג איך דיר, דאַרף נישט פאָרן מאַכן מסחרים.

אָט אַזוי פלעגט ער יענעם אויסלאַכן.

נאָר אַז יענער האָט אים פאָרט אַריינקראָגן אין יר אַריין און דערביי אָנגעוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז שעמעט האָט דאָ צו דייטליך פאַרנאַרט, פלעגט זיך דער אַלטער פּריץ אויך נישט אָפּעסן דאָס האַרץ דערפון און מיט אַ באַזונדער גאוה פלעגט ער דערויף ענטפערן:

— ערשט וועסטו שוין זיין אַ קלוגער. פונדעסטוועגן אָבער זאָלסטו זיך ווייטער נישט אָפּנאַרן...

דעם קלוגן זיידן האָט ער אויך אָפּגענאַרט. ער האָט אים אומישנע נישט געהייסן פאָרן צוריק מיט דעמזעלבן וועג, כּדי דער זיידע זאָל נישט באַקוקן דעם הויף. וואָרום ווען דער זיידע זעהט דעם הויף, וואָלט ער דאָס אוראי נישט געדונגען. דעם זיידן איז גאָר אויפן זינען נישט געקומען, אַז זיין אייניקל וועט דאָ דאַרפן שטענדיג פירן אַ מלחמה מיט די פּויערים און זיין אין אַ וואַלד פאַרוואָרפן און איינזאַם. נאָך מער אָבער האָט דאָ געפעלט די טייערע באָבע. זי וואָלט אוראי און אוראי נישט דערלאָזט צו אַזאַ מין פּאָסעסאָריי...

דער זיידע האָט גענעבן אַ הונדערטער האַנט־געלט און באַקומען אַ קוויטל, אַז ער האָט געדונגען דעם הויף קושעליעווע פאַר זעקס הונדערט רובל אַ יאָר. דערבײַ איז נישט געווען אָנגעוויזן אויף וויפיל יאָר. דאָס איז איין זאַך. צווייטנס, איז אין קוויטל געווען געשריבן, אַז איך מוז אַליין די פעלדער פאַרזייען און נישט אָפּגעבן צו די פּויערים, אַז זיי זאָלן די פעלדער באַ־אַרבעטן, וואָס דערפאַר גיבן זיי דעם בעל־הבית צוויי־דריטל סנאָפּעס און זיך איין דריטל. אָט דער פּונקט, וואָס ווערט שטענדיג אויסגענוצט און איז דאָ גאָר אונטערן האַנט אַוועקגעמאַכט געוואָרן, איז פאַר מיר געווען אַן אומגליק.

דער זיידע האָט געפרעגט שעמעטן, ווי קומט דאָס, וואָס דאָס גאַנצע דאָרף גוויים האָבן קיין לעק פּאַשע נישט, בעת נאָכן אויפשטאַנד איז אומ־געפאָרן אַ קאָמיסיע, וואָס האָט באַטיילט יעדן פּויער מיט פעלדער. צו די פעלדער מוז מען דאָך האָבן פּאַשע און היי. ווי קאָן דאָס זיין איינס אָהן אַנדערן?

— בין איך קליגער פון זיי... האָט שעמעט מיט נצחון געשמייכלט, —אַז די קאָמיסיע איז צו מיר געקומען, האָב איך געגעבן די טשינאָווניקעס פאַרזוכן מיין אַלטן בראָנפּן — און געגוג... מיט בראָנפּן קאָן מען פאַרדרייען אַ קאָפּ, מיט אַלטן אוראַי. און די קאָמיסיע האָט געשריבן, ווי איך האָב געוואָלט. איך האָב נאָך בעסער געטאָן — איך האָב איבערגעלאָזט פאַר מיר אַ שטיק לאָנקע, וואָס באַם סאַמע דאָרף. און אָט די שטיק לאָנקע, וואָס קאָן געבן באַ אַ פופציג פורן היי, דינט מיר פאַר אַ בייטש פאַר די פּויערים. וואָרום די בהמות מוזן אַרויפטרעטן אויף דער לאָנקע נישט ווילנדיג. און ווען איך פאַרנעם זיי, קומט מיר פון יעדן שטיק אַ האַלב רובל... אויף אַזאַ אופן קאָן מען באַ זיי די הויט אַראָפּציהען. אַז דיין אייניקל וועט זיין אַ מענש, וועט ער פון זיי קאָנען ציהען פיל געלט. זאָג אים... זאָג אים...

דער זיידע, וואָס איז פאַרבײַ קושעליעווע נישט פאַרבייגעפאָרן, איז געקומען קיין פּרוסקע צופרידן. לויט זיין מיינונג, האָט ער געדונגען פאַר מיר אַ גוטן מאַיאָנטעק און ביליג, מיט אַ גוטן פּריץ.

— אַז חאַצקל וועט דאָרט אַריין, וועט ער שוין דאָרט זיצן — האָט דער זיידע געריבן די הענט פון תענוג — שעמעט נעמט נישט קיין הוספות, מישט זיך נישט אַריין אין פּאָסעסאָרס געשעפטן. יענער באַאַרבעט דעם מאַיאָנטעק אַזוי ווי באַ זיך אַליין. שעמעט קוקט אפילו נישט אין יענעמס זייט.

איך בין באַלד אַוועקגעפאָרן אַהיים קיין מאַקאַראָוועצי אויך אַ צופרי־דענער. ווי דער זיידע — אַזוי איך. אַז דער זיידע איז צופרידן — מעג איך דאָך דאָס אויך זיין. איך האָב מודיע געווען ראָזענבלומען, אַז פאַר פסח פאָר איך אַרויס פון דאַנען אין מיין מאַיאָנטעק, וואָס איך האָב גענומען

אין אַרענדע, און ער קאָן שוין פאַררינגגען די קרעטשמע מיטן פאַקט אַ צווייטן.

און ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן קלערן וועגן אַריינציהען זיך אין קושעליעווע. קאָנען וועל איך עס אַרום שבועות. איך וועל אָבער דאַרפן אָנקויפן אַ סך זאַכן און נאָר נישט קיין קליינע: בהמות, אָקסן, פערד, שפּאַנען מיט אַלע מכשירים, וואָס ווערן געבּרויכט צו אַ מאַיאָנטעק.

מען מוז אָבער אָנהויבן איינקויפן וואָס פריהער. ס'איז זומער, אין פעלד איז דאָ געגוג אַרבּעט, און אַז איך וועל אָנהויבן אַלץ איינקויפן און איינריכטן נאָך מיין קומען אין קושעליעווע, וועט אַוועקגיין דער גאַנצער זומער, און די פעלדער וועלן נישט זיין באַאַרבּעט.

אַלע פּאָסעסאָרן, אַז זיי דינגען אַ נייעם הויף, ציהען זיי זיך אַריין ווינטער, צו ניי־יאָר, ווען די פעלדער זיינען באַדעקט מיט שניי. גרייטן זיי זיך צו דערווייל און צו פּסח־צייט קאָנען זיי אַלץ פאַרטיג מאַכן. אָבער אַזוי ווי איך וועל זיך קאָנען אַריינציהען דוקא זומער, מוז איך אַלץ צוגרייטן דאָ, פריהער, וואוינענדיג אין אַן אַנדער הויף.

איך האָב זיך צונויפגעשריבּן מיטן טאַטן, אַז איך וועל קומען צו אים אין פּאַסעקי אין מערץ, וועל אַלץ איינקויפן און האַלטן באַ אים אין הויף, און סוף מאַי וועל איך אַריינפאָרן מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג אין קושעליעווע.

אין מאַקאַראָווצי האָב איך דערווייל אַלץ פאַרקויפט און געשיקט אויס־רופן אין אַלע בתּי־מדרשים אין קריניק, אַז ווער עס האָט עפּעס צו מיר טענות, זאָל קומען צו מיר, וואָרום איך פאָר אַרויס פון מאַקאַראָווצי.

אייגנטליך, איז דאָס אויסרופן אין בתּי־מדרשים געווען אַן איבעריגע זאַך, וואָרום קיינער האָט צו מיר קיין טענות נישט געהאַט און קיינעם בין איך קיין גראָשן שולדיג נישט געווען, נאָר דאָס האָט זיך געפּאַסט צום רומפּל, ווי מען זאָגט אין ליטע, און ריכטיגער — דאָס איז געווען אַ מין פּוסטע גאוה, וואָס איך האָב אומשולדיג עטוואָס געגאַשט פון זיירן.

האָט מען אויסגערופן אין די בתּי־מדרשים און... קיינער איז נישט געקומען...

אַזוי בין איך אַרויסגעפאָרן פון מאַקאַראָווצי. מאַנכע האָבן געוויינט באַם געזעגענען זיך און העכער פאַר אַלעמען — דער ארליאַנער פּאָפּ. ער האָט גאָרנישט געקאָנט לעבן אָהן מיר און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ווען איך וועל קומען צו אים בעטן הילף, זאָל גאָט היטן, וועט ער אויסטון פון זיך דאָס לעצטע העמד און מיר אַוועקגעבן.

און מיר האָט אויך שטאַרק געריסן דאָס האַרץ, וואָס איך פאַרלאָז אַלע מיינע שכנים און גוטע פריינט, מיט וועלכע איך האָב זיך אַזוי איינגעלעבּט. נאָר וואָס זאָל מען טון, אַז מען מוז וואַנדערן. אַזוי איז שוין באַשערט.

אַז איך בין דערנאָך אַריינגעקומען צום טאַטן קורץ געקליירט, האָט ער מיך נישט קאַלט אויפגענומען. ער האָט געשמייכלט מיט זיין שמייכל און האָט מיר, אַפּנים, אַלע מיינע עבירות מוחל געווען. צי איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז עס איז גלייכער צו שווייגן, מוחל זיין, איידער דרייען אַ ספּאָריק מיט די הויזן?

די פאַמיליע מיינע, דער טאַטע, דער פעטער יאָסל און דער בן־יחיד אריה־ליב, האָבן אַלע מיר געהאָלפן איינקויפן די בעלי־בתישקייט, וואָס מען באַדאַרף האָבן צו פעלד־אַרבעט. איך האָב מיר באַשטעלט נייע וועגנס אויף פירן שאָקן תבואה און אויף פירן מיסט, געקויפט סאָכעס, און בראָנעס, און גראַבלעס, און פערד, און אָקסן, און בהמות. אַלץ, אַלץ, אַלץ.

איינגעקויפט האָבן מיר אַלע זונטאָג צו ביסליק, און אויפן טומלדיגן יורי־יריד, וואָס שטעלט זיך אין קאַמעניץ זעהר גרויס, האָבן מיר דער־קויפט דאָס לעצטע, וואָס מען האָט נאָך באַדאַרפט — און געגנוג!

דעם פּופּצעגנטן מאַי זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אין קושעליעווע...

אַז מיר זיינען געקומען אין קושעליעווער וואַלד, פיר ווי־אָרסט פון הויף, האָט אונז אַ פּחד אָנגענומען: גרויסע ווּסטע בלאָטעס און זומפּן, אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף, און מיר האָבן זיך געשלעפּט די פיר וויאָרסט אפשר צוויי שעה. מיר איז באַלד געוואָרן זויער אויפן האַרצן.

איך האָב געזעהן וועלדער. ס'איז טרוקן, אַ מחיה, און דאָ נייען שרעק־ליכע זומפּן מיט בלאָטעס, אין וועלכע עס דאַרפן זיך פּאַשען די בהמות. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ מין פּאַשע טויג נישט פאַר בהמות. זיי וועלן זיך איינקנעטן אין בלאָטעס און אין זומפּן און וועלן נישט קאָנען אַרויסקריכן. איך האָב שוין, זייענדיג אין מאַקאַראָווצי, געהאַט אַ שטי־קעלע באַגריף פון פעלד־אַרבעט. אָבער וואָס איז די פּעולה? מען מוז שווייגן. פאַרפאַלן.

קוים דערשלעפּט זיך צום הויף — איז אונז געוואָרן נאָך פינסטערער אין די אויגן. אַזאַ יתומדיגער הויף, נישט אַרומגעצוימט, גריבער, לעכער, שטיינער, וויניג באַוואַקסן מיט גראָז.

אינעווייניג, אין הויף, שטייט אַ חושכדיג הויז, לאַנג ווי דער גלות, שוואַרץ, אַלט, אָפּגעלאָזט, און אויף אַלץ ליגט אַ ווּסטעניש מיט אַ טוכלער קאַלט־קייט. פויערים־באַטראַקעס, ווי איך האָב מיך דערנאָך דערוואוסט, האָבן דאָרט געוואוינט פון אַ יאָר דרייצן...

און נאָך אַ צרה:

אַ סך בהמות האָבן זיך געפּאַשעט אין די קאָרן נעבן הויף — פּיינע פּאַ־ראָנדקעס! די פּאַסטוכער, דערזעהענדיג אונזער אָנפאָרן, זיינען זיך צע־

לאָפן, און איך מיטן ווייב האָבן אויפן ערשטן ברוך־הבא גענומען אַראָפּ־טרייבן די בהמות פונם קאָרן. מיר האָבן זיי פאַרטריבן אין דער אָבאָרע און צוגעציילט: צוויי און ניינציג שטיק זיינען זיי געווען... מיר האָבן פאַרמאַכט די טיר און פאַרשטעקט די קליאַמקע מיט אַ העלצל.

אין אַ האַלבער שעה אַרום זיינען געקומען אין הויף אַריין כמעט דאָס גאַנצע דאָרף גוייִם. זיי זיינען געקומען בעטן, איך זאָל זיי אַרויסגעבן די בהמות. אַליין אַרויספירן זיי פון אָבאָרע, וואָס איז נישט געווען צוגע־שלאָסן, האָבן זיי דאָך נישט געוואַגט.

איך האָב כלומרשט אָנגעהויבן בעטן אַ רובל פון שטיק און זיי געמסורט, ווי קאָנען זיי דאָס פּאַשען די בהמות אין פרעמדן קאָרן... ס'איז דאָך אַן עבירה פאַר גאָט. נאָר זיי האָבן מיך איבערגעבעטן, און איך האָב זיי אַרויסגעגעבן די אַרעסטאַנטן...

איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך גיב זיי צייט צו פּאַשען זייערע פי באַ מיר אין וואַלד ביז זונטאָג. דעמאָלט וועלן מיר שליסן אין דאָרף־קאַנצעלאַריע אַ קאָנטראַקט, אין וועלכן זיי וועלן זיך פאַרפליכטן צו געבן מיר זומער־אַרבעטער פאַר דער פּאַשע.

דער סטאַרשינאַ האָט געוואוינט אין דאָרף מיכאַלקע, וואָס געהערט, ווי געזאָגט, צום הויף קושעליעווע. האָב איך אים געשיקט רופן.

— פּאַניע סטאַרשינאַ — האָב איך אים געזאָגט, — אויף זונטאָג זאָלסטו צונויפרופן דעם גאַנצן עולם פון דאָרף, זיבן און צוואַנציג געזינדן, זיי זאָלן קומען צו מיר איבעררייידן וועגן דער פּאַשע, וואָס איך וועל זיי געבן אין מיין וואַלד. אויב זיי וועלן זונטאָג מיט מיר נישט מושוה ווערן און נישט שליסן קיין קאָנטראַקט, לאָז איך זיי ווייטער נישט פּאַשען באַ מיר זייערע קי.

זונטאָג פריה איז געקומען דאָס גאַנצע דאָרף גוייִם מיטן סטאַרשינאַ און מען האָט געפּרעגט, וויפיל וויל איך פאַר מיין פּאַשע.

האָט מען זיך געדונגען עטליכע שעה צייט, ביז מיר זיינען דורכגעקומען, אַז פאַר יעדער בהמה, אָדער אַ פערד, אָדער אַפילו אַ קעלבל, זאָל מען מיר געבן צו דער אַרבעט אויף אַ טאָג צייט צוויי אַרבעטער מיט אַ שפּאַן, דאָס הייסט מיט אַ פערד.

דאָס האָבן מיר געשמועסט באַ מיר אין הויף. דערנאָך זיינען מיר אַלע אַוועק אין קאַנצעלאַריע. דאָרט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דער קאָנ־טראַקט, אין וועלכן איך האָב מוסף געווען, אַז ווען איך וועל רופן עמיצן צו דער אַרבעט, — אַן אַרבעטער אַזוי אָדער מיט אַ פערד צוזאַמען, — מוז ער באַלד קומען; און אַז איך וועל רופן צוויי מאָל און מען וועט נישט קומען, דאַרף איינגעצאָלט ווערן דריי רובל שטראָף.

ווייטער איז געווען נאָך אַ וויכטיגער פּונקט:

צו שניט־צייט, איידער מען הויבט אָן שניידן תבואה, דאַרפן זיי מיט דריי טעג פריהער שניידן בּאַ מיר, און דערנאָך אַ טאָג איבּער אַ טאָג: איין טאָג שניידן בּאַ זיך און איין טאָג בּאַ מיר, און אין אַ צייט פון צוויי וואָכן מוז צו מיר אין שייער אַריינגעפירט ווערן די גאַנצע תבואה.

פאַר איין פינף־רובלדיגע האָט מיר דער שרייבּער אָנגעשריבּן דעם קאָנטראַקט; ער איז געוואָרן אַזוי נאָכגיביג, כאָטש נעם און קויף בּאַ אים אָפּ אַלע פּויערים. און דער סטאַרשינאַ האָט זיך גלאָט צו מיר געחנפעט, האָפנדיג, אַז ער וועט האָבּן פון מיר טובות. מען האָט געלעגט דעם שטעמפּל און זיך אונטערגעחתמעט. פּאַרטיג, הייסט עס.

איך האָבּ אָפּגערעדט, אַז מאָרגן פריה, אַזייגער זעקס, וועל איך קומען אין דאָרף און פאַרשרייבּן, וויפיל בהמות יעדער בעל־הבית האָט, צו וויסן וויפיל אַרבּעטער דאַרף מיר יעדערער געבּן.

אויף מאָרגן פריה בּין איך געקומען אין דאָרף, גענומען דעם סטאַרשינאַ מיטן סטאַראָסטאַ און געגאַנגען פון הויז צו הויז ציילן די שטיקלאַך.

איך האָבּ איינגעזעהן, אַז די גויים ווילן מיך אָפּנאַרן און דערבּיי פאַרמסרט מען דעם צווייטן...

יעדערע האָט, גערייניק איך, געזאָגט, אַז אַנדערע גויעס האָבּן פאַרגנבעט קעלבּלאַך אונטער אַ שטאַל, איך זאָל נישט זעהן. האָבּ איך זיך אָנגענורט די לענדן און געמאַכט אַ גוטע רעוויזיע, אונטערוואַרעמענדיג דעם סטאַר־שינאַ. און אַז איך האָבּ געכאַפּט אַ קעלבּל, וואָס מען האָט באַהאַלטן, כּדי מען זאָל פאַר זיין ביסל אומשולדיג גראָז, וואָס עס עסט אויף, נישט דאַרפן אָפּאַרבּעטן, האָט דער סטאַרשינאַ געמאַכט אַזעלכע גוואַלדן: „ר ו נ נ ב!“, פּונקט ווי מען וואָלט טאַקע בּאַ מ י ר ג ו פ א געגנבעט דאָס קעלבּל.

איך האָבּ פאַרשריבּן מער ווי זעקס הונדערט שטיקלאַך. האָבּ איך, הייסט עס, זעקס הונדערט פור־אַרבּעטער און זעקס הונדערט פוס־אַרבּעטער. אַן ענין איז דאָס אַ היפּשער, אַ נישקשהדיגער.

די לאָנקע, וואָס געבּן דאָרף, האָבּן זיי אָפּגעקויפט בּאַ מיר פאַר הונדערט רובּל און ז י בּ ן און צ װ א נ צ י ג שניטער. מכּח בּלאָטע־היי האָבּ איך מיט זיי אָפּגעמאַכט אויף דער העלפט: אָפּקאָשען אַ העלפט און אַריינפירן צו מיר אין שייער און אַ העלפט צו זיי.

די גויים האָבּן מיר אָפּגעאַרבּעט די גאַנצע פעלד־אַרבּעט פון אלף בּיז תּו פּינקטליך, שיין און מיט טאָלק. פאַר אַ פּאָסעסאָר איז דאָס אַן אוצר. מען דאַרף נישט דאגהן זומער פאַר קיין אַרבּעטער. אַ שפּאַס, וואָס עס טוט זיך אָפּ, אַז עס קומט שניט־צייט און גאָט העלפט, עס איז אַ טרוקענער זומער און די זאַנגען ווערן גיך צייטיג און עס הויבּן זיך אָן בּאַלד אויס־

צעשיטן די קערנער; אָדער פאַרקערט, ווען די שאָקן שטייען אין פעלד און עס מאַכן זיך רעגנס און מען דאַרף זיי וואָס גיכער אַריינפירן אין שייער אַריין. וואָרום אַז נישט — הויבן זיי אָן פוילן; אָדער אָנהויב ווייסנע, מען דאַרף פאַרזייען די זומער־תּבואה און עס שטייען וואַסערן מיט גרויסע רעגנס, קאָן מען נישט פאַרזייען. טוט אָבער פאָרט באַלד אַ שיין די זון, קאָן מען שוין זיך נעמען צו דער אַרבעט, מוז מען דעמאָלט האָבן אַ סך הענט, ווייל עס איז שפּעטליך און מען דאַרף זיך צו־איילן. אַקערט מען שנעל, בראָנעוועט מען שנעל, זייט מען שנעל. טאָמער פאַרשפּעטיגט מען דאָך, האָט שוין די תּבואה קיין צייט נישט פאַר זיך צו וואַקסן — ווערט אַ צרה מיט אַ מהומה; דאָס לעבן איז דעמאָלט נישט ניחא. מיט איין וואָרט, מען מוז האָבן וואָס מער אַרבעטער. זאָל גאָט אויסהיטן, טאָמער פעלן דעמאָלט אויס אַרבעטער — מען איז ממש פאַרפאַלן. די פּאָסע־סאָרם לויפן דעמאָלט אַרום, ווי פאַרסמטע מייז, זוכן מיט ליכט אַרבעטער, און גרויסע טראָפּנס שווייס שטייען זיי אויפן פּנים.

אין דעם פּרט וואָלט מיר געווען אמת גוט, ווען נישט די גרויסע חסרונות פון קושעליעווע גופא.

קודם כּל דער וואַלד פון קושעליעווע. ער האָט געהאַלטן אַכצען הונדערט מאָרג און האָט זיך געגרעניצט מיט טעמרער וואַלד, נאָך אַ גרעסערער; דער טעמרער, ווידער, מיט נאָך וועלדער, אַזוי אַז עס איז דורכאויס אַרום און אַרום געווען וואַלד. מיין קליין הויפל איז געשטאַנען אין מיטן קושעליעווער וואַלד, ווי אַ פאַרוואונדעטער פויגל, עלנט, איינזאַם און פאַר־לאָזט, — אַן אמתע ווילדעניש. די ערד איז מאָגער, און דאָרט, וואו עס איז נישט מאָגער, ליגן שרעקליכע זומפּן, בלאָטעס, געמויזעכטסן, פאַר שרים אויף צו וואוינען. אין וואַלד איז נישטאָ קיין וועג, וואָס זאָל זיך ציהען, ווי עס טרעפט דאָס רוב, פון איין שטאָט אין אַ צווייטער. נישטאָ, נישט קיין וועג, נישט קיין שטעג.

אין וואַלד זיינען געווען זעהר פיל וועלף. דער גראָדנער גובערנאַטאָר פלעגט אַרויסשיקן איין מאָל אין צוויי יאָר אַן אָבלאַווע אויף וועלף. די דאָזיגע וועלף האָבן זיך נישט געשראָקן צו כאַפּן באַ מיר סאַמע אין הויף אַ גאַנז. איינמאָל, געדיינק איך, האָבן פּויערים, אַקערנדיג די פעלדער, נעבן הויף, דערזעהן אַ הינקעדיגן וואָלף. האָבן אַלע אַ וואָרף געטאָן די אַרבעט אין מיטן און זיך אַוועקגעלאָזט מיט דראָנגנען דערהרגענען דעם וואָלף, און דערביי האָבן זיי געמאַכט אַזוינע גרויסע געוואַלדן, אַז עס האָט געגרוילט.

עס זיינען אויך געווען ווילדע חזירים, וואָס פלעגן אויפעסן די קאַר־טאָפלעס פון פעלד.

בעת די קי פּאַשען זיך אין וואַלד, קאָנען די פּאַסטוכער נישט צונויפ־קלייבן זיי אין איין אָרט, אַוועקצוטרייבן אַהיים. יעדער פּאַסטוך שרייט און הוקעט צו זיינע בהמות און טרייבט זיי איינציגווייז. אַ בהמה קאָן זיך אַמאָל פאַררוקן אונטער אַ בוים, און דער פּאַסטוך דערזעהט זי נישט. אַלע בהמות פלעגן זיך צעשפּרייטן אונטער די בוימער, און מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ סך פּאַסטוכער.

יעדער פּויער האָט געהאַט אַ באַזונדער פּאַסטוך, אָבער עס איז דאָך געווען כמעט ווי אוממעגליך, אַז אַ פּאַסטוך זאָל ברייינגען אַהיים אַלע זיינע בהמות פאַר אַמאָל. באַ יעדערן פלעגט טיילמאָל פאַרבלייבן אין אָוונט אַ בהמה נעכטיגן. דאָס האָט די גוים זעהר געשראָקן. וואָרום עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די בהמה זאָל איבער נאַכט אויפגעפרעסן ווערן פון די וועלף. אין אַזוינע נעכט פלעגן די פּויערים אומלויפן איבערן וואַלד ווי משוגעים און זוכן זייערע בהמות. דערביי האָבן זיי שרעקליך געשריען, כדי די בהמות זאָלן דערקענען דאָס קול פון בעל־הבית און די וועלף זאָלן זיך דערשרעקן...

שוין דעם ערשטן אָוונט האָב איך דערהערט די צעצויגענע טרויעריגע אויסגעשרייען פון די פּויערים, וואָס זיינען אַרומגעלאָפן אין וואַלד:

— הו־הו!.. הו־הו!..

אַ שווידער גייט דורך איבערן לייב: וואַלד, נאַכט, וועלף און פּויערים, וואָס דאַרפן מיר קיין גוטע פריינט נישט זיין...

די קולות שטאַרקן זיך, קומען אַלץ נעהענטער און נעהענטער.

— הו־הו!.. הו־הו!..

און אַז מיר האָבן אין דער ערשטער צייט דערזעהן עטליכע פּויערים מיט ביקסן אין די הענט (די פּויערים האָבן אַלע געהאַט ביקסן) נאָך די שרעקליכע געשרייען, זיינען מיר געבליבן טויט, סאַמע מתים.

אָבער אַז זיי האָבן אַראָפּגעכאַפּט די היטלען און געזאָגט דעם גרויסן דאָברי־וועטשער און געפרעגט מיט גוטע, פאַרצווייפלטע שטימעס, צי זייערע בהמות זיינען נישט פאַרנומען באַ מיר אין שאָרן, איז אונז עטוואָס לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן.

אַזאַ מין פּאָרציע האָבן מיר אויך געהאַט באַלד אין דער ערשטער נאַכט פון אונזער קומען קיין קושעליעווע. עס האָט אונז געטרייסלט אַ צאָן אָן אַ צאָן. דערנאָך, אַז מיר האָבן דערזעהן די פאַרצווייפלטע גוים, האָב איך זיך מיטן ווייב פאַלש געטרייסט, אַז פאַר די פּויערים האָבן מיר גאָרנישט וואָס צו מורא האָבן — גוטע גוים...

אין זין פון אָרדענונג און געזעץ זיינען די פּויערים דעמאָלט נישט שלעכט געווען אַוועקגעשטעלט. עס איז דאָך געווען נאָך דער פּויערים־

באַפרייאונג. די פויערים האָבן געהאַט אַן איינציקן סוד, וואָס האָט געהאַט גרויסע פּאָלמאַכטן.

אָט דער סוד, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר פויערים, האָט געקאָנט צומשפּטן פּופציג שמיץ אַפילו. די טעטיגקייט פון סוד האָט זיך באַצויגן נאָר צו פויערים. האָט אַ איד אָבער געהאַט אַ משפּט מיט אַ פויער, האָט דאָס שוין געהערט צום מיראָוואָי סודיאַ. אַז דער איד האָט געוואָלט, האָט ער געקאָנט איבערטראָגן זיין משפּט מיטן פויער אין פויערשן סוד.

דער דאָזיגער סוד איז געווען העכסט אומפּאַרטייאיש. מען האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אַ איד און אַ קריסט. מען האָט געמאַכט גערעכט דעם, וואָס איז געווען גערעכט, און, פאַרקערט, פאַרמשפּט דעם, וואָס איז געווען אומגערעכט. דער איד האָט נאָך דערצו געהאַט אַ פּריווילעגיע: אויב דער פּסק־דין פון פויערים־סוד איז אים נישט געווען צום האַרצן, האָט ער געהאַט אַ ברירה נישט צו הערן אים און איבער־טראָגן דעם פּראָצעס אין מיראָוואָי סוד.

אין יענער צייט האָבן די פויערים בכלל געהאַט אָפּשיי פאַר אידן און זאָגאַר געהאַלטן זיי פאַר גרעסערע יחסנים. דעמאָלט האָט מען נישט געהערט, אַז פויערים זאָלן באַגיין געוואַלטטאַטן איבער אידן. טאָמער האָט עפּעס אַזוינס געטראָפן, איז עס געווען אַ זעלטענער פאַל. די קאַנצעלאַריעס האָבן אויך גוט אַכטונג געגעבן אויף זיי.

ביסלעכווייז האָבן מיר זיך איינגעוואוינט, הגם זייער הוקעניש און שרייעניש אַלע נאַכט האָט געריסן באַם האַרצן.

גרויס עגמת נפש האָב איך געהאַט פון די בהמות, וואָס פלעגן איינ־זינקען און די וואַלד־זומפּן. עס איז נישט אַוועק אַ טאָג, וואָס אַ בהמה זאָל זיך נישט איינקנעטן אין אַ זומפּ. אַ זאַך איז דאָס געווען אַ געפערליכע. אַ בהמה איז בטבע אַ „שוואַך וועזן", און אין אַ פּאָר שעה צייט, ווען זי ליגט אין זומפּ, פאַרקילט זי זיך און פּגרט גאָר אַוועק דערנאָך.

אַלע טאָג איז דער פּאַסטוך געקומען צולויפן מיט דעמזעלבן:

— כאָזיאַאין, אַ בהמה זיצט אין זומפּ!..

האָט מען געמוזט באַלד צונויפרופן גויים, אַז זיי זאָלן אַרויסהויבן די בהמה פון זומפּ. צוזאַמען מיט די פויערים פלעג איך אַליין אויך מוזן קריכן אין טיפע בלאָטעס, וואָס האָבן צוגענומען דאָס געזונט, אַריינגעקראָכן מיט איין פוס און קוים אַרויסגעשלעפּט, גאָט צו דאַנקען. אַרויסגע־שלעפּט — און דער צווייטער פוס איז שוין טיף פאַרזונקען.

פיל מאָל פלעגן מיר געפינען די בהמות כמעט ווי געפּגרטע. פלעגן מיר מאַכן אַ פייער פון טרוקענע צווייגן און וואַרעמען זיי נאָכן אַרויסנעמען פון זומפּ, ביז זיי האָבן זיך געקאָנט אויפהויבן און גיין אַהיים.

אַזוי האָב איך געהאַט אַלע טאָג אַן עסק מיט בהמות.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיטן פֿאַרקויפֿן איינציגע שטיקלאַך לאַנקעס, אַן ערך פֿערציג שטיק, וואָס זיינען געלעגן צעוואָרפֿן אין דער נאַסער זייט פֿון וואַלד. פֿלעגן קומען פּויערים פֿון די אַרומיגע דערפֿער קויפֿן שטיקלאַך לאַנקע. האָט מען מיך אַרומגעפֿירט איבערן נאַסן וואַלד: איין פֿוס אַריין — דער אַנדערער פֿוס אַרויס, אַזוי כּסדר, נאָכאַנאַנד, לאַנג, און איך פֿלעג קומען אַהיים כּמעט אַ טויטער.

פֿון אַזאַ קריכעניש בין איך קראַנק געוואָרן, מיר האָט אָנגעהויבן ווײ צו טון אין האַרצן, און אַז איך פֿלעג קומען אַהיים, פֿלעג איך פֿאַלן אויף דער קאַנאַפּע. קוים וואָס איך האָב געלעבט, און דאָס ווייב האָט אָפֿטער צוגעוואָרפֿן:

— לאָמיר איבערלאָזן די גאַנצע קושעליעווע און אַנטלויפֿן מיטן לעבן.

טיילמאָל האָב איך באַדאַרפֿט צופֿאָרן אין די אַרומיגע שטעטלאַך איינצוקויפֿן אויף די מערק נויטיגע זאַכן, וואָס מען באַדאַרף אָפֿטער האָבן אין אַ בעלי־בתּישקייט. צוריק אַהיים פֿלעגט מיר אויסקומען פֿאָרן באַנאַכט, אַרום מיר פֿלעגן וואָיען הונגעריגע וועלף, און כּדי צו פֿאַרטרייבן די אומעטיגע רעיונות, פֿלעג איך שרייען, קלאַפּן און קלינגען מיט אַ גלעקל. דער העק, די פֿאַרוואָרפֿנקייט האָט מיך אינגאַנצן דערשלאָגן.

באַ לייטן אויף די דערפֿער פֿאָרט מען אין געסט אין דער פֿרייער צייט. באַ לייטן אויף די דערפֿער איז נישטאָ אַזוי פֿיל וואַלד, אַרום איז מער פֿריי, מען פֿאַרברייטנגט ביז שפּעט אין די אָוונטן איינער באַם צווייטן און דערנאָך פֿאָרט מען זיך אַהיים; אָבער דאָ קומט קיינער נישט צו מיר און נישט איך צו קיינעם. דער פֿאַרשאָלטענער וואַלד האָט פֿאַר אַלעמען פֿאַר־צוימט דעם וועג.

איך האָב אינגאַנצן פֿאַרוואָרפֿן מיינע חקירה־ספֿרים און בין געוואָרן אַן אמתער העק־ישובניק מיט אַלע פּיטשעווקעס און אין די זונטאָגן אָדער חגאַ־טעג פֿלעג איך פֿאַרברייטנגען מיט די פּויערים. אויפֿן האַרצן איז מיר געווען שווער, זייער, נישט ניחא. מיר האָבן באַנג געטאָן מיינע קינדער, וואָס וועלן פֿאַרגרעבט ווערן אין אַזאַ מדבר.

און אַז איך פֿלעג זיך דערמאָנען אָן די מאַקאַראָווצער פֿאַרגעניגנס מיט די פֿרייהייטן, מיט די טייערע האַרציגע פֿריינט און באַקאַנטע, פֿלעגט מיר אויפֿקאָכן דאָס בלוט פֿון פֿאַרדראָס, אַז איך וואָלט זיך אַליין צעריסן אויף שטיקלאַך.

צו וואָס האָב איך אַרויסגעוואַנדערט פֿון דאָרט אַהער?

שלעכט מיט די קושעליעווער פּויערים האָב איך נישט געלעבט. איך האָב זיי קיינמאָל נישט באַשטראָפֿט, ווען זייערע בהמות פֿלעגן גיין צו

מיר אין שאָרן. פונדעסטוועגן בין איך געווען אַ איד, אַ פאַרוואָרפענער איד און זיי — אַ סך, אַ סך גויים...

איך האָב זיי אַלץ געשײנקט, געליען זיי געלט, ווען זיי האָבן נויטיג באַדאַרפט, איך האָב זיי אָפט מאָל טובות געטאָן און זיך לפי ערך איינגעלעבט מיט זיי. אָבער דער פויער איז מיר דאָך פאַרבליבן פרעמד. און אַפילו מער ווי פרעמד... נישט קוקנדיג דערויף, וואָס פויערים געדיינקען אַ טובה, מענשליכע גוטסקייט.

איך בין איינמאָל אין אַ חנא געגאַנגען באַקוקן מיינע פעלדער אין וואַלד. דערזעה איך, ווי צוויי אָקסן פאַשען זיך אין קאָרן, און דער פאַסטוך אַנטאָן, אַ יונג פון אַ יאָר 20, דער גרעסטער גבור אין דאָרף, זיצט זיך גלייכגילטיג מיטן פייפעלע, ווי נישט אים מיינט מען. נעם איך און שנייד אויס אַ רוט פון אַ בוים און הויב אָן צו טרייבן די אָקסן צו זיך אַהיים. אָבער אַנטאָן טרייבט זיי צו זיך אין דאָרף אַריין. איך טרייב זיי אין הויף, און ער — אין דאָרף. האָב איך דערציילט דעם סטאַרשינאַ, אַז אַנטאָן האָט מיך נישט געלאָזט פאַרנעמען זיינע אָקסן, וואָס זיינען געגאַנגען אין שאָדן. האָט מען זונטאָג געמאַכט אין קאַנצעלאַריע אַ משפט אויף אַנטאָנען און מען האָט אים צוגעמשפט 20 שמיץ.

דער פּאָסעסאָר — אַ גוטער, למאי אים אָנטון שאָדן?... איז צו מיר געקומען אַנטאָנס פאַמיליע, בראש מיט זיין ברודער פּ אַ וו ע ל דעם סטאַראָסטאַ, און מען איז מיר געפאַלן צו די פיס, איך זאָל אים מוחל זיין. און אַז איך האָב אים מוחל געווען, איז דאָס באַ זיי זעהר אָנגעלעגט געווען. אָ ב ע ר ג אָ ר א י נ ג אַ נ צ ן ז י י ן צ ו מ י ר ג ו ט, האָבן זיי דאָך נישט געקאָנט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז זיי טראַכטן שטענדיג איין זאַך: וואָס טו איך דאָ צווישן זיי? ווי קום איך אַהער? וואָס פאַרנעם איך זייערע פעלדער? וואָס באָמבל איך זיך, אַ איד, צווישן זייערע שוואַרצע, האָריגע פּנימער און בייזע, כמאַרנע, הונגעריגע אויגן?..

שניט-צייט האָט דאָס גאַנצע דאָרף זיך גענומען צו מיין תבואה. זיי האָבן מיך פ ר י ה ע ר געוואָלט אָפּפּטרן און דאָס איז געווען אַ גרויסע זאַך. די תבואה איז געוואָרן טרוקן און מען האָט באַדאַרפט ו ו אָ ס ג י כ ע ר אָפּשניידן און גלייך אויף מאָרגן אַריינפירן די שאָקן אין שייער, בכדי די קערנער זאָלן זיך נישט אויסשיטן אין פעלד. אין צען טעג צייט איז שוין געווען באַ מיר אָפּגעשניטן דאָס גאַנצע קאָרן און אַריינגעפירט אין שייער.

די זומערדיגע תבואה איז דאָס יאָר געווען אַזוי געראָטן, אַז אַלטע גויים האָבן געזאָגט, אַז זיי געדיינקען שוין נישט נאָך אַזאַ געראָטן יאָר אויף קאָרן. גערשטן, האָבער, קאַרטאָפלעס, אַרבעס, גריקע און אַלע גערטנער-

גרינסן זיינען געווען זעהר שלעכט: פון פערציג מאָרג פאַרזייטן האָבער האָב איך אַפילו נישט געהאַט פאַר מיין פאָר פערד צו געבן עסן. מאָגערע שוואַרצע קערנער — און אויף זייען איבער אַ יאָר האָב איך געמוזט אַלץ דערקויפן.

נאָר היי האָב איך געהאַט זעהר פיל. אפשר 400 פורן היי.

אָבער וואָס איז די פעולה, אַז עס איז שלעכט, אומעטיג און נודנע, אַז איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען?

און נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל האָב איך פאַר זיך אין דערשטיל און מיט ווייַ דערמאָנט די גוטע, די ליבע און היימליכע מאַקאַראָווצי...

---

# קאַפּיטל XIII

**דער וואַלד ברענט. — אַ שרעקליכע שׂרפה. — איך בין צעמישט. — מיר ראַטעווען די שטוב־זאַכן. — אָפּגעברענט אַ פופציג דעסיאַטין וואַלד. — דער וואַלד ברענט ווידער. — איך לויף העגדום־פּעגדום זוכן לעשער. — דער סטאַראָסטע. — איינגע־לאָשן. — מיינע אַגראָנאָמישע פּלענער. — אַ נייער אומגליק. — אַ דאָך איינגעפאַלן. — נאָך גרעסערע צרות. — דאָס קינד פון ווינעלע אַרויסגעפאַלן. — מיין ווייבס קראַנקהייט. — די קינדער קראַנק געוואָרן. — לויף אַהין — לויף אַהער. — יעקבֿ־יאָסל. — אַ אידענע מיט אַ חלום. — געוואַלד!!! — די צוואה מיט די האָר. — מיין נגונדל.**

איינמאָל, באַם שניידן האָבער, בין איך מיר אַזוי געשטאַנען נעבן די שניטער פאַרטיפט אין מיינע רעיונות. צווישן די שניטער איז געווען אַ פויער טעאָדאָר, זעהר אַ בייזער, אַ שלעכטער, און וועלכן איך האָב געפילט שטענדיג אַ באַזונדער שׂנאה צו מיר. און אָט גיט זיך דער דאָזיגער טעאָדאָר פּלוצלינג אַ דריי אום און לאָזט אַרויס אַ פרייליכן געשריי:

— דער הויף ברענט!...

איך בין בלאַס געוואָרן. פון דער זייט פון הויף שטייגט אַרויס אַ רויך אין הימל אַריין. מיט די לעצטע כּחות בין איך אַוועקגעלאָפן צוזאַמען מיט נאָך אַ פינף פויערים צום הויף. וואָס ווייטער איך לויף צום הויף, אַלץ מער, זעה איך, גרעסערט זיך דער רויך און פאַרשפּרייט זיך איבערן גאַנצן וואַלד, ווי אַ טונקעלער טוך. אַז איך קום צום הויף, לויפט מיר דאָס ווייב אַנטקעגן מיט פאַרבראָכענע הענט:

— דער וואַלד ברענט!...

דאָס פייער דערנעהענטערט זיך צום הויף און אָט וועלן אוראי איינגעשלונגען ווערן די שטרויענע דעכלאַך פון פייער...

און איך ווייס גאָרנישט, וואָס מען טוט און ווי מען לעשט אַזאַ גרויס פייער אין וואַלד. און איך ווייס גלאַט נישט, אויף וואָסער וועלט איך בין. די פויערים האָבן געזאָגט, אַז דער הויף איז אין סכּנה, וואָרום דער וואַלד איז פול מיט טרוקענע צווייגן. שוין פיר יאָר, אַז מען האַקט אין

וואַלד בוימער, וואָס דאַרפֿן גיין קיין דאַנציג. אַ פּאָר חדשים, אַז קיין רעגנס זיינען נישט געווען. דאָס נראַז מיט די צווייגן זיינען טרוקן: גאָלדן ברען־מאַטעריאַל!

מיט פּופּצען יאָר צוריק איז אויך אָפּגעברענט געוואָרן דער הויף. דאָ זיינען געווען צוויי ברייזער, אַ בראָנפֿן־ און אַ ביר־ברויז. דאָס אַלץ איז אומגעקומען פֿון דער שרפֿה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין וואַלד. כּדי איינצולעשן אַזאַ גרויסן שטח פֿייער, מוז מען האָבן אַ פּאָר הונדערט מענשן.

ערשט איצט האָב איך געזעהן, ווי די פֿאַרבאָרגענע שנאה פֿון די פּויערים צו מיר וויל גיפֿטיג און שטיל אַרויסטרעטן פֿון אויבן...

אַ פרעמדער בין איך זיי. איינגאַנצן אַ פרעמדער. פרעמד בלוט איז אין מיר.

דעם ווייב האָב איך געהייסן, זי זאָל דערוויל מיט די פּויערים אַרויס־ראַטעווען אין אַ פורגאָן די שטוב־זאַכן, און אַליין כאַפּ איך אַ פערד און לויף נאָך גוויים צו לעשן דאָס פייער. אָבער עס איז זומער, קיין שפור פון אַ פּויער איז נישטאָ אין די דערפער. די קליינע פּאַשען, די גרויסע שניידן תּבואה באַ זיך און באַ די פּאָסעסאָרס.

לויף איך מיט אַ טרויעריגן גאַלאָפּ ווייטער און טרעף אויפן וועג פּויערטעס, וואָס שניידן תּבואה. שריי איך צו זיי און בעט זיך, אַז זיי זאָלן אַוועקוואַרפן דאָס שניידן און וואָס גיכער לויפן לעשן דאָס פייער אין וואַלד.

דערפאַר וועל איך זיי שיינקען די שניטער, וואָס זיי זיינען מיר שולדיג פאַר די בייטן קאָנאָפּליעס, וואָס זיי האָבן באַ מיר גענומען. יעדע פּויערטע נעמט באַ מיר אַ בייט אויף צו זייען קאָנאָפּליעס, און פאַר יעדער בייט גיט מען מיר פינף שניטער אָדער אַנדערע אַרבעטער.

אַזוי בין איך געלאָפן אַ וויאָרסט אַכט צווישן די פעלדער און אַלעמען געבעטן רחמים: לויפן העלפן לעשן דעם גיהנם. און לויפנדיג, קוק איך מיך אַלע מאָל אום אויף הינטן... זעה איך, ווי דער רויך איז אַזוי גרויס, ווי דער וואַלד, קיין פייער זעהט מען נישט, נאָר אַ געדיכטן, רויטן רויך, אויסגעמישט מיט פייער, וואָס דערגרייכט ביזן הימל.

דאָס האַרץ האָט אין מיר געצאַפּלט. מיך האָט שוין נישט געאַרט, וואָס איך ווער דאָ אַן אָרימאַן, נאָר איך האָב איבערגעלאָזט אַליין מיין ווייב מיט צוויי קליינע קינדער אין אַזאַ גרויסער שרפה, צווישן שונאים, און זי וועט דאָרט אוראַי חלשן, און עס וועט נישט זיין ווער עס זאָל זי מינטערן. מיר האָט זיך דאָך איינגעגעבן איינצובעטן אַלע פּויערים און פּויערטעס, וואָס איך האָב געטראָפן אויפן וועג, אַז זיי זאָלן לויפן לעשן, און אַליין בין איך געפאָרן ווייטער.

אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געטראָפן דעם רויך קלענער. מען האָט, אַפּנים, געלאָשן.

די פויערים האָבן געוויס נישט צוגעלעגט צו דער שׂרפה. איך וועל זיי דאָך שיינקען זייער אַרבעט, וואָס מיר קומט!

עס האָט אָפּגעברענט אַ פופציג דעסיאַטין וואַלד, נישט ווייט פון מיין הויף; אַנדערע בוימער האָבן שטיל געטליעט. געלאָשן האָבן די גויים מיט לאַנגע ריטלאַך אין די הענט; מיט די ריטלאַך האָט מען געשמיסן דאָס גראָז, איינגעקלאַפּט דאָס פייער.

טרוקענע צווייגן ברענען אַרום די בוימער שנעל, אָבער די בוימער גופא ברענען נישט. איך בין שוין נישט אַוועקגעגאַנגען ביז מען האָט אינגאַנצן נישט איינגעלאָשן. צוזאַמען זיינען געווען עטליכע הונדערט מאַן, פויערים און פויערטעס.

נאָך דער סכנה בין איך אַוועק אַהיים און אָפּגערעכנט די פויערים באַ אַ פיר הונדערט אַרבעטער. די פרעמדע האָב איך צוגעזאָגט געבן יעדן צו פאָר פור היי.

דערמיט האָט זיך עס אָבער נישט געענדיגט. אַ וואַלד קאָן מען נישט איינלעשן פאַר אַמאָל. אויף מאָרגן האָט ביסלעכווייז ווייטער געכאַפּט ברענען דער וואַלד. איך האָב געמוזט ווידער לויפן נאָך אַרבעטער, זיי זאָלן לעשן דאָס פייער.

אַזוי האָט כמעט אַלע טאָג געברענט. איך האָב געמוזט פאַרלאָזן מיין ווירטשאַפט און לויפן יעדן טאָג ברייינגען אַרבעטער. איינגנטליך האָב איך געוואוסט, אַז ווען מען רופט פויערים אויף צו לעשן אַ שׂרפה, מוזן זיי גיין. אָבער מען קאָן זיי דאָך נישט נויטן, און זייער הילף מוז קאָסטן געלט.

בכלל איז פייער אַ געוואַלדיגע סטראַשידלע אין דאָרף. מיט פייער מוז מען דאָרט זיין זעהר פאָרזיכטיג.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איינמאָל בין איך אַזוי געזעסן אויפן גראָז, באַ די שניטער, און פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. איך האָב אַוועקגעוואָרפן דאָס ברענענדיגע שוועבעלע, און דאָס גראָז האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז איך האָב קוים מיט די טריט געקאָנט איינלעשן. און ווען איך וואָלט באַלד נישט איינגעטראָטן דאָס פייער, וואָלט עס זיך אפשר פאַרשפּרייט אין אַ קליינער ווײַלע אויף וויאָרסטן ווייט.

דערפון האָב איך אויך איינגעזעהן, אַז יעדער שנעק, אַ פּאַפּיראָס צי וועך, קאָן אין אַ רגע אונטערצינדן מיין הויף.

דעם אַנדערן האַלבן זומער ביז אין מיטן אָסיען האָבן מיר געלעבט אין טויט־שרעק. עס איז געוואָרן פון מיר אַ תּל. קיין טראָפּן בלוט איז אין מיר דעמאָלט נישט געבליבן. אין מיר האָט שטענדיג געקאָכט דאָס האַרץ. אומגליקליך בין איך געוואָרן פון די וואַלד־שׂרפות.

איך האָב שוין צוגעזאָגט געבן דעם סטאַרשינאַ אַ גוטע מתּנה — פינף פורן היי, און דעם שרייבער אַ פינף־און־צוואַנציגער, אַז טאָמער וועל איך קומען בעטן הילף, זאָלן זיי מיר באַלד אַרויסשיקן פון די דערפער די פויערים.

אויסערדעם האָב איך געטאָן און געטיילט בראָנפן...

איינמאָל, אין אַ פרייטאָג באַטאָג, האָט געקומען פון דאָס ניי ברענען דער וואַלד. דאָס פייער האָט זיך שנעל און שטאַרק פאַרשפּרייט. צו מיין גליק איז דאָס געווען אַ חנא־טאָג. בין איך געלאָפן אויף אַ וועגל גלייך אין קאַנצעלאַריע צום שרייבער. דער סטאַרשינאַ, וואָס וואוינט באַ מיר אין דאָרף, איז נישט געווען. איך קום אין קאַנצעלאַריע — דער שרייבער איז נישטאָ. זאָגט מען מיר דאָרטן, אַז דער שרייבער געפינט זיך אַ צוויי וויאָרסט פון דאַנען — באַ זיין געליבטער.

בין איך געלאָפן אַהין. די טיר איז פאַרמאַכט. איך קלאַפּ און קלאַפּ — קיינער רופט זיך נישט אָן. פרעג איך די שכנים, צי דאָ איז נישט געווען דער שרייבער, זאָגן זיי, אַז ער איז דאָ מיט זיין געליבטער און וויל נישט עפענען. האָב איך אָנגעהויבן זעצן און האַקן שטאַרק אין טיר, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און זיך געוואָלט וואַרפן שלאָגן, נאָר אַז ער האָט דערפילט אין האַנט אַ צען־רובלדיגע, וואָס איך האָב אים גיך אַריינגעשטעקט, האָט ער אָפּגעהאַלטן די הענט. אים האָט זיך זעהר נישט געגלוסט אַוועק־צוואַרפן די געליבטע און לויפן צונויפרופן די פויערים.

— איך בין קראַנק... — האָט ער געלייגט.

מיט צרות און מיט מילדע סטראַשונקעס האָב איך אים קוים איינגעבעטן. אויפן וועג האָבן מיר אויפגעקליבן אַ דריי הונדערט פויערים, און איך האָב געקויפט צוואַנציג טעפּ בראָנפן מיט הערינג און קעז...

ביז איך בין געקומען צוריק, אַזוי אין אָוונט, האָט זיך שוין דאָס פייער פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן וואַלד אין דער לייגג און, צו מיין גליק, האָט זיך דאָס פייער געריסן אין דער צווייטער זייט, נישט צום הויף. די פויערים האָבן געזאָגט, אַז זיי זיינען נישט בכּח צו לעשן אַזאַ גרויס פייער, נאָר זיי וועלן אַלע היטן דעם הויף, אַז דאָס פייער זאָל נישט צוקומען.

פויערים האָבן געראָטן, מען זאָל שיקן צו די ווייבער נאָך די לייוונטן, וואָס זיי וועבן אויס. די לייוונטן זאָל מען ווייקן אין וואַסער און באַלעגן די דעכער פון הויף.

צוגעזאָגט גוט צו באַפרידיגן, האָט מען אָנגעבראַכט פעסער און עמער און קאַדעס פון אַלע אַרומיגע דערפער און מען האָט געווייקט לייוונטן. דריי הונדערט פויערים האָבן געמאַכט אַ שנאַפּס און זיך צעלעגט אויפן גראָז וואַרטן, ביז דאָס פייער וועט קומען נעהענטער צום הויף...

פון זייער וואַרטן אַליין האָט אָנגענומען אַ שוידער.

אַרום איז אַ גיהנם פון פייער, און די פויערים ליגן זיך רוהיג און וואַרטן אויפן שנאַפּס נאָכן פייער. איך זעה, אַז עס גענעהענט זיך — און די פויערים שווייגן. עס פּלאַצט אין מיר דאָס האַרץ. דער קאָפּ ברענט. משוגע ווער איך.

— זאָלסט וויסן — האָב איך פאַרצווייפלט אַ געשריי געטאָן צום סטאַר־שינאַ — אַז איך גיי אַוועק אינגאַנצן פון הויף און איך לאָז אים איבער אויף דיין אחריות. גערייניק, אַז דו וועסט אין טורמע פאַרפוילט ווערן, און שעמעט וועט ריינע קינדס־קינדער אויסרייסן !...

דער סטאַרשינאַ האָט זיך, ענדליך, באַוועגט און אַ געשריי געטאָן צום עולם :

— לאָמיר גיין לעשן !...

מען איז אַריין אין וואַלד, אויסגעשניטן לאַנגע ריטער און אַ מחנה פון דריי הונדערט מאַן האָבן זיך צעשטעלט אין דער ברייט באַם פייער און געשמיסן, געשלאָגן מיט די ריטער. לאַנגזאַם רוקט זיך די מחנה פאָראויס און טוט דאָס איריגע : שמייסט, שמייסט דאָס פייער...

אַזוי איז מען די גאַנצע נאַכט געגאַנגען און געשמיסן מיט די ריטער, ביז מען האָט איינגעלאָשן דאָס גאַנצע פייער, וואָס איז וויט פאַרלאָפן.

דאָס פייער איז געווען אַזוי גרויס און אַזוי הויך, אַז אין די אַלע שטעטלאַך אַרום האָט מען עס געזעהן, און קיין איין מענש פון די דאָזיגע אַרומיגע שטעטלאַך איז די נאַכט נישט געשלאָפן. מען איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף די גאַסן, ווי מען האָט מיר דערציילט, און געקוקט אויף דעם ים פייער. אַ סך האָבן געוואוסט, אַז דאָס ברענט אַ איד און האָבן באַוויינט זיין אומגליק.

אַזייגער זעקס אין דערפריה האָט מען איינגעלאָשן דאָס פייער, האָב איך ווידער געשיקט נאָך בראָנפן און נאָך הערינג. דער עולם האָט לוסטיג געטרונקען און געגעסן.

אַזייגער אַכט אין דערפריה איז געקומען דער ברעזער אַסעסער מיט זעקס הונדערט פויערים. ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טון, אָבער געלט האָט ער באַ מיר יאָ גענומען. ווי קאָן מען אַרויסלאָזן אַן אַסעסער אָהן געלט אין האַנט ? אָדער פאַרקערט : ווי קאָן אַן אַסעסער אַרויסלאָזן אַ אידן אָהן געלט...

די גויים האָבן מיך געטרייסט, אַז מער וועט שוין נישט ברענען, וואָרום דאָס גראָז האָט שוין אָפּגעברענט. קוים איז נישטאָ קיין גראָז — איז שוין מער נישטאָ קיין געפאַר פאַר אַ שרפה.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

געענדיגט מיט די וואַלד־שרפות, וואָס האָבן מיך פאַר דער צייט אַלט געמאַכט, האָט מען זיך דאָך גענומען צוריק צו דער אַרבעט. איך האָב באַשלאָסן שטעלן באַ מיר אין אָבאָרע אַ סך בהמות, וואָרום קיין היי פעלט מיר נישט. וועל איך האָבן אַ סך מיסט, און אַז איך וועל גוט מיסטיגן און באַאַרבעטן די ערד, קאָן איך האָפן, אַז עס וועט זיין גוט. איך האָב אַזוי געטאָן.

איך האָב זיך גענומען אויסצופירן מיין פּלאַן: שאַפן אַ סך מיסט און אויסצובעסרן מיינע פעלדער. איך האָב געגעבן סוף זומער צו וויסן אין אַלע שטעטלאַך אַרום, אַז איך נעם צו פּי אויף ווינטערן. פאַר פינף רובל וועל איך אויסהאַלטן ווינטער אַ בהמה צי אַן אָקס. האָט מען אָנגעבראַכט פון די אַרומיגע שטעטלאַך אַ זיבעציג שטיקלאַך.

אויך איז צו מיר געקומען אַ פּריץ, וואָס האָט געהאַט אָפּצוגעבן פערציג אָקסן אויף ווינטערן. האָב איך מיט אים געמאַכט אַ קאָנטראַקט צו פינף רובל פון שטיק. ער האָט מיר תיכּף געגעבן צוויי הונדערט רובל דערויף. אין קאָנטראַקט איז געווען געשריבן, אַז טאָמער וועט פּגרן אַ שטיק, איז עס מיין שולד; דאַרף איך באַצאָלן דערפאַר פופציג רובל. צוזאַמען האָב איך געהאַט הונדערט מיט צען שטיקלאַך, אויסער מיינע אייגענע, וואָס זיינען געווען באַ עטליכע און צוואַנציג.

אָבער שוין אין אָנהויב ווינטער האָב איך זיך געכאַפּט, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט איך האָב דאָ אָפּגעטאָן. וואָרום אָנהויב ווינטער האָט דער פּרייז פון היי געשטיגן ביז דרייסיג קאָפּיקעס אַ פור. וויפיל־זשע וועט מיר קאָסטן אַ פור מיסט? איך וואָלט בעסער פאַרקויפט דאָס היי און נישט אָננעמען אַזוי פיל מיילער אויף צו עסן, וואָלט איך געהאַט גאַנץ גרינג אַ פּאָר טויזנט רובל פאַר היי. די האָפענונג אויסצובעסרן די פעלדער מיטן מיסט קאָן סיי ווי סיי ערשט מקוים ווערן אין עטליכע יאָר אַרום.

אַ פּלאַן איז דאָס אפשר פאַר אַזאַ ראָזענבלומען, וואָס וואוינט אין אַ פּירשטליכן הויף. אָבער איך, וואָס איך לעב אַ ביטער לעבן אין דעם גרויסן מדבר צווישן פייער, וועלף און פּויערים — שונאים, וועל מסתמא אויף לאַנג דאָ נישט בלייבן. וואָס האָט עס מיר געלוינט? אָבער דאָס איז שוין געווען פאַרפאַלן, ווי אַלע מיינע נאַרישקייטן, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן. און עס האָט געשטאָכן דאָס האַרץ.

אַז מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצופירן דאָס מיסט פון אָבאָרע, האָט מען געפונען אונטער דעם מיסט שרעקליכע גרויסע שלאַנגען. די פּויערים האָבן זעהר מורא פאַר אַ שלאַנג, איז געוואָרן אַ געשריי, מען איז זיך צוזאַמענגעלאָפן מיט דראָנגען און דערהרגעט די שלאַנגען. עס זיינען

געווען מער פון זעכציג גרויסע שלאַנגען. אַנדערע האָבן בערך געהאַלטן אָנדערטהאַלבן אַרשין די לייננג.

די שלאַנגען האָבן אויף מיר אויך שלעכט געווירקט.

ווינטער, בעת אַרבעט איז געווען ווייניג און די נעכט זיינען גרויס, האָב איך אָנגעהויבן פון דאָס ניי צו בייינקען נאָך ביכער, און מיך איז באַפאַלן אַ גרויסע מרה־שחורה.

די נעכט זיינען גרויס, באַטאָג האָב איך אויך נישט וואָס צו טון, כאָטש ווער משוגע, בין איך געפאָרן קיין קאָבריין, זעקס מייל, צו ר׳ יאָשעס זון — לייען באַ אים אַ בוך. ליי איך איין בוך, צוויי ביכער, פאַר אַ פּאָר טעג לעז איך זיי איבער און האָב שוין ווייטער נישט וואָס צו טון. אָבער גאָט האָט מיך מיט צרות נישט פאַרלאָזט.

חנוכה־צייט דערהער איך פּלוצלינג, אין שטוב זיצנדיג, ווי עס האָט עפּעס אַ קלאַפּ געטאָן, אָבער שטאַרק און שווער, אַזוי ווי אַ דונער. לויפן מיר אַלע צו צום פענסטער, זעהען מיר, צו אונזער גרויסן שרעק, אַז דער דאַך פון דער גרויסער אָבאָרע, וואו אַלע בהמות שטייען, איז איינגעפאַלן. איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי זיינען מיר אַלע דעמאָלט נישט אויסגע־שטאָרבן פון שרעק.

זיינען מיר הענדרום־פּענדרום אַריינגעלאָפן אין אָבאָרע. דאָס האַרץ טיאָכקעט, טיאָכקעט. אָבער אַלע בהמות זיינען געווען גאַנץ... אפנים, די בהמות האָבן אינסטינקטיוו זיך געדריקט צום וואַנט, בעת זיי האָבן דערהערט, אַז דער דאַך ברעכט זיך, איינגעבראָכן האָט ער זיך אין דער מיט. גע־שטאָרבן זיינען מיר נישט. אָבער מיין ווייב איז טאַקע דעמאָלט קראַנק געוואָרן פון שרעק.

דער דאַך האָט זיך איינגעבראָכן פון דער גרויסער שניי־משא. דעמאָלט זיינען געווען גרויסע שנייען, און איך האָב נישט געוואוסט, אַז מען דאַרף די שנייען אַראָפּוואַרפן פון די דעכער...

האָט דער דאַך נישט געשעדיגט קיין בהמות, האָב איך פון אים אַזוי גענוג געהאַט; וואָרום די בהמות קאָנען נישט פאַרטראָגן קיין קעלט. האָב איך זיי געמוזט געבן בעסער עסן, כמעט דורכאויס היי, וואָס איז באַ מיר אַוועקגעגאַנגען דאָפּעלט און וואָס האָט, מיר אויף צו להכעיס, געשטיגן ביז זעכציג קאָפּיקעס אַ פור.

אַלע פּויערים האָבן געמוזט פאַרקויפן זייער פי, זיי האָבן נישט געהאַט מיט וואָס זיי צו קאָרמען. בהמות האָט מען געקאָנט קויפן ממש בחצי חנם. אַ בהמה, וואָס האָט פריהער געקאָסט דרייסיג, פערציג רובל, האָט מען דאָס יאָר געקויפט פאַר אַכט, ניין רובל, און אַ קאַלב פון אַ פּאָר וואָכן אַלט האָט מען פאַרקויפט פאַר אַכט גילדן...

פאַר פסח זיינען געקומען די אַרומיגע פויערים קויפן בײַ מיר היי. איך האָב זיי אָפּגעזאָגט. קיין היי האָב איך נישט, נאָר אין ווינקל שייער ליגט בײַ מיר פאַרפוילט, פאַרפרוירן היי פון די סטיינעס. איז דאָס בײַ זיי אויך געווען אַ סחורה. האָבן די פויערים מיר געצאָלט פינף און צוואַנציק קאָפּיקעס אַ פור... אַזאַ נישטיק היי.

איך האָב אָפּגעלייזט דערפון הונדערט און פופציק רובל.

ווען נישט מיין נאַרישקייט מיטן מיסט, וואָלט איך דאָס יאָר גליקליך געוואָרן. אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט זיך אויפגעגעסן אַ לעבע־דיגער פאַר עגמת נפש, וואָס ער האָט בידים אָנגעוואָרן אַזאַ גרויס פאַר־מעגן. איך האָב אָבער געהאַט צער נישט פון דעם געלט, וואָס איך וואָלט דאָ געקאָנט פאַרדינען, נאָר פון מיין שלימזל, פון מיין „מיט דער פוטער אַראָפּ", וואָס עס גייט מיר קאַפּויער, שלעכט, נאַריש, וואָס איך רעכן זיך נישט גוט אויס, וואָס איך ווער באַגראָבן אין אַלץ...

נישט האָבנדיק וואָס צו טון און קלערנדיק, ווי קומט מען איבער דעם גרויסן ווינטער אָהן אַ שטאָך אַרבעט, בעת קיינער קומט צו מיר נישט און איך צו קיינעם נישט, האָט דאָך גאָט אויף מיר ווידער רחמנות געקראָגן, זיך דערבאַרעמט, הייסט עס, און צוגעשיקט אַ נייע צרה, אָבער נאָר אַ גרויסע.

מיין ווייב איז קראַנק געוואָרן אויף אַ טיפוס, נאָך דעם ווי זי האָט אָפּגעפּרעגלט אַכצען גענז שמאַלץ און איינגעזאַלצן אַ סך פלייש. גלייך נאָך איר האָבן זיך אַוועקגעלעגט די אַלע דריי אינגלאַך מיינע.

אויב דאָס איז אָבער געווען ווייניק, פאַלט נאָך אַרויס דאָס קלענסטע קינד פון וויגעלע, וואָס איז געהאַנגען אונטערן סופיט, לויטן אַמאָליגן שטייגער, אויף שטריקלאַך.

דאָס וויגעלע איז געהאַנגען הויך איבער דער פּאָדלאָגע און דאָס אינגעלע איז אַרויסגעפאַלן און זיך צעשלאָגן דאָס שטערנדל, נעבן די אויגעלאַך. עס איז הויך אָנגעשוואָלן געוואָרן. דאָס טיפּאָזנע קינד האָט געהאַט מאָוימדיגע שרעקליכע יסורים.

אין שטוב האָט זיך בײַ מיר געפינען אַ מלמד מיט אַ דינסט. זיינען זיי אַנטלאָפן פון הויף צו זיך אַהיים, מורא האָבנדיק פאַרן טיפוס. בין איך גאָר געבליבן א י י נ ע ר א ל י י ן. טאָמער האָט זיך בײַ מיר געפונען אַ פּאַסטוך מיט זיין ווייב, האָבן זיי געהאַט גענוג אַרבעט אַרום די בהמות, און איך האָב זיי אין די אויגן נישט אָנגעזעהן.

אין די אַלע אַרומיגע שטעטלאַך איז קיין דאָקטאָר נישט געווען, נאָר פעלדשערס — קאַליקעס. אַ דריי מייל פון קושעליעווע, אין ב ר ע ז ע, איז אַפילו געווען אַ פעלדשער אַ מומחה, איינער אַ יעקב־יאָסל. אים פלעג

איך ניצן. און אַז איך פלעג פאָרן אים ברייינגען, פלעג איך מוזן איבער־לאָזן אַלע מיינע חולאים אויף אַ קליין, נאַריש שיקסעלע.

אַ בעל־בכי בין איך, פלעג איך, פאָרנדיג נאָכן פעלדשער, באַגיסן דעם גאַנצן וועג מיט ביטערע טרערן.

גוט איז נאָך געווען, אַז איך פלעג טרעפן דעם פעלדשער אין דערהיים. און איינפאַלן פלעגט מיר מיין האַרץ, ווען מען פלעגט מיר זאָגן, אַז ער איז אויפן וואָקזאַל, וואו באַם נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע איז געלעגן קראַנק אַ שוועסטער.

לויף איך אַ פאַרסאָפּעטער צום וואָקזאַל.

— יעקב־יאָסל, — וויין איך מיט גרויסע טרערן פאַר אים — האָט רחמנות און לאָמיר שוין פאָרן אין קושעליעווע. מיין ווייב און קינדער זיינען פאַרביי! האָט, יעקב־יאָסל, רחמנות!

אָבער יעקב־יאָסל רירט זיך נישט פון אָרט. ער מוז, זאָגט ער, וואַרטן ביז צוועלף אַזייגער. עס דאַרף קומען אַ דאָקטאָר פון ערגעץ. און ער מוז זיין, בעת דער דאָקטאָר וועט קומען. הויב איך אָן וויינען אויפן קול — העלפט עס עפּעס? דער נאַטשאַלניק לאָזט אים נישט אָפּ פון זיך ממש ווי אַן אוצר.

וואָס טויגן אָבער טרערן... האָב איך טעלעגראַפירט נאָך דאָקטוירים, און איינמאָל אַוועקגעשיקט אַ בעל־עגלה קיין קאָברין נאָך אַ דאָקטאָר, וואָס מיט אים צוזאַמען זאָל אויך קומען יעקב־יאָסל. איך האָב אויך אויפגעזוכט עפּעס אַ אידענע, וואָס זאָל אַרומגיין אַרום די קראַנקע.

קריגן אַ אידענע, וואָס זאָל מסכים זיין פאָרן מיט מיר, איז מיר אָנגע־קומען מיט גרויס מאַטערניש, ווייל אין אַלע אַרומיגע שטעטלאַך איז געווען באַוואוסט, אַז אין קושעליעווע הערשט צוליב די זומפּן דער טיפוס.

די אידענע זעץ איך אַריין אין וועגעלע און דערווייל לויף איך עפּעס דערקויפן אין קרעמל. ווערט די אידענע איינגעשלאָפן אין וועגעלע און עס חלומט זיך איר נישט מער און נישט ווייניגער, אַז זי איז געשטאָרבן אין קושעליעווע...

אויפגעשטאַנען איז זי נישט טויט, נישט לעבעדיג, און איז באַלד אַוועק־געלאָפן צו זיך אַהיים. איך קום צו דער בריטשקע — נישטאָ שוין די אידענע! פאָר איך אַהיים אָ ה ן אַ פעלדשער און אָ ה ן אַ אידענע.

איך קום אַהיים, טרעף איך דאָס ווייב מיט די קינדער ל י ג ן א י ן ה י ץ, א ון דאָס קלייניע קינד ליגט מיט אַ געשוואָלענעם פּנים און „יענטשעט“ מוראדיג. אויפן טיש בלייכט עפּעס אַ פּאַפּיר. וואָס איז דאָס? דאָס ווייב האָט אָנגעשריבן אַ צוואה מיטן סאַמע ו ו ײ ב ע ר ש ן סטיל און לשון...

איך האָב אַריינגעקוקט דעריין.

— גוואַלד!!! — האָב איך געוואָלט שרייען.

אין דער צוואה — נישט מער און נישט ווייניקער — האָט זי מיר אָ נ ג ע־ וויזן, מיט וועמען איך זאָל חתונה האָבן...

— גוואַלד!!!

אויסער דער צוואה, האָט נאָך דאָס ווייב באַוויזן אָפּצושערן זיך די האָר. זי האָט געשיקט נאָך עמיצן און יענער האָט איר אָפּגעשאָרן די האָר, וואָרום זי וויל נישט שטאַרבן ווי אַ זינדיגע. אַן אשת איש טאָר נישט טראָגן קיין האָר...

בלייבט אויפן טיש די צוואה און נעבן מיין ווייבס בעט וואַלגערן זיך אירע שיינע, שוואַרצע האָר...

איך האָב זיך אַרומגעדרייט ווי אַ צעמישטער, ווי אַ משוגענער.

וואָס וועט עס זיין? — האָט מיר געבּרענט דער מח.

אין צרות, אין נויט האָב איך מיר אויסגעקלערט אַ נגונדל, אַ טרויע־ ריגס, אַן אומעטיגס, און מיט אים פלעג איך וויגן דאָס קינד, וואָס איז געלעגן אין טיפוס, געהאַט היץ און איז אַרויסגעפאַלן פון וויגל. אָט דאָס נגונדל, אַז עס קומט מיר היינט אויפן זכרון, נעמט מיר דורך, ווי מיט קעלט, דאָס לייב.

אַזוי האָב איך זיך געוויגט דאָס קינד און געזונגען דאָס נגונדל און אַלע מאָל געלאָפן צו די איבעריגע חולאים, וואָס האָבן געקרעכצט פון די ערטער יעדערער באַזונדער.

פאַרנאַכט איז געקומען דער פעלדשער יעקב־יאָסל מיטן פּרוזשענער דאָקטאָר, און אין אַ פּאָר שעה אַרום איז אָנגעפאָרן אַ דאָקטאָר פון קאָברין.

אָבער די דאָקטוירים האָבן גאָרנישט געהאַט צו טון. וואָס קאָנען זיי טון צו אַ טיפוס? זיי האָבן פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה, אָפּגעגעסן גריבענעס, געטרונקען טיי, נו, וואָס נאָך? איך האָב געגעבן צו פערציג רובל יעדן פון זיי, און זיי זיינען בשלום אַוועקגעפאָרן. נישט רופן קיין דאָקטאָר — האָט דאָס האַרץ געציטערט. אַז איך האָב גערופן, האָבן זיי נישט געהאַט וואָס צו טון, זיינען זיי אַזוי גוט ווי איבעריג געווען.

זיי האָבן גאָרנישט פאַרשריבן פאַר די קראַנקע. ע פּ ע ס ג אָ ר ק ל יי־ נ י ג ק יי ט ן האָבן זיי געהייסן געבן, איך געדיינק שוין נישט וו אָ ס. נאָר דער סאַמאָוואַר, געדיינק איך, האָט נישט אויפגעהערט צו קאָכן. איך האָב כסדר אַרומגעטאַנצט אַרום די חולאים און געוויגט דאָס קינד מיט מיין נגונדל...

איך האָב איינגעזעהן, אַז אויסער מיר איז קיינער נישטאָ, וואָס זאָל העלפן די קראַנקע. איך בין אַליין, דאַרף איך עסן, טרינקען, ה י ט ן

די כּחות, כּדי איך זאָל זיך קאָנען האַלטן אויף די פיס. האָב איך זיך געמאַכט האַרץ, געגעסן, געטרונקען...

אויפגעגעסן די פּאָר צענדליג איינגעזאַלצענע גענז, מיט די צוויי גרויסע שיסלען גריבענעס. געגעסן מעכאַניש, ווי אַ מאַשין. איך טאָר נישט אַוועקפאַלן. אָבער געשלאָפן בין איך גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט. דאָס קינד האָט מיך נישט געלאָזט. עס האָט כּסדר געקרעכצט און געיענטשעט. בין איך די גאַנצע נאַכט געזעסן און געוויגט דאָס קינד און שרעקליכע געדאַנקען האָבן מיר געלעכערט דעם מח.

דאָס ווייב האָט געהאַט גרויסע היץ. פלעגט זי אַראָפּלויפן באַנאַכט פון בעט און שרייען:

— איך וועל גיין אין וואַלד אַריין!

איך פלעג זי דאַרפן אָנכאַפּן פאַר די הענט און זי פלעגט זיך רייסן מיט כּח אין וואַלד אַריין. מיט גרויסע אָנשטרענגונגען פלעג איך זי אַריינלייגן אין בעט אַריין, צוהאַלטן מיט איין האַנט — זי זאָל נישט אַראָפּלויפן, נישט אויסרייסן זיך און מיט דער אַנדערער פלעג איך וויגן דאָס וויגעלע.

איך האָב אָבער דאָך נישט געקאָנט אויסהאַלטן. צו שווער געווען. צו שרעקליך.

און איך האָב דערפעשירט אין קיעוו. קיינער איז אָבער נישט געקומען צופאָרן פון דאָרטן. פון קאַמעניץ אויך נישט. מען האָט מיך פאַרוואָרפן. מען האָט זיך פאַרגעסן אָן מיר. און איך האָב מיט ווייטעראַכט וועגן דער באָבען. אַז די באָבע ביילע־ראַשע וואָלט געלעבט, וואָלט זי געווים באַלד געקומען צו פליהען. קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט זי נישט אָפּגעהאַלטן, און אוראי וואָלט זי מיטגעבראַכט אַ פּאָר קינדער צו הילף און וואָלט מיך מחיה געווען.

---

# קאַפּיטל XIV

**עס בעסערט זיך עטוואָס. — געסט. — דער טאַטע מיט דער שוועסטער. — דער ציידע. ציגאַרן. — עס רודערט זיך. — אַ קאָנטראַקט מיט פּויערים. — „ברידער, מען גייט!". — טשערנאָקאָווע. — דעם פּריצס הונט. — פּאַן שעמעטס פרוי. — די טאָכטער. — די טאָכטער אַנטלויפט מיט אַ געליבטן. — ווי אַזוי פּאַן שעמעט האָט זיך געמאַכט דאָס פאַרמעגן. — דער סקאַנדאַל מיט דער טאָכטער. — זי בעט זיך אַהיים. — אַ שווערע סצענע באַם פּאַרקאַן. — דער סוף פון שעמעטן, פון זיין פאַמיליע און פאַרמעגן.**

איך פאַרשטיי ביז היינט נישט, ווי האָב איך געקאָנט לעבן באַ אַ חודש צייט אין אַזאַ שרעק, אָהן שלאָף, צווישן אַזוינע מחלות, אין אַ ווילדן וועלף־העק.

די ווייטליכע, אָבער די איינציגע, שכנים האָבן מורא געהאַט צו קומען אין מיין הויז מבקר־חולה זיין די קראַנקע; אַפילו די גויים האָבן זיך אויך דערווייטערט פון מיין הויף. וואָס איז אַזוינס טיפוס, האָבן זיי, אַפּנים, יאָ פאַרשטאַנען. און עס איז געווען שאַ, און אַרום איז געשטאַנען אַ שווערע, אַ געדריכטע שטילקייט, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה.

דעם ווייב און די קינדער איז עטוואָס בעסער געוואָרן, אָבער דערנאָך האָבן זיי ווייטער באַקומען היץ, און דער קליינינקער האָט מיך גאָר צעבראָכן מיט זיין יענטשען.

נאָר דער קליינינקער איז גיך געשטאָרבן, און נאָך גיכער האָט מען עס צוגענומען... די קראַנקע זאָלן נישט זעהן. די קראַנקע זאָלן נישט וויסן.

אַז די קראַנקע איז בעסער געוואָרן, האָט מען זיך אָפּגערופן אויף מיין טעלעגראַם, זיינען ערשט געקומען צו מיר געסט. דאָס הייסט אַקוראַט דעמאָלט, ווען זיי זיינען מיר גאָרנישט אַזוי נויטיג געווען. געקומען דער טאַטע און מיין שוועסטער און מיין ברודער. זאַלבעדריט איז מען געקומען. אָבער איך בין געווען אַזוי מיד, אַז מיר איז געווען טונקל אין

די אוינן, און איבערלאָזנדיג אַלץ אויף די געסט, האָב איך נאָר געטאָן און געשלאָפן.

דער טאַטע איז באַלד אַוועקגעפאָרן און די איבעריגע זיינען געבליבן אויף אַ פּאָר וואָכן. דערנאָך איז געקומען דער זיידע אין געסט, און ער היום פאַרדריסט מיך, וואָס איך האָב אים דעמאָלט נישט צופרידנ־געשטעלט מיט די ציגאַרן, וואָס איך האָב אים געקויפט.

דער זיידע האָט געררויכערט מ י ל ע ר ס ציגאַרן, צען שטיק — צען קאָפּיקעס. דעמאָלט זיינען דאָס געווען כמעט די טייערסטע ציגאַרן. דאָס האָבן שוין געררויכערט גבירים. זיי זיינען געווים געווען בעסער ווי די היינטיגע. וואָרום די טאַבאַק־בלעטער, וואָס האָבן דעמאָלט געקאָסט אַכציג רובל אַ פּוד, קאָסטן היינט באַ אַ פּיר הונדערט רובל. אויך איז דעמאָלט דער אַקציז געווען גאָר אַ קליינער.

האָט מיר מיין קרעמער איינגערעדט, איך זאָל קויפן הונדערט ציגאַרן פאַר אַ רובל. דאָס זיינען, זאָגט ער, גאָר פּרימאַ שבפּרימאַ, פיל בעסער פאַר מילערס. איך האָב זיך געלאָזט אַריינריידן און געקויפט די ציגאַרן. אָבער דער זיידע האָט פּראָסט פאַרוואָרפן מיטן קאָפּ, ווען ער האָט פאַרזוכט דעם ערשטן ציגאַר...

דאָס האָט מיר עפּעס זעהר טיף און זעהר שווער באַנג געטאָן: דער זיידע איז באַ מיר — איך בין שוין אַ באַווייבטער — ד אָ ס ע ר ש ט ע מ אָ ל צ ו ג אַ ס ט, און איך האָב אים שלעכטע ציגאַרן געקויפט!...

דערנאָך זיינען אַלע מיינע געסט אַוועקגעפאָרן, און איך בין ווידער געבליבן באַם פריהערדיגן שאַ, באַ דער פריהערדיגער שטילקייט. אָבער איצט האָט זי שוין מיר נישט געאַרט. אדרבה, די שטילקייט איז מיר געווען זים און אַנגענעם, וואָרום מיר האָט זיך זעהר, זעהר געוואָלט רוהען, און זיבן, אַכט אַזייגער אין אָוונט פלעג איך זיך לייגן שלאָפן, און געשלאָפן מיט טעם און מיט אייַן אָטעם, ביז אויף מאָרגן אַכט, ניין אַזייגער.

איך האָב נאָך אַלץ נישט געקאָנט קומען צו די כּחות.

אין עטליכע וואָכן אַרום האָט זיך שוין אָנגעהויבן די אַרבעט אין פעלד. איך האָב באַדאַרפט קויפן אַלע זוימען צום זייען; מען מוז דאָך זיין אַ פאָסעסאָר. עס העלפט דאָך נישט. מען דאַרף אַקערן און בראָנעווען און דערנאָך אַרויספירן דאָס מיסט. אָבער דאָ בין איך פּראָסט בדלות געוואָרן. הונדערט פורן האָט מען באַדאַרפט האָבן צום פירן דאָס מיסט, אַזוי אַז מיט וואָס צו זייען תּבואה האָב איך נישט געהאַט.

די קראַנקהייט, דער הויז־שפּיטאָל האָט באַ מיר צוגעשלעפּט אַ פינף, זעקס הונדערט רובל. שווינדלען און דרייען אין געלט־זאַכן, ווי אַנדערע אירן טוען אין זייער נויט, האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געפּרובט. איך

האָב אַפילו נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען בעט בײַ עמיצן לײַען אַ גמילות־חסד, און דאָ דאַרף איך קויפֿן האָבער און גערשטן און אַרבעס און קאַרטאָפֿל — און נישטאָ מיט וואָס צו קויפֿן...

צו די טויזנטער קושעליעווער מכּות מײַנע איז דאָס געווען נאָך אַ מכּה.

סוף ווינטער האָבן זיך אָנגעהויבן קעלבן די בהמות, און צוליב דער טײַערקייט פֿון היי זײַנען בהמות געוואָרן אַזוי ביליג, אַז אויף קיין קעלבער זײַנען גאָר קיין קונים נישט געווען. ווער דאַרף איצט קעלבער? כאַטש נעם און גיב אַוועק בחצי חנם. האָב איך אַלע קעלבער אַליין געמוזט קוילען און נאָך ערגער: אַליין אויפֿעסן. אָך און ווי איז צו אַזאַ עסן.

ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז איז אַוועק דער ווינטער. שווער און פֿויל האָט ער זיך גערירט, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט, ווי ער וואָלט זיך געראַנגלט. אָבער וועסנע האָט אַ כּח — און ער איז אַוועק, ווי אַ שווערער חלום, נאָך וועלכן עס האָט זיך פֿרײַ אויפֿגעאָטעמט.

נאָך פּסח האָב איך אויף דאָס נײַ געשלאָסן אַ קאָנטראַקט מיטן גאַנצן דאָרף פּויערים, ווי פֿאַראַיאָרן. נאָר דאָס גרויסע שטיק לאָנקע, וואָס איז געווען נעבן סאַמע דאָרף, האָב איך זיי פֿאַר דעמזעלבן פּרײַז, ווי פֿאַר אַ יאָרן, נישט געוואָלט אַוועקגעבן. איך האָב געוואָלט הונדערט און צוואַנציק רובל אָנשטאָט הונדערט, וואָס איך האָב גענומען פֿאַר אַ יאָרן, און מיר זײַנען נישט מושווה געוואָרן.

האָב איך געהאַט אַ גרוס, אַז די פּויערים טרײַבן אַלע בײַנאַכט זייערע פֿערד אויף דער לאָנקע און מען פּטרט מיר דאָס היי. בין איך איינמאָל, צוועלף אַזייגער בײַנאַכט, געפֿאָרן אַ קוק טון, צי דאָס איז אמת. היטן דאַרף מען, וואָרום דאָס שמעקט מיט גרוים היזק.

און אַז איך בין געקומען, האָב איך געטראָפֿן דאָס גאַנצע דאָרף פּויערים מיט זייערע פֿערד... מען פּאַשעט אויף וואָס די וועלט שטייט, און דערזעלבער טעאָדאָר, דער שלעכטער גוי, וואָס איך האָב שוין פֿון אים פֿריִער געשריבן, האָט אַ געשריי געטאָן איבער דער גאַנצער נאַכט:

— ברידער, מען גייט!

האָבן זיך אַלע אַ זעץ געטאָן אויף די פֿערד און שנעל צעלאָפֿן געוואָרן. בין איך געבליבן שטיין ווי אַן אָפּגעשמיסענער. נאָר אויף מאָרגן בין איך געפֿאָרן קיין פּרוזשאַן, אַ מײַל פֿינף פֿון קושעליעווע, צום מיראָוואָי סודיאַ און אָנגעגעבן אַ תּביעה אויפֿן גאַנצן דאָרף, זיבן און צוואַנציק בעלי־בתּים, אַז זיי פּאַשען אַלע נאַכט אויף מײַן לאָנקע.

די פּויערים האָבן באַלד באַקומען פּאָוויעסטקעס: שטעלן זיך אין פּרוזשאַן צום געריכט. זײַנען שוין אויף מאָרגן געקומען צו מיר אַלע גוייִם מושווה ווערן פֿאַר דער לאָנקע. נאָך אַ לאַנגען ריינגען זיך, האָבן זיי מיר

געגעבן הונדערט און צען רובל מיט זיבן און צוואַנציג שניטער. איך ווייס נישט, וואו האָט זיך גענומען אין מיר אַזאַ מוט, ווער האָט פון מיר אַוועק־גענומען דעם פּחד, די אימה פאַר דער גרויסער, בייזער און פרעמדער מחנה גויים? מאַנכע האָבן מיר שפּעטער אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אַזאַ מין שפּיל איז אַפילו געפערליך. וואָרום אַזאַ, ווי טעאָדאָר, קאָן פּשוט דערהרגענען באַלד אויפן אָרט. מיט איין אימפּעט. מיט איין האַס. מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג.

די זומער־אַרבעט איז דאָס מאָל אַוועק בעסער. עס איז מער אָרדענונג געווען, ווי פאַר אַ יאָרן.

עס האָט מיר נאָר אַ שיין געטאָן אויף אַ רגע, און איך האָב ווידער גענומען בייגקען נאָך השכלה, נאָך ביכער, און עס האָט מיר ווידער אָנגענומען אַ רחמנות צו מיינע יונגע יאָרן, וואָס גייען פאַרפאַלן צווישן גויים.

נו, וואָס וועט זיין, אַז איך וועל שוין דאָ האָבן פּרנסה אין מדבר. וואָס וועט דעמאָלט זיין? איך וועל לעבן פאַרגרעבט און די קינדער וועלן בלייבן פאַרגרעבט, פּויעריש, האַמעטנע... און שטילערהייט האָב איך באַ זיך באַשלאָסן צו בלייבן בעסער אַן אָרימאַן אין שטאָט, איידער אַ גביר אין מדבר צווישן וועלף...

אויף צו להכעיס איז באַ מיר אַוועק דער זומער כשורה, און איך בין זיך מודה, אַז איך האָב געהאַט עגמת־נפש דערפון... אַזוי ווייט עגמת־נפש, אַז איך האָב שוין אַפילו חרטה געקריגן, וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון מלמדות אין וואַרשע. געוואַלד, אַ גרויסע שטאָט!...

איך האָב געטראַכט אַלץ וועגן דעם — און אויפגעהערט צו טון דאָס, וואָס זאָל זיין לטובת פון דער קושעליעווער צוקונפט. קושעליעווע איז באַ מיר אַרויס אינגאַנצן פון קאָפּ. יאָ, מען דאַרף וואָס גיכער אַרויס פון דאַנען . . .

אין טשערנאָקאָווי, צום מאַרשאַלאָק שעמעט, פלעג איך קומען פיר מאָל אין יאָר צאָלן אים די ראַטעס פאַרן הויף. באַם פריץ נעבן פּאַלאַץ, וואָס האָט אויסערליך אויסגעזעהן פּשוט, אָבער אינעווייניג זעהר רייך און שיין, איז געלעגן זעהר אַ בייזער הונט. אַז עמיצער פלעגט דאַרפן האָבן צום מאַרשאַלאָק, פלעגט ער גיין צום פאַקטאָר, אַ איד, און יענער האָט שוין מיטגעשיקט זיינס אַ קינד באַגלייטן דעם גאַסט ביזן טיר פון „פּאָקאָי“. וואָרום מען האָט זעהר מורא געהאַט פאַר דעם דאָזיגן הונט.

קום איך אַזוי איינמאָל צום פריץ און פאַרגייַ פריהער צום פאַקטאָר — מען זאָל מיך באַגלייטן צום פריץ, האָב איך אָבער באַם פאַקטאָר קיינעם נישט געטראָפן אין דערהיים. וויל איך אָבער אָפּפּטרן מיין נסיעה און

פרוב גיין אַליין; דעם הונט האָב איך גראָד נישט באַמערקט. נאָר אַז איך בין געקומען נאָהענט צום פּאַלאַץ, איז ער פון ערגעץ אַרויסגע־שפּרונגען און אַרייננעכאַפּט די האַנט מיינע אין זיין גרויסן מויל אַריין. די נידעריגע פענסטער פון פּאַלאַץ זיינען געווען בעת מעשה אָפן, שפּרינג איך אַריין אין פענסטער און פאַל אַרויף אויף אַ טיש.

אויף מיין געשריי איז די פּריצטע אָנגעקומען. דער פּריצטע, אַ יונגער, שיינער און רירעוודיגער פרוי, איז געפעלן געוואָרן מיין בריהשאַפט: אַרויסכאַפּן די האַנט פון דעם הונטס מויל איז געווען אַ נס מיט אַ העל־דישקייט צוזאַמען, און זי האָט באַלד געהייסן דערלאַנגען טיי מיט גוטע זאַכן און האָט מיך לאַנג אָפּגעהאַלטן באַ זיך.

פון דעמאָלט אָן פלעגט שעמעטס פרוי, פאָרנדיג שפּאַצירן, פאַרפאָרן צו מיר אין הויף, און איך האָב באַ איר גרויס „לאַסקע" געהאַט.

אָט די יונגע פרוי האָט געהאַט זעהר אַ שיין טעכטערל, וואָס האָט אויסגעזעהן צו זיין גיכער אירס אַ שוועסטערל איידער אַ קינד.

ווי דאָס רוב פון די דעמאָלטיגע פּריצים, האָט שעמעט געהאַט אַ וויסטן סוף. און אָנגעהויבן האָט זיך דער סוף פון דעם דאָזיגן טעכטערל.

כאָטש דאָס טעכטערל איז געווען יונג, דאָך האָט מען זיך שוין גע־שדכנט צו איר, און שטאַרק. האָט צו דער צייט אָנגעהויבן קומען צו זיי אין געסט אַ יונגער פּריץ פון סלאָנימער אויעזד. רייך איז דער דאָזיגער יונגער פּריץ נישט געווען, אָבער דערפאַר אַ לעבקינד, און טיילווייז אויך אַ פאַרדינער: פאַרדאַרן פלעגט ער אָננעמען אין פּעטערבורג.

פלעגט ער ברייננען דעם טעכטערל פון פּעטערבורג טייערע קינדער־צאַצקעס, ווען זי איז נאָך אַלט געווען אַ יאָר צוועלף, דרייצען. די דאָזיגע אַנטיקן־צאַצקעס פלעגן אָנטרעפן גרויס געלט און מיט דעם האָט ער בּיס־לעכווייז צוגעצויגן דאָס האַרץ פון דער יונגער פּאַניע.

אַז זי איז שוין אַלט געוואָרן פופצען יאָר און איז געווען וואונדערליך שיין, האָבן די גרעסטע פּריצים זיך געשדכנט צו איר. אָבער דער יונגער פּריץ, וואָס האָט געהייסן ליזאַנסקי, האָט געקויפט דאָס האַרץ אירס פון קינדווייז אָן מיט זיינע רייכע און וואונדערליך־שיינע צאַצקעס, וואָס ער פלעגט איר ברייננען פון פּעטערבורג. און איצט, אַז זי איז געוואָרן עלטער, האָט ער איר געבראַכט אַ נייע מתּנה — פיר קליינינטשקע פערדלאַך, וואָס האָבן געקאָסט זעקס טויזנט רובל, און אַ קליין קאַרעטקעלע מיט אַ זיל־בערנעם און גאָלדענעם שפּאַן. די יונגע פּאַניע האָט זעהר ליב געהאַט פערד. די פערדעלאַך מיט דער קאַרעטקע האָבן זי ממש באַצויבערט.

דער אַלטער שעמעט וואָלט אַזאַ יונג פאַר אַן איידעם נישט געוואָלט. דער אַלטער האָט געזוכט יחוס, אוצרות מיט גאָלד און גדולה. דער יונגער

טאָכטער אָבער איז זעהר געפעלן געווען די לעצטע מתּנה, און ביידע האָבן אָפּגערעדט צו מאַכן פּליטה... אַרויסגנבענען זיך, אַנטלויפן. דערנאָך — איז דערנאָך: אַן אָפּגעטאָנענע זאַך. קיינער וועט זיי שוין דעמאָלט נישט קאָנען צעשיידן...

און איינמאָל, אַ פרייטאָג, איז ער געקומען אין געסט צו שעמעטן און פאַרבראַכט גאַנץ שפּעט. אין דער צייט האָט ער אָפּגערעדט מיט אַלע רינער, געגעבן יעדערן צו הונדערטער, אַז זיי זאָלן מאַכן אַ שוויג, זיך מאַכן נישט וויסן, ווען ער וועט אַרויסגנבענען באַנאַכט די יונגע פאַניע. אַזוי איז געווען.

אַזיינער צווי באַנאַכט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן, איז שוין זיין קאַרעטע געשטאַנען אויף יענער זייט טויער, און ער האָט זיך מיט איר אַרויסגע־גנבעט און אַוועקגעפאָרן קיין סלאָנים. זי האָט איבערגעלאָזט אַ בריף צו די עלטערן, אַז מאָרגן צען אַזיינער אין דערפריה זאָלן זיי קומען קיין סלאָנים טאַקע גלייך צו זייער חתונה...

דער אַלטער איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, ווי שטענדיג, און האָט זיך געטרונקען טיי. אַזיינער צען איז אויפגעשטאַנען שעמעטאָווע. אָבער אַז עס איז געוואָרן שפּעט, און די טאָכטער האָט זיך נישט באַוויזן פון שלאָף־צימער, איז דאָס זיי געוואָרן קשה, און דעמאָלט האָט מען זיך געכאַפּט. אויפן טיש האָט מען געפונען דעם בריף.

שעמעטאָווע האָט געחלשט און געוויינט. ליזאַנסקי איז פאַר זיי קיין איידעם נישט. דערצו איז ער נאָך געווען, ווי די מאָדע איז באַ יונגע פריצים, פאַרטונקט איבערן קאָפּ אין חובות. דאָס איז זיי געווען אַ שרעק־ליכער פּאַטש אין פּנים.

דער אַלטער שעמעט, וואָס איז געווען אַן אָפּנהאַרציגער פריץ פון אַמאָ־ליגן שניט, האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט „געמאַכט" געלט. ער פלעגט זיינע לייב־קנעכט פאַרדינגען אין וואַרשע און אומעטום פאַר אַכט רובל אַ חודש, און דאָס געלט פלעגט ער קלייבן אין אַ קאַסע. אַז ער האָט פאַרדונגען אַ צאָל פּויערים, צום ביישפּיל, אין וואַרשע אין ציטאַדעל, האָט ער נאָך צוגעגעבן אַ פּויער אַ שמייסער, וואָס זאָל שמייסן די פּויערים, ווען זיי וועלן זיך פוילן צו אַרבעטן.

— פאַר וועמען האָב איך דאָס געזאַמלט דאָס געלט? — האָט ער זיך געקלאָגט — פאַר אַ קינד... פאַר אַ קינד...

ווי דער שטיינער איז, האָט ער אַריינגעשיקט אַ בריף צו ליזאַנסקין, אין וועלכן ער האָט געשריבן, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון אַ טאַטע, און די ירושה וועט ער אָפּשרייבן זיין ברודערס קינדער. דער טאָכטער — איין גראָשן נישט...

ליזאַנסקין האָט עס נישט געשמעקט. ער האָט קיין געלט נישט געהאַט. בײַ די אַרומיגע אידן האָט ער זעהר פיל אָנגעליען און בעת מעשה אָנגעוויזן, אַז ער האָט חתונה מיט שעמעטס בת־יחידה, וואָס איר פאָטער איז זעהר אַלט און זעהר רייך. דאָס גאַנצע געלט וועט איבערגיין צו איר אין האַנט אַריין.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אידן האָבן געליען ווי וויט מען האָט געקאָנט. אָבער אַז דער בריף איז באַקאַנט געוואָרן אין דער סביבה, האָט מען אויפגעהערט צו לייען, און ליזאַנסקי איז געבליבן אָהן אַ גראָשן געלט.

ענדליך, האָט די טאָכטער אָנגעשריבן אַ בריף צום פאָטער און אין אַ פאַרצווייפלטן טאָן געבעטן, מען זאָל איר מוחל זיין. דער מוטער האָט זי באַזונדער געשריבן אַ בריף. זי האָט געוואוסט, אַז ווען די מוטער וועט לעזן דעם בריף, וועט זי זיך געוויס צעוויינען, וועט נישט קוקן אויפן אַלטן איינגעשפאַרטן טאַטן און וועט קומען צופאָרן צו איר און זיך איבערבעטן מיט איר, אַ מוטער איז דאָך אַלע מאָל נאָכגיביגער.

אָבער די בת־יחידה האָט געהאַט אַ גרויסן טעות. דער פאָטער האָט גאָרנישט געוואָלט הערן פון איר און די מוטער איז אויך נישט ווייכער געוואָרן.

די מוטער האָט אייגנטליך נישט אַזוי געדאגהט וועגן דעם, וואָס די טאָכטער האָט אַ קבצן אַ מאַן, ווי דאָס, וואָס זי האָט פאַרלאָרן אַ שטיק פאַרמעגן. איר איז געווען אַ שאָד די פּאָמפּע, דער שיק, וואָס עס וואָלט געווען, ווען איר טאָכטער וואָלט חתונה געהאַט מיט אַ כראַביע. דעמאָלט וואָלט זי איבערגעקערט אַ וועלט! זי וואָלט, צום ביישפּיל, באַראַרפט פאָרן מיט דער טאָכטער אין די גרויסע אייראָפּייאישע שטעט: וואַרשע, בערלין, פּאַריז, לאָנדאָן, ווין, וואָלט דאָרט געגייט דער טאָכטער אַ גאַרדעראָב און וואָלט אַזוי געקאָנט אָפּהוליען אַ קיילעכדיג יאָר אין אויסלאַנד. אגב, וואָלט זי אַליין זיך אויך געמאַכט טייערע קליידער און קאָקעטירן אַרום דער טאָכטער מיט יונגעלייט.

דער טאָכטערס בריף האָט אויף אַזאַ אופן קיין ערפאָלג נישט געהאַט. מען האָט זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף אים.

אָבער אַז די בת־יחידה האָט אָנגעהויבן צו ליידן נאָך מער מאַנגל אין געלט, אַז זי האָט פשוט נישט געהאַט אויף צום לעבן, אַז זי האָט זיך דערזעהן אין אַ שרעקליכן דלות, האָט זי אַריינגעשיקט אַ צווייטן בריף, אַז זי וועט קומען צופאָרן אַהיים, און פון טויער וועט זי קריכן אויף אַלע פיר ביז דער טיר פון שטוב און וועט קושן די פיס דעם פאָטער און מוטער. זיי מוזן איר מוחל זיין דעם גרויסן חטא.

באַקומענדיג דעם דאָזיגן בריף, האָט שעמעט שטריינג אָנגעזאָגט די רינער, אַז ווען די טאָכטער וועט צופאָרן צום הויף, זאָל זיך קיינער נישט דערוועגן צו עפענען דעם הויף־טויער און מען זאָל זי נישט אַריינלאָזן אין הויף. אַזוי האָט ער אויך געגעבן צו וויסן דער טאָכטער, אַז ער וויל זי מער נישט קענען, און אויב זי וועט קומען אַהיים, וועט זי נישט אַריינגעלאָזט ווערן אין שטוב.

דאָס יונגע טעכטערל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוואוסט פון נויט, האָט סיי ווי מער נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם עלנט און דחקות און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים. זי איז געווען זיכער, אַז דער טאַטע וועט איר דאָך מוחל זיין.

אַז זי איז צוגעפאָרן צום הויף, האָבן איר די רינער נישט געוואָלט עפענען דעם טויער. האָט זי זיך געבעטן רחמים בּאַ די רינער, אַז מען זאָל זי אַריינלאָזן אין הויף און געוויינט מיט טרערן פאַר דעם אַלטן רינער, וואָס האָט זי אויס־געהאָדעוועט, געטראָגן אויף די הענט, ווען זי איז נאָך אַ פּיצל קינד געווען און האָט פאַר איר פריהער גרויס דרך־ארץ געהאַט. איצט אָבער האָט ער אויך מיטגעוויינט מיט איר און דאָך נישט אַריינגעלאָזט.

עס איז שטריינג אָנגעזאָגט געוואָרן:

— ניין !...

דאָך האָט ער געשיקט זאָגן שעמעטן, אַז די טאָכטער גייט אויס פון טרערן און בעט זיך רחמים אַריינלאָזן. דערויף האָט שעמעט געשיקט זאָגן, אַז אויב דער לאָקיי וועט אַריינלאָזן די פּאַניע, וועט ער אים מיטן שטעקן דעם קאָפּ צעשפּאַלטן.

פון יאוש האָט זי באַשלאָסן אַריבערקריכן דעם פּאַרקאַן. מיט די רינער קאָן זי סיי ווי סיי גאָרנישט מאַכן.

האָט זי אָנגעהויבן קריכן אויפן הויכן פּאַרקאַן אין אירע לאַנגע קליידער. עטליכע מאָל איז זי אַראָפּגעפאַלן, אָבער דערפון האָט זי זיך אָנגעזאַפּט נאָך מיט מער גיפט און יאוש און, דראַפּנדיג זיך מיט אַלע כחות און צעררייסנדיג זיך דאָס קלייר, די הענט און די פיס אָן די טשוועקעס פון פּאַרקאַן, איז זי דאָך אַרויפגעקראָכן אויפן שפּיץ.

אָבער דאָס איז נאָר אַ האַלבּן וועג דורכגעמאַכט. איצט דאַרף מען אַראָפּקריכן פון שפּיץ אויף דער ערד און דערויף האָט זי קיין כחות נישט געהאַט. זי איז געווען פאַרמאַטערט און צעבּראָכן. דאָס איז געווען אַ שרעקליכע סצענע, וואָס נאָר אַ קאַרגער און צעווילדעטער פּריץ האָט עס געקאָנט צוזעהן.

און אַז זי האָט נישט געקאָנט אַראָפּקריכן, האָט זי זיך אַ ר אָ פּ גע־וואָרפן פון דער הייך אויף דער ערד...

און ווען נישט די פּויערים, וואָס זיינען געקומען קוקן, ווי די פּאַניענקע קריכט אַ צעבלוטיגטע אויפֿן פּאַרקן און האָבן אינסטינקטיוו אויסגעשטרעקט די הענט אין דער הייך זי צו כאַפּן, טאָמער וועט זי זיך אַראָפּוואַרפֿן, וואָלט זי אפשר דערהרגעט געוואָרן.

דאָך האָט זי זיך גוט צעשלאָגן, און פֿון שרעק האָט זי געחלשט. עס איז געוואָרן אַ גוואַלד און באַלד איז געקומען די מוטער. מען האָט זי אָפּגעראַטעוועט און אַריינגענומען אין הויז. די טאָכטער האָט מען אַריינגעלעגט אין בעט; אַזוי האָט מען אויך געטאָן מיט דער מוטער. די לעצטע איז צערודערט געוואָרן.

אָבער שעמעט איז זיך געזעסן מיטן ציגאַר אין מויל און האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט. ער האָט געזאָגט, אַז ווען די טאָכטער זאָל אַפֿילו שטאַרבן, וועט ער נישט גיין צו איר לויה. און ער וואָלט געוואָלט, זי זאָל שטאַרבן.

אַז דער טאָכטער מיט דער מוטער איז לייכטער געוואָרן, האָבן ביידע באַשלאָסן אַריינגיין צום פֿאָטער אים איבערבעטן. זיי זיינען אַוועק, און די טאָכטער איז געפֿאַלן צום פֿאָטערס פֿיס מיט אַ שרעקליכן געיאָמער. זי האָט לאַנג, לאַנג געוויינט, אָבער ער איז זיך געזעסן און גערויכערט זיין ציגאַר.

דאָ האָט אָבער שוין די מוטער אויך אָנגעהויבן צו וויינען און האָט געזאָגט, אַז אויב ער, שעמעט, וועט זיך נישט איבערבעטן מיט דער טאָכטער, וועט זי אויך אָפּטרעטן פֿון אים. זאָל ער זיין אַליין. מיט אַ גזלן וויל זי נישט לעבן. און האָט אַזוי לאַנג אײַנגעטענעט מיט אים, ביז ער האָט זיך געלאָזט איבערבעטן און האָט זי אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד. עס איז געוואָרן שלום...

אין אַביסל צייט אַרום איז די מוטער מיט דער טאָכטער קיין וואַרשע און האָט איר ערשט געמאַכט אַ גאַרדעראָב פֿאַר אַ צען טויזנט רובל. דעם מאַן האָט מען דאָך אין הויף נישט צוגעלאָזט. דערויף איז שעמעט בשום אופֿן נישט איינגעגאַנגען, און די טאָכטער פֿלעגט פֿון צייט צו צייט פֿאָרן קיין סלאָנים.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז שעמעט געשטאָרבן. די מוטער איז משוגע געוואָרן און אויך גיך אַוועקגעשטאָרבן. פֿאַר דער טאָכטער איז איבערגעבליבן דאָס גרויסע איינגאַרטיגע שעמעט־פֿאַרמעגן, וואָס דער מאַן האָט עס אין אַ קורצער צייט צעפּטרט, צעררענדעלט און צעשלײַדערט, ווי דער שטייגער איז. אַ סוף האָבן מסתמא ביידע געהאַט נישט קיין גוטן. זייער סוף איז מיר אַפֿילו אומבאַקאַנט, נאָר איך בין זיך אַזוי משער.

און איך וועל געוויס קיין טעות נישט האָבן.

---

# קאַפּיטל XV

דער סעלצער „גובערנאַטאָר". — אַ מלמד. — מען גיט מיר אַ „פיינעם" מלמד. — ער קאָן קיין עברי נישט. — אַנטאָפּאָליע. — דער צווייטער מלמד. — דער ערשטער פוילט זיך אָוועקצופאָרן. — דער עקזאַמען. — שלמהלע. — אַ גמרא־ניגון דערפרייט מיך. — איך הויב אָן לערנען. — שרעק פאַר תוספותן. — וועגן לערנען בכלל. — דער קאָנטאָרשטשיק. — ווי אַזוי מען באַדאַרף לערנען. — מיין ליבע צו שלמהלען. — דער מאַלטשער רב. — זומער אין פעלד. — שלמהלע קומט צו די בחות. — הערבסט. — שלמהלע פאָרט אַוועק. — מיין בייַנקשאַפט נאָך שלמהלען.

גראָד דאָס צווייטע יאָר איז געווען אַ נאַס יאָר און היי איז ווידער געווען לרוב. איך האָב שוין אויפן ווינטער נישט אָנגענומען קיין בהמות ווי פאַראַיאָרן; אָבער אַזוי ווי איך בין דאָך אַ גרויסער בעל־מזל — האָב איך דאָס יאָר געלייזט צו צען קאָפּיקעס אַ פוד היי און געמאַכט קנאַפּע גליקן פון דעם עסק.

חול־המועד סוכות בין איך געפאָרן קיין סעלץ צום „גובערנאַטאָר". שרעקט זיך נישט, דאָס איז נישט געווען קיין גובערנאַטאָר, נאָר אַ פּשוטער איד, וואָס האָט אַזוי געהייסן צוליב זיין חכמה און תקיפות און ברייטקייט. צו אים בין איך געקומען, ער זאָל מיר נאַראַיען, ווי מען זאָגט אין ליטע, עפּעס אַ גוטן מלמד, וואָס זאָל קאָנען גוט תנ"ך און דקדוק.

איך האָב געוואָלט באַלד אין אָנפאַנג אַוועקשטעלן דאָס לערנען מיט די קינדער, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

דער „גובערנאַטאָר" האָט אַוועקגעשיקט זיין איידעם אין בית־המדרש אַריין און דאָרטן אויפזוכן מיט מיר צוזאַמען אַ גוטן מלמד. קומען מיר אין בית־המדרש מנחה־צייט. ווי, געוויינליך, אין אַ קליין שטעטל, וואו מען זעהט קיינמאָל קיין אורח נישט אָן אין די אויגן און בפרט, אַז עס איז געקומען דעם „גובערנאַטאָרס" איידעם מיט אַן אורח, האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט מיט גרויס דרך־ארץ, אַרומגעקוקט אונז פון אַלע זייטן

און אָנגעשטעלט מויל און אויערן — צו הערן, וואָס דאַרף דאָ האָבן דער אורח.

צווישן דעם עולם האָב איך באַמערקט שיינע יונגעלייט מיט ברענענדיגע אויגן, וואָס זיינען, קענטיג, ווי אַמאָליגע יאָרן, שטאַרק פאַרטון געווען אין לערנען.

איך האָב דערציילט, אַז איך ברויך אַ מלמד, וואָס זאָל קענען תנ״ך און דקדוק. אַן אַלטיטשקער דיין, וואָס האָט זיך אויך געפונען צווישן עולם, האָט זיך אָנגערופן, אַז ער האָט פאַר מיר אַזאַ מלמד, ווי איך פאַרלאַנג.

— אָט דער יונגערמאַן — האָט אָנגעוויזן דער דיין אויף איינעם פון עולם — קאָן זיין באַ אייך אַ מלמד. אַ וואוילער, זעהר אַ וואוילער יונגערמאַן... נעמט אים, נעמט אים...

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן יונגענמאַן. אויפן קוק איז ער מיר נישט געפעלן געוואָרן: שרעקליך הויך, ברייטביינינג, מיט גרויסע גראָבע הענט — ממש אַ בעל־עגלה...

אָבער אַז דער דיין רעקאָמענדירט אים, בעת איך האָב דעם דיין דייטליך געזאָגט, אַז איך וויל נעמען אַ מלמד — אַ גוטן לערנער און אַ משכיל, וואָס קאָן תנ״ך און דקדוק, מסתּמא מוז דאָס זיין אַזוי.

רייר איך אין דערגיך איבער מיטן יונגענמאַן און ווער מיט אים מושוה: פערציג רובל אַ זמן אויף אַלעם פאַרטיגן. און איך בעט דעם דיין מיטן מלמד גיין מיט אונז צום „גובערנאַטאָר" מאַכן אַ שנאַפּס לכּבוד דעם „געשעפט", וואָס מיר האָבן געשלאָסן.

באַם „גובערנאַטאָר" אין שיינק האָב איך געהייסן דערלאַנגען גוטן שנאַפּס מיט קיכל און געגעבן דעם דיין אַ דריי־רובלדיגע פאַר זיין מעקלעריי.

זאָגט דער דיין, אַז ער וויל קיין געלט נישט, נאָר אַזוי ווי ער האָט אַ בהמה, וואָלט ער געוואָלט, אַז מיט דער פור, וואָס איך וועל שיקן נאָכן מלמד באַלד נאָך סוכּות, ווי מיר האָבן פריהער אָפּגערעדט, זאָל איך אים שיקן מעקענע פאַר דער בהמה...

— אַ בהמה דאַרף עסן... — האָט ער געשמייכלט.

איך האָב צוגעזאָגט צו שיקן מעקענע, כאָטש דאָס באַטרעפט שוין פינף רובל, נאָר אַ איד אַ דיין, מהיכא תּיתי.

נאָך סוכּות האָב איך אָנגעלאָדן אַ פור מעקענע און באַגינען אַוועקגעשיקט קיין סעלץ צום „גובערנאַטאָר" מיט אַ בריף, אַז דער מלמד זאָל קומען מיט דער פור קיין קושעליעווע.

דער מלמד איז באַלד געקומען, און בעת איך בין אין אָוונט אַריין אין שטוב, האָב איך געהאַט די זכיה צו הערן דעם ערשטן דעביוט פונם מלמד. ער האָט געלערנט מיט מיינע קינדער.

אָבער פון זיין ערשטן דעביוט איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. דער „מלמד" קאָן פּראָסט קיין חומש נישט. ער האַלט אַ גרויסן חומש מיט ע ב ר י־ט י י ט ש און לערנט פון דאָרטן...

ווייל איך זיך דאָך איבערציינגן, שטיי איך שוין נעבן טיש און הער, ווי ער לערנט מיט דעם אינגל די סדרה נח. נאָר דערזעהעגדיג, אַז איך שטיי נעבן טיש, איז דער מלמד גאָר צעטומלט געוואָרן. פינטלט ער מיט די אויגן אינם עברי־טייטש, מורמלט עפּעס מיט די ליפּן און מישט איבער אַ בלאַט. מישן זיך איבער אומגערן צוויי בלעטער, אָבער ער לערנט ווייטער און פילט גאָרנישט, אַז דער אינהאַלט איז דאָ איבערגעריסן געוואָרן. דאָס האָט מיך שוין שטאַרק פאַרדראָסן.

מאַך איך אָבער דערווייל אַ פּראָבע. נעם איך און מיש אויף אַקוראַט אין בראשית און כאַפּ אָן דעם פסוק ה', קאַפּיטל ב'. גיב איך אים דאָס, ער זאָל מיר פאַרטייטשן. דער פסוק הויבט זיך אָן אַזוי: ואדם אין לעבוד את האדמה — און עס איז נישטאָ קיין מענש צו באַאַרבעטן די ערד. טייטשט ער מיר עס אַזוי:

— אדם — אַ מענש, אין — אַן אויג א. אַז. וו....

— ע, ביסטו גאָר פון די לייט!.. — האַלט איך מיך קוים איין פון לאַכן.

פאַלט מיר איין צו פרעגן אים פון קאַפּיטל י"ד. דאָרט ווערט דערציילט וועגן דעם, ווי אברהם האָט איינגענומען אַלע פינף מלכים, וואָס האָבן מלחמה געהאַלטן מיט סדום. זיינען אַרויס אַנטקעגן אברהמען דער מלך פון סדום און דער מלכי־צדק, דער מלך שלם. און דער לעצטער, דער מלכי־צדק, האָט געבענטשט אברהמען מיט די ווערטער: ברוך אברהם לאל עליון.

פרעג איך אים, ווער איז ער געווען, דער ברוך, צי פון אברהמס גוטע פריינט, צי פון לוטס?

ווייס ער נישט וואָס צו ענטפערן?

קוקט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צום טיש און זייט קוים אַרויס דורך די ציין:

— פ ו ן א ב ר ה מ ס ג ו ט ע פ ר י י נ ט...

נו, האָב איך שוין צוגעמאַכט דעם חומש. וואָס האָב איך שוין מיט אים וואָס צו ריידן ווייטער?

עס האָט מיך נאָר שטאַרק פאַרדראָסן אויפן דיין, וואָס האָט אַריינגערוקט אַ „גראָבן ישובניק" אַ מלמד אַן עם־הארץ. אַ פיינער דיין, נישטאָ וואָס צו ריידן. בלייבט באַ מיר, איך זאָל פאָרן קיין אַ נ ט אָ פּ אָ ל י ע, אַ באַקאַנט לומדיש און נגידיש שטעטל.

געקומען בין איך אין אַנטאָפּאָליע פאַרנאַכט און אַריין, ווי דער שטייגער איז, אין בית־המדרש. זיצן דאָרט יונגעלייט און לערנען. דערציייל איך זיי, נאָך וואָס איך בין געקומען, און די צרה מיינע מיט יענעם מלמד.

— אַ מלמד וואָס קאָן קיין עברי נישט...

לאַכן זיך אַלע פונאַנדער.

זעה איך באַם טיש שטייט אַ יונגערמאַן, אָנגעשפּאַרט מיט דער האַנט איבער אַן אָפענער גמרא, אויף וועלכער עס ליגט אַ טיכל — אַ סגולה, אַז די שדים זאָלן נישט כאַפּן לערנען דערווייל אין דער אָפענער גמרא.

אַז איך האָב שוין אַלץ דערציילט, פאַרבעט מיך דער דאָזיגער יונגערמאַן אין ווייבער־שטיבל. אַ סוד האָט ער מיר צו זאָגן. און אַזוי אויף אויג, אין ווייבער־שטיבל, זאָגט ער מיר, אַז ער איז אַ קאַמעניצער, אַז הייסן הייסט ער שלמה און איז דעם בריסקער דיינס אַן איידעם און האָט אַ שם פאַר אַן עלוי.

נאָר דאָס איז אייגנטליך דער סוד:

ער איז אַ בן־יחיד און דאַרף זיך שטעלן צום פּריזיוו. האָט ער אָבער מורא, עס זאָל נישט דערגיין צו לגאָטניקעס, באַהאַלט ער זיך דערווייל פון פּריזיוו. דאָ, אין אַנטאָפּאָליע, לערנט ער מיט אַ רייכן יונגנמאַן און נעמט זיבן גילדן אַ וואָך מיט שבתים. ער האָט אַפילו געקאָנט קריגן אַ מלמדות אין אַ דאָרף באַ אַ רייכן ישובניק פאַר אַכציג רובל אַ זמן און אויף אַלעם פאַרטיגן, נאָר ער וויל אין קיין דאָרף נישט זיין באַ אַ ישובניק.

מיין פאַמיליע איז אים אָבער באַקאַנט און ער וואָלט מרוצה געוואָרן באַ מיר צו באַזעצן זיך. אויף אַ דאָרף איז דאָך זיכערער.

— איך דאַרף אייך נאָר פרעגן — האָט ער זיך מיט אַ באַזונדער ערנסטקייט אָנגעבויגן צו מיר — האָט איר אין דערהיים אַ ש״ס?

— איך האָב.

— רוהיג איז באַ אייך?

— רוהיג.

— אויב אַזוי — האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט — פאָר איך מיט גרויס תענוג צו אייך.

און באַם יונגנמאַן לייכט אויף דאָס געזיכט.

זעהר אַ סימפּאַטיש געזיכט. קענטיג אין זיין יעדער באַוועגונג, אַז דאָס איז אַ וואויל־לערנער — און איך האָב מיך אויך שטאַרק געפרייט.

ערשטנס, וועל איך האָבן אַ גוטן מלמד, צווייטנס, וועט זיין מיט וועמען צו פאַרברייננגען אין די לאַנגע שווערע ווינטער־אָוונטן אין דעם

גרויסן מדבר. און איך גיב אים די האַנט און מיר ענדיגן און גיין צוריק אין בית־המדרש אַריין.

אין בית־המדרש האָט מען שוין געדאַוונט מנחה. אַן אומעט האָט אַרויסגעפלאָסן פון נגון און פון די ווערטער, און איך האָב זיך נישט ווילנדיג דערמאָנט אָן מיינע גוטע, זיסע, זאָרגלאָזע קינדער־יאָרן.

נאָך מעריב בין איך אַוועק צו זיך אין קרעטשמע. שלמה איז שוין דאָרט געווען מיט די זאַכן (עס האָט אים געטריבן) צוזאַמען מיט נאָך יונגעלייט, וואָס זיינען געקומען מיך באַגלייטן.

איך האָב געשפּאַנט דאָס פערד, אַריינגעזעצט זיך אין בריטשקע און גענומען די לייצעס אין האַנט. די לייצעס אָבער האָבן זעהר אימפּאָנירט מיין מלמד. ער האָט זיי אַרויסגענומען פון מיין האַנט און גענומען אַליין „פּראַווען" מיטן פערד. דאָס האָט אים, קענטיג, פאַרשאַפט גרויס הנאה. ער האָט זיך אַנטציקט, ווי אַ קינד. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געהאַלטן לייצעס אין האַנט...

די יונגעלייט האָבן אונז אַ היפּשע שטרעקע באַגלייט און האָבן אונז אודאי מקנא געווען. די קנאה האָט זיך גיכער באַצויגן צום פאָרן, צום בייטן דאָס אָרט, וואָס איז אַזוי זיס אַ יונגען מענשן.

אין קושעליעווע זיינען מיר געקומען שפּעט באַנאַכט.

אָבער דאָרט איז נאָך געזעסן דער ערשטער „מלמד", און איך האָב אים באַדאַרפט אויסריכטן, וואָס איז געווען נישט פון די גרינגע זאַכן.

דערווייל אָבער האָב איך שלמהלען, ווי אַ בן־יחיד, איינגעלעגט שלאָפן און דערנאָך האָב איך זיך גענומען שרייבן אַ בריף צום „גובערנאַטאָר".

אין בריף האָב איך אים גוט אויסגעזידלט פאַר דער מתנה, וואָס ער האָט מיר אַריינגעשיקט. אַ מין האַרצווייטאָג דאָס איז. ווי טוט מען דאָס אַזוי. דאָס איז אַן אמתע מערדעריי.

אָנגעשריבן דעם בריף, בין איך אויך אַוועק שלאָפן מיט דעם געדאַנק, אַז מאָרגן מוז ווערן אַן עק.

אויף מאָרגן אין דערפריה האָב איך געהייסן שפּאַנען אַ פערד — אָפּצושיקן די מתנה צוריק קיין סעלץ צום „גובערנאַטאָר" צוזאַמען מיטן בריף...

דער „מלמד" האָט אָבער נישט געוואָלט פאָרן און האָט מיט טרערן אויף די אויגן געבעטן רחמים, איך זאָל אים לאָזן „קנעלן" מיט מיינע קינדער.

— ווי אַזוי וועל איך אַוועקפאָרן? — האָט ער געטענעט.

— ווי אַזוי וועט איר דאָ פאַרבלייבן? — האָב איך געטענעט.

רייר אָבער אַהין, רייר אַהער — אַ נעכטיגער טאָג, מען קאָן זיך מיט אים נישט אויסטענען.

אַז איך האָב געזעהן, אַז איך קאָן מיר דאָ קיין עצה נישט געבן, האָב איך אים פאָרגעלעגט, ער זאָל פאָרן מיט מיינעם אַ בריף קיין מאַלטש צום רב. וואָס יענער וועט פסקענען, וועל איך מקיים זיין.

דער נאַר איז דערויף באַשטאַנען. ער איז געווען זיכער, אַז איך בין קעגן אים אומגערעכט. האָב איך צוגעשריבן צום מאַלטשער רב עטליכע ווערטער, טאַקע וועגן דער איינענער מעשה, און ער איז אַוועקגעפאָרן מיט גרויסע האָפענונגען.

אַמאָליגע רבנים האָבן געהאַט אַ סך צייט, האָט דער מאַלטשער רב אַלערערשטנס עקזאַמענירט מיין העברעאיש (דער בריף איז געווען גע־שריבן אין לשון־קודש). און אַז מיין העברעאיש איז אים געפעלן געוואָרן, און אַפילו זעהר, האָט ער זיך דעמאָלט גענומען צום ענין גופא.

נאָך אַ לאַנגען ישוב־הדעת האָט דער רב געפסקענט, אַז מען זאָל „עפנטליך" פאַרהערן דעם מלמד אין שול, וועט מען זעהן, צי קאָן ער חומש. דער מלמד איז אויך דערויף מרוצה געוואָרן. . . אין אַ קליין שטעטל זיינען קיין סודות נישטאָ, און מיין בריף איז מפורסם געוואָרן אין שטעטל. צום עקזאַמען פונם מלמד זיינען זיך צונויפגעקומען אַלע שטעטלשע אידן.

דער נאַר, דער מלמד, איז געגאַנגען אין שול זיך לאָזן פאַרהערן. אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז ער קאָן דאָ האָבן אַ מאוסע מפּלה. צום עקזאַמען איז אָבער גאָרנישט געקומען. וואָרום שוין דער אָנהויב איז געווען אַ ביטערער. גייענדיג אין שול אַריין, האָבן אים שטעטלשע יונגאַטשעס פאַרוואָרפן מיט בלאָטע און געשריען:

— קושעליעווער מלמד!.. קושעליעווער מלמד!..

אין אַזאַ מין אָנהויב איז שוין אויך דער סוף געלעגן.

וואָרום ווער וועט אים איצט גיין פאַרהערן?

איז ער אַוועק צוריק צום רב, יענער זאָל אים מיטגעבן אַ בריף צו מיר. עס פאַרשטייט זיך, אַז פון שעמעריי איז ער געווען ווייט.

דער יונג איז געקומען צו מיר מיטן בריף. שרייבט דער רב, אַז לויטן דין קומט דעם יונג פון אייך נאַר פּעטש — אַן עם־הארץ טאָר זיך נישט אונטערנעמען צו לערנען מיט אינגלאַך חומש, נאָר אויב איר ווילט אים געבן געלט, קאָנט איר געבן, וויפיל אייער האַרץ גלוסט. מילא, איך האָב דעם יונג אַריינגערוקט אַ צען־רובלדיגן און געענדיגט דעם קאָמישן עסק.

דער קאָמישער עסק האָט מיר איצט קיין האַרצווייטאָג נישט פאַרשאַפט. וואָרום געענדיגט האָט ער זיך מיט ש ל מ ה ל ע ן, זעהר אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן און אַ וואויל־לערנער, וואָס האָט מיך פשוט דערקוויקט אין אַזאַ „פּוסטקע״.

איך האָב אים אָפּגעגעבן אַ גרויסע שטוב, „ווי אַ פעלד״, ער זאָל דאָרט לערנען און שלאָפן. און טאָג און נאַכט פלעגט זיך גיסן זיין קול, וואָס פלעגט אונז וואונדערליך ווייך מאַכן דאָס האַרץ, און איך געדיינק, אַז איך פלעג אים מקנא זיין.

אַ קליינינקייט, דער תענוג — ק אָ נ ע ן לערנען און וו ע ל ן לערנען.

ער אַליין איז אויך געווען זעהר צופרידן. אַ שטילע, אַ געראַמע שטוב, אַ גוטע באַהאַנדלונג און ע ס ן לרוב.

עסן איז אַן ענין. פריהער האָט ער אַזוי ווייניג געגעסן!

אויסער דער הנאה, וואָס ער האָט מיר פאַרשאַפט מיטן לערנען, הערנדיג באַ זיך אין שטוב דעם זיסן גמרא־נגון, האָט ער מיר אויך אָפּטער דערמאָנט אָן מיינע גוטע פרייליכע בחורשע יאָרן, בעת איך האָב אַליין געלערנט טאָג און נאַכט און „געקליבן רענדלאַך״ און געבויט פּאַלאַצן אויף יענער וועלט...

— וואו איז דאָס היינט?

דאָס אַלץ איז עפּעס געווען אַזוי זיס, אַזוי גוט, אַז איך פלעג מיך טיילמאָל צעווייגען פון זיסקייט און פון וואַרעמען בטחון.

איך האָב געהאַט אַ גרויסן גאָט און אַ שיינע י ע נ ע וו ע ל ט און אַ ציל, צוליב וואָס צו לעבן. איך וועל זיין אַ רב, איך וועל זיין אַ צדיק, איך וועל טאָג און נאַכט לעבן מיט גאָט. אַלע וועגן זיינען פאַר מיר זיכערע און ליכטיגע און לאָמיך נאָר אויסוואַקסן.

— יאָ, לאָמיך נאָר אויסוואַקסן.

נאָר נאָך אַמאָל: וואו איז דאָס היינט?

אַ איד בין איך היינט, אַ איד — אַ טאַטע מיט זאָרג, מיט יאָך, מיט אַ קושעליעווע, און אָט דאַרף איך צו דרעשן די תבואה, פונאַנדערלייגן זי אין די שפּייכלערס און גויעווען, און גויעווען...

נאָר שלמהלע האָט אין מיר דערוועקט אַ חשק צום לערנען, איבערחזרן פון דאָס ניי יענע טייערע אינגלשע יאָרן, און איך האָב באַשלאָסן אָ פּ פּ ט ר ן שנעל מיינע אַרבעטן, ווערן פרייער און צ ו ט ר ע ט ן צו דער גמרא.

איז נאָר אַזוי באַשלאָסן געוואָרן, האָב איך באַלד געדונגען מ ע ר דרעשער, ג ע צ אָ ל ט ט ײ ע ר ע ר און געטריבן די אַרבעט. פאַר אַ פּאָסעסאָר איז דאָס נישט זעהר פּראַקטיש...

אָבער איך וויל דאָך לערנען.

שלמהלע, ווידער, האָט מיך אַלץ געמוסרט, פאַרוואָס איך לערן נאָר־נישט... ער האָט נאָך גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס הייסט יאָך און „מאַכן אַ לעבן“.

— ס׳טייטש — האָט ער זיך געוואונדערט — איר דאַרפט דאָך קענען גוט לערנען. אין קאַמעניץ האָט איר אַ גוטן נאָמען געהאַט. איך זעה עפּעס נישט, איר זאָלט נעמען אַ גמרא אין האַנט...

היינט גיי קלער אים אויף, אַז פאַר אַ פּאָסעסאָר איז דאָס גאָר קיין ענין נישט, אַז פאַר אַ פּאָסעסאָר איז אַ סך וויכטיגער צו הויבן דעם פּרייז אויף תּבואות, בּילינער אָנדינגען טאָג־אַרבעטער, שטעלן בהמות אויף מיסט און דעסגלייכן.

בּאַ מיר איז געווען אַ פּראַגע, וואו איך זאָל לערנען. לערנען בּאַ זיך אין חדר אַליין — איז לאַנגווייליג. לערנען מיט אים — איז אַ מורא...

איך האָב שוין אַכט, ניין יאָר קיין גמרא אין האַנט נישט געהאַלטן, און ווען איך זאָל מיך אין איין חדר מיט אים זעצן לערנען, קאָן איך זיך אַמאָל דערפירן צו גרויסע בזיונות... אַ קשיא אויף אַ מעשה, איך האָב שוין אַלץ אַוראַי פאַרגעסן.

די דאָזיגע פּראַגע האָט מיך אַ היפּש בּיסל געפּייניגט.

דערנאָך בּין איך געקומען צום בּאַשלוס, אַז איך זאָל ערגעץ קריגן אַ קליין גמראלע און זיך אַליין עקזאַמענירן שטילערהייט בּאַ זיך אין צימער. צום עקזאַמען וועל איך אַקוראַט נעמען יענע מסכתּא, וואָס ער לערנט. און דאָ וועל איך זעהן, ווי גייט עס בּאַ מיר און זיך אַליין אַרויסגעבּן אַן אַטעסטאַט...

שלמהלע האָט געלערנט זעכצן שעה אין מעת־לעת. געלערנט האָט ער אָהן תּוספותן און דרייידלאַך, נאָר גלייך און גלאַט. פון בלאַט צו בלאַט איז ער געגאַנגען ווי אַ גוטער פּאָלקאָווניק אין שלאַכט־פעלד, און אין עטליכע וואָכן האָט ער דורכגעמאַכט נדרים, נזיר, סוטה, גיטין און געהאַלטן בּאַ דער מסכתּא קדושין.

געקראָגן, וואָס איך דאַרף — אַ קליין גמראלע, האָב איך זיך שטילערהייט אַריינגעגנבעט צו מיר אין צימער און מיך גענומען מיט גרויס שרעק צום עקזאַמען...

גיי איך מיר פאָרזיכטיג דורך איין בלאַט, אַ צווייטס — עס גייט, ווי איך בּין אַ איד. ווער איך שוין מוטיגער און פאָר ווייטער, ווייטער איז נאָך בּעסער. גיי איך נאָך ווייטער — נאָך בּעסער. ווי בּאַלד אַזוי, בּין איך שוין בּאַ זיך גאָר דערהויבן געוואָרן, קער איך מיר אָפּ פון גלייכן וועג און פאָר אַריין אין די שווערע תּוספותן.

די דאָזיגע תּוספותן האָב איך אַמאָל ליב געהאַט, הגם מיט גרויסער פּשטות און קלאָרקייט צייכענען זיי זיך נישט זעהר אויס.

אין זיי ליגן, ווי שאָטנס, באַהאַלטן די שווערע סודות פון גמרא. עס איז אָבער זעהר אַנגענעם אַרויסצוגראַבלען די דאָזיגע סודות, אויפרעקן זיי, קלאָר מאַכן, פונאַנדערפּלאָנטערן, ווי מען פּלאָנטערט פונאַנדער אַ גרויסן געדיכטן קנויל.

— נו — קלער איך — באַ די תּוספותן וועט זיך מיין ווענעלע פּאַרהאַלטן.

אָבער ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב זיך איבערצייגט, אַז מיין ווענעלע לויפט איבער די פאַרפּלאָנטערטע תּוספותן גלאַט און לייכט, ווי אויף אַ שפּיגלדיגן שניי־וועג. עס גייט!

אין איין אָרט אָבער איז עס פּאָרט געבליבן שטיין, ווי צוגעשמידט. איך שטופּ און שטופּ — עס גייט נישט. וואָס טוט מען? קנייטש איך דעם שטערן אַהין — אַהער און וויל מיט אַלע כּחות טרעפן דעם תּוספות. אָבער עס קומט גאָרנישט אַרויס. זעה איך, אַז מיין מיה איז אומזיסט. און דאָ פּלוצלינג בין איך זיך מישב, וואָס וועל איך זיך דאָ שעמען. „ולא הביישן למד“, הויב איך זיך אויף, גיי אַוועק צו שלמהלען און פרעג:

— זאָג מיר, מלמד מיינער, דאָס און דאָס.

קוקט ער זיך איין, וואָס איך פרעג און הויבט מיר אָן ערקלערן. אָבער איך זעה, אַז ער וויל מיר דאָ דעם ענין מער פאַרדרייען, איידער קלאָר מאַכן. פּשוט ער פּלפּולט, ער פאַרדרייט.

צווישן ליטווישע לומדים איז פאַראַן אַזאַ מין דרך: פריהער לערנען זיי דורך דעם ש״ס גאַנץ אויבערפלעכליך. דערנאָך, אַז זיי ווערן שוין באַהאַוונט אינם ש״ס, הויבן זיי ערשט אָן צו לערנען טיפער, „גרונטאָוונער“, און אָנשטאָט פּלפּול און פאַרדרייענישן געפינען זיי אין יעדן ענין דעם אמתן זין.

אפּנים, אַז מיין שלמהלע האָט דעמאָלט געהאַלטן באַ דער מדרגה פון בקיאות. ער וויל, הייסט עס, פריהער ווערן אַ בקי אין ש״ס, און דערנאָך וועט ער קומען צו חריפות.

איצט האָט זיך שלמהלע געמאַטערט צו פאַרדרייען מיר דעם קאָפּ מיט סברות און פּלפּול. איך האָב זיך אָבער נישט געלאָזט און דריי שעה צייט נאָכאַנאַנד האָבן מיר זיך געראַנגלט באַ דעם תּוספות. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז זיין תּירוץ פאַרענטפערט נישט די קשיא, וואָס איך האָב אים געפרעגט, און ער האָט זיך כּמעט ווי אונטערגעגעבן.

— אוי, שלמהלע, אחינו אתּה, — האָב איך אים פרייליך אָנגעפּאַטשט אין פּלייצע.

— ניין, וואַרט נאָך — האָט ער פרייליך געלאַכט.

נאָר איך בין געווען צופרידן פון צוויי זאַכן: ערשטנס, וועל איך זיך איצט נישט דאַרפן שעמען פאַר אים, און, צווייטנס, וועל איך טאַקע האָבן אַ שטיקעלע פעולה: ער קאָן פאָרט אַ סך און איז וואונדערליך קלאָר אין גאַנץ ש״ס.

דאָס שטיקעלע תוספות, וואָס מיר ביידע זיינען אים נישט דורכגעקראָכן, האָט מיר זעהר אימפּאָנירט, און איך בין אַ בעלן געווען אַ פּאָר טון צום מאַלטשער רב וועגן דעם. ווי באַלד אַז עס גייט אין וויסן, דאַרף מען זיך נישט פוילן.

און אויף מאָרגן בין איך טאַקע געפאָרן קיין מאַלטש צום רב. דער רב האָט מיר פאַרענטפערט די קשיא, אָבער אויך נישט גאָר קלאָר, דאָס הייסט, האַלב פאַרענטפערט, און איך בין אַוועקגעפאָרן אַהיים אויך האַלב צופרידן.

ווייניג מענשן לערנען פונדאַמענטאַל. דאָס רוב לויפט דורך דעם ש״ס אויבערפלעכליך, האַסטיג.

פאָרנדיג פון מאַלטשער רב אַהיים, בין איך פאַרבייגעפאָרן דעם וואַלד־קאָנטאָר. דער קאָנטאָרשטשיק איז געווען אַ פּוילישער איד, אַ חסיד.

דער דאָזיגער קאָנטאָרשטשיק האָט נישט לאַנג חתונה געמאַכט אַ טאָכטער פאַר אַ וואויל־לערנער. שטעל איך אָפּ דאָס פערדל און כאַפּ מיך אַריין צום יונגענמאַנטשיק. טרעף איך אים, ווי ער זיצט און לערנט.

זעה איך, אַז ער האַלט אויך גראָד באַ דער גמרא קדושין סאַמע אין אָנהויב. אַז אַ מענש האַלט אין אָנהויב, איז דאָך אומזיסט מיין טרחה מיט אים זיך מתוכח צו זיין, פאָר איך אַוועק.

אין עטליכע וואָכן אַרום, פאָרנדיג צום מאַלטשער רב, בין איך ווידער אַריין צום יונגענמאַן, אפשר וועל איך פאָרט קאָנען מיט אים אַ שמועס טון מכח דעמזועלבן ענין.

זעה איך אָבער, אַז פאַר די עטליכע וואָכן צייט האָט ער מער נישט אָפּגעלערנט, ווי פיר בלאַט גמרא, מיין איך, אַז ער האָט עפּעס אַנדערש געלערנט, און אַז איך פרעג אים וועגן דעם, זאָגט ער:

— ניין. איך לערן נאָר די מסכתא קדושין.

— וואָס הייסט? — וואונדער איך זיך — איין בלאַט גמרא אַ וואָך לערנט איר?

ענטפערט ער:

— איך זיץ און קלער קשיות צו פרעגן. איך לערן דורך אַ קליינינקייט און פרעג זיך גופא קשיות...

ווער איך נאָך מער פאַרוואונדערט:

— וואָס הייסט, איר זיצט און קלערט וועגן קשיות? איר קאָנט דאָך אַזוי אָפּזיצן יאָרן און דאָס לערנען וועט גיין באַ אייך לאַבוד? פריהער דאַרף מען דורכלערנען גאַנץ ש״ס און דערנאָך זיך מער אַריינדרינגען אין קשיות.

— באַ אונז אין פּוילן לערנט מען אַזוי... — ענטפערט ער גאַנץ געמיטליך.

איך האָב אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען און אַוועקגעפאָרן.

אויך אַ לערנען. אַזאַ דרך איז געווים אַ שלעכטער און נישט קיין פּראַקטי־שער. און איך האָב זיך גאָר מיאוש געווען אין די פּוילישע וואויל־לערנער.

די פּוילישע וואויל־לערנער שלעפּן זיך לאַנג און אָהן טעם, אָבער די ליטווישע לויפן שוין צו האַסטיג דורך דאָס ערשטע מאָל דעם ש״ס.

אָנשטאָט האַסט — מער באַראַכטונג, מער פּאַרטיפונג, וואָלט געווים אַרויסגעקומען מער פּעולה.

מיין פעטער ר׳ ליפּאַס אַ זון איז צו פופצען יאָר געווען אַזוי קלאָר אין זעקס הונדערט בלאַט גמרא, אַז ער פלעגט פיל מאָל איבעראַשן די גרעסטע לומדים. דער מחותן, צום ביישפּיל, האָט אים פאַרהערט אויף אַזאַ אופן: ער האָט אַריינגעשטאָכן אַ נאָדל אין גמרא און געפרעגט באַ וואָס פאַר אַ ענין דאַרף האַלטן דער שפּיץ. דאָס אינגל האָט זיך גוט צוגעקוקט, פאַרקנייטשט דעם שטערן, גערעכנט, גערעכנט און געטראָפן אַקוראַט.

ער איז געווען אַ שרעקליכער מתמיד און פלעגט לערנען אַכצען שעה אין מעת־לעת. אַ זכרון האָט ער געהאַט אַן אומנאַטירליכן, אַ געוואַלדיגן.

פונדעסטוועגן האָט ער די גמרא פאַרשטאַנען אויבערפלעכליך, נישט „גרונטאָווע", נישט קוקנדיג דערויף, וואָס ער האָט זי געקאָנט אינגאַנצן אויסווייניג. און אַז ער האָט חתונה געהאַט, האָט ער געמוזט פאָרן צום באַליסטאָקער רב, ר׳ ליפּאלע — פרעגן באַ אים אַן עצה ווי צו לערנען איצט. ער איז געווען קלאָר אין ש״ס און האָט אים אָבער גרינדליך נישט פאַרשטאַנען, און ר׳ ליפּאלע האָט אים אָנגעוויזן, ווי אַזוי צו ערווערבן די מידה פון פאַרטיפונג, פון משיג זיין אַן ענין.

אַ דאַנק ר׳ ליפּאלען, איז דער יונגערמאַן דערגאַנגען צו זיין ציל.

און אָט אַזוי האָב איך זיך ביסלעכוויז אַריינגעצויגן אין לערנען אונטער דער ווירקונג פון מיין ליבן שלמהלען.

קיין מאַלטש צום רב בין איך שוין געפאָרן דעם גאַנצן ווינטער צוויי מאָל אין וואָך. איך האָב געהאַט אַ היפּשע פּעולה. אָבער אין דערזועלבער צייט בין איך אויך געקומען צו דער טרויעריגער איבערצייגונג, אַז איך

בין נישט קיין למדן און נישט קיין משכּיל, נישט דאָס און נישט יענץ. אויף אַ מיטן וועג שטיי איך — נישט אַהין, נישט אַהער. עס פאַרשטייט זיך, אַז זייטיגע האָבן געמיינט, אַז איך בין גאָט ווייס וואָס פאַר אַ למדן. און אָט דער טעות פלעגט מיר טיילמאָל טיף איינבייסן דאָס האַרץ...

און ווי אַלע מאָל מיט מיר — איז דאָס געווען פאַרפאַלן...

נאָר אַזוי, צי אַזוי — דער ווינטער האָט מיר נישט ווייניג תּענוג פאַרשאַפט. איך האָב זיך געפילט צופרידן. פּרנסה איז בּאַ מיר, ווי שטענדיג, געוואָרן אַ בּייזאַך, אַ בּיינעראַנק, און מיין מח האָט בּעסער אַרומגעשוועבט אין די הויכע סבֿרות פון גמרא.

דער דאָזיגער שלמהלע איז מיר שטאַרק איינגעבאַקן געוואָרן אין האַרצן. זעהר אַ ליבער יונגערמאַן, זעהר אַן ערליכער, זעהר אַן אַרבעטסזאַמער, זעהר אַ שטילער, און שטיל און גאָר אומבּאַמערקט האָט ער געקאָנט ווירקן אויפן צווייטן. און נאָך איצט אפילו בּיינק איך נאָך אים טיילמאָל.

פּסח, געדיינק איך, האָב איך אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, וואָס מיך האָט דערנאָך פאַרדראָסן. מיר זיינען געזעסן בּאַם סדר. מען האָט אָנגעקאָכט און אָנגעבאַקן פון כּל טוב. אויף די ערשטע טעג האָב איך געקוילעט דריי גרויסע קעלבער, אויסער אַן ענדיק, וואָס דאָס ווייב האָט אויסגעהאָדעוועט.

מיין שלמה האָט זיך, קיין עין־הרע, גוט אָנגעפּאַקט. זיין חלק אפיקומן האָב איך גוזמאדיג פאַרגרעסערט, און ווען מיר האָבן עס בּאַדאַרפט עסן, האָב איך געזעהן, אַז דאָס איז אים איבער די כּחות...

ער איז אָבער געווען זעהר פרום און האָט זיך געסטאַרעט אויפצועסן. זעה איך, אַז ער האָט שוין בּאַלד מנצח געווען דאָס גרויסע שטיק מצה, רוק איך אים אומבּאַמערקט צו נאָך אַ שטיקל, נאָך אַ שטיקל — אַלץ, הייסט עס, זיין אפיקומן. שלמהלע האָט געגעסן, געגעסן, ביז ער איז בּלאַס געוואָרן און איז מיט אַמאָל אַרויסגעלאָפן אויפן גאַניק...

דאָרט האָט ער געבּראָכן.

איך ווייס נישט, וואו איז היינט מיין ליבער, מיין גוטער שלמהלע. זאָל ער עס מיר אָבער מוחל זיין דאָרט, וואו ער איז. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב דעמאָלט פון אהבה און פון תּענוג צופיל וויין געטרונקען... אַ איד — בּאַלד שכּור געוואָרן.

נעענדיגט זיך דער ווינטער, האָט זיך אָנגעהויבן די פעלד־אַרבעט. די זון, דער וואַלד, די פרייע לופט — האָבן אויך שלמהלען אָפּגעריסן פון דער גמרא. מיר האָבן שוין בּיידע נישט געלערנט. מיר זיינען אומגעגאַנגען אין פעלד, זיך געקוויקט מיט דער זון, אַרומגעפאָרן רייטנדיג,

גאָר מעשה־פּריצים. איבעריגנס, אין הלכות רייטן איז ער געווען גאָר אַ קליינער קנאַקער. ער האָט, נעבעך, זעהר מורא געהאַט פאַר פערד... כאָטש עס האָט אים געצויגן צו זיי, ווי אַלע שוואַכע — צו שטאַרקע און געזונטע.

אַזוי איז אַוועק דער גאַנצער זומער. שלמהלע איז איצט געווען מער אין פעלד, איידער באַ דער גמרא. די זון האָט דערוואָרעמט זיינע פאַרגליווערטע בלוטן. ער האָט גאָר אָפּגעלעבט. ער האָט איינגעזעהן, אַז זון, לופט און וואַלד און פעלד־אַרבעט איז אויך אַ שטאַרקער ענין.

און אַ דאַנק שלמהלען, האָב איך גאָרנישט באַמערקט, ווי דער זומער איז זיך איבערגעלאָפן. אָט איז שוין באַלד הערבסט, עס שמעקט מיט אלול. בלעטער פוילן, בלעטער פאַלן.

און אַקוראַט פאַר ראש־השנה איז שלמהלע, צו מיין גרעסטן האַרצ־ווייטאָג, אַוועקגעפאָרן אַהיים. מען האָט אים גערופן זיך שטעלן צום פּריזיוו. זיין פאָטער האָט איבערגעמאַכט דעם פּריזיוו אויף היי־יאָר. נאָך זיין אַוועקפאָרן איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ שרעקליכע מרה־שחורה, און איך האָב מיך אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט באַרוהיגן. דער יונג האָט מיר דאָס האַרץ געבלוטיגט.

אין אַ צייט אַרום נאָך זיין אַוועקפאָרן האָב איך איינמאָל געלעזן אַ קאָרעספּאָנדענץ פון גראָדנע אין דעם דעמאָלטיגן „המליץ", וועלכן איך האָב אַבאָנירט, אַז מען האָט אָפּגעגעבן דעם קאַמעניצער עילוי שלמה פאַר אַ זעלנער, און ער שטייט אין גראָדנע. גאַנץ גראָדנע סטאַרעט זיך פאַר אים.

די ידיעה האָט אויף מיר געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. איך בין אָבער באַלד געטרייסט געוואָרן: שלמהלען האָט מען דאָך באַפרייט. די גראָדנער קהלה האָט אים צופיל געשעצט און געזשאַלעוועט.

---

# קאַפּיטל XVI

איך וויל שוין ווידער וואַנדערן. — דער קאָנטראַקט מיט שעמעטן. — מיין שוואָגער פון קיעוו. — איך גיב צום טרינקען פערד. — אַ פּלאַן מכּח אַרויספאָרן קיין קיעוו. — דער זיידע. — בּאַ שעמעטן. — דעם זיידנס מוסר. — איך פאַרקויף האַק און פּאַק. — נאָר קיעוו. — די רייזע. — דער ערשטער ברוך־הבּא. — אָבּלאָוועס. — איך ליג אונטער אַ בּעט. — אימה. — געוויין. — יאוש און חרטה. — דאָס ערעסטירטע אידל:

נאָך שלמהלעס אָפּפאָרן האָבּ איך אָנגעהויבּן שטאַרק צו קלערן מכּח פאַרלאָזן דעם העק. בּאָם פּריץ שעמעטן האָבּ איך געהאַט אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָר. זיצן האָט מען איינגנטליך געקאָנט בּאַ אים אייבּיג. נאָר בּאַ אים איז געווען אַזאַ טראַדיציע אַרויסצוגעבּן יעדן פּאָסעסאָר זיינעם אַ קוויטל אויף דריי יאָר און דערנאָך, אַז מען האָט געוואוינט לייגנער, האָט ער קיינעם קיין הוספות נישט געגעבּן.

האָבּ איך, הייסט עס, געקאָנט זיין אין קָושעליעווע אַזוי פיל, וויפיל איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַפילו בּיז נאָך שעמעטס טויט. זיין טאָכטער וואָלט אויך נישט געענדערט די טראַדיציע. פאַרשטייט זיך, אויבּ זי וואָלט דעם גוט נישט פאַרקויפט. פּרנסה וואָלט איך אויך געהאַט.

שפּעטער וואָלט איך זיך פאָרט איינגעלעבּט, וואָלט אפשר בּעסער געוואָרן. אַקוראַט צו דער צייט, בּעת איך בּין געווען פאַרנומען מיט די געדאַנקען, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון קושעליעווע, איז מיין שוואָגער אהרן צייליגנגאָלד אַרויס פון פּינסק קיין קיעוו. די ראָזיגע שטאָט האָט דעמאָלט אָנגעהויבּן שטאַרק צוצוציהען אידן.

די צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָט דערצו נישט זעהר געשטערט, און אַ סך אידן האָבּן אַריבּערגעוואַנדערט קיין קיעוו. דער טייך דניעפּר איז כּמעט געוואָרן דער פּונקט, אַרום וועלכן אידן האָבּן זיך פאַרזאַמלט. מחמת אידן האָבּן זיך דאָס רוב בּאַשעפטיגט מיטן תּבואה־מסחר, האָבּן זיי דורך אָט דעם טייך געטריבּן זייערע תּבואות קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, ניקאָלאַיעוו, קרעמענטשוג א. אַז. וו.

ביסלעכוויז, ביסלעכוויז איז קיעוו געוואָרן דער צענטער פון אידישן האַנדל בכלל. איינגאַנצן פריי איז אַפילו נישט געווען. פּאָליציי פלעגט אָפּט מאַכן די באַרימטע קיעווער „אָבלאַוועס“, וואָס זיינען ביז היינט, צום אומגליק, נישט שוואַכער געוואָרן. נאָר פונדעסטוועגן האָט אַ איד געקאָנט „עקסיסטירן“. וואָרום עס קומט אַרויף אַלץ דיזעלבע פראַגע: וואו איז בעסער?

בעלי־מלאכות האָבן געמעגט סיי ווי סיי וואוינען און האַנדלען. באַקומען אַ „רעמעסלענע“ פון אַ מלאכה, איז אויך נישט געווען פון די שווערע זאַכן. אַ ראגה: אַ גלעזער, אַ טינט־מאַכער, אַן עסיג־מאַכער — אַבי אַ „רעמעסלענע“. ערשטע און צווייטע גילדיעס האָבן דאָך אַוודאי געהאַט וואוינרעכט. אַזוי אַרום האָבן די אָבלאַוועס קיין גרויסן פּאָליציייאישן ערפאָלג נישט געהאַט, און אידן האָבן, גאָט צו דאַנקען, געלעבט אַ סך לייכטער און בעסער ווי היינט.

אויפן ערגסטן אופן רוקט מען עפּעס אין יד אַריין. . . די אַלטע אידישע סגולה. און אַנדערע אידן האָבן אַרויסגענומען אַ שיין פון אַ קאָכער. וואָרום וואָס פאַר אַ איד אָדער אידענע קאָן דאָס נישט אָפּקאָכן אַ קרופּניק מיט אַ שטיקל פלייש? און אָט אַזוי איז עס געגאַנגען. און קיעוו איז געוואָרן אַ גרויסע אידישע קהלה מיט האַנדל, געשעפטן, מלאכה א. אַז. וו.

מיין שוואָגער איז אַרויסגעפאָרן מיט דער פאַמיליע קיין קיעוו און האָט דאָרט געעפנט אַ שיין גאַסט־הויז. דאָס ווייב האָט געפירט דאָס גאַסט־הויז און ער, ווידער, האָט געהאַט אַנדערע געשעפטן. גוטע געשעפטן האָבן זיך דעמאָלט ממש געוואַלגערט אין קיעוו.

מיין שוואָגער האָט געמיינט, אַז איך מאַך גאָלדענע געשעפטן אין קושעליעווע און אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן איבערצופּעקלען מיך קיין קיעוו.

מאַכט זיך אַ מעשה און עס ברענט אָפּ זיין פאָטערס הויז אין פּינסק. איז ער געפאָרן אין פּינסק אָפּנעמען דאָס סטראַכירונגס־געלט, אַ דריי טויזנט רובל. אַז מען איז שוין אין פּינסק, דאַרף מען דאָך אַראָפּפאָרן צו אונז אין קושעליעווע, וואָס איז נישט וייט. ער האָט אומישנע געוואָלט קומען צו אונז אומגעריכט, כּדי ער זאָל אונז קאָנען כאַפּן באַם סאַמע „וואָכעדיגן לעבן“.

און דוכט זיך, אַז ער האָט געכאַפּט...

שטיי איך אַזוי איינמאָל פרייטאָג באַטאָג און טרינק אָן די פערד באַם ברונים: איך גיס וואַסער פון ברונים אין קאָריטע, און דריי פערד שטייען און טרינקען. און גראָד אין דער מינוט איז געקומען אומבאַמערקט

דער שוואָגער. ער האָט אַ ווײלע צוגעקוקט, ווי איך גיב טרינקען די פערד און דערנאָך זיך אַרויסגעגעבן...

שוין שפּעטער, אַז מיר זײַנען געזעסן אין שטוב, האָט ער זיך אַלץ נישט געקאָנט אָפּוואונדערן, וואָס איך, אַ יונגערמאַן, וועלכער איז אַ צײַט לאַנג געזעסן אין בית־המדרש, זאָל קאָנען אַרומגיין אַרום פערד. אַפילו דאָס שעפּן וואַסער פון אַ טיפן ברונים און גיסן אין קאָריטע איז אים אויך אויסגעקומען משונה.

— איך האָב אַלץ געמיינט — זאָגט ער — אַז דו ביסט אַ פאַרשלאָפענע בריאה און קאָנסט נאָר אָנשרײַבן אַ לאַנג מליצה־בריוועלע צו מיר. ערשט דו טויגסט זיך גאָר. פאָר מיט מיר קיין קיעוו. וועסט דאָרט מאַכן גוטע געשעפטן.

און ער האָט אָנגעהויבן דערציילן מעשיות פון הונדערטער אידן, וואָס זײַנען געקומען קיין קיעוו ממש „אָ ה ן ש ט י ו ו ל" און זײַנען אין פאַרלויף פון עטליכע יאָר געוואָרן גבירים, וואָס פאַרמאָגן הונדערטער טויזנטער רובל. אין קיעוו קאָן מען ווערן אַ גביר פלינק, אויף איין פוס.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער שוואָגער האָט אונז לײַכט איבערגערעדט, און נאָך זײַן אַוועקפאָרן איז בײַ אונז געבליבן פאַרענדיגן וואָס גיכער מיט קושעליעווע און אַרויספאָרן קיין קיעוו.

איך האָב זיך שטאַרק גענומען דערצו.

אין עטליכע חדשים צײַט ביז ניי־יאָר האָב איך אַלץ געמאַכט צו געלט, ביסלעכווײַז פאַרקויפט די בהמות, קעלבער, אָקסן, פערד, שפּאַנען, היי און נאָך אַזעלכע פּאָסעסאָר־זאַכן, נישט געקוקט אויפן פּרײַז, גיך אַרויס־געשטופּט די סחורה, אַבי אַראָפּ פון מאַרק.

אַז איך בין פאַרטיג געוואָרן מיטן פאַרקויפן, האָב איך געשיקט נאָכן זיידן, ער זאָל מיט מיר פאָרן צום פּריץ דורכקומען. פאַרן פּריץ איז עס געווען אומגעריכט. ער האָט געמיינט, אַז איך וועל זיצן און זיצן אין קושעליעווע. דער זיידע איז געקומען, און איך האָב מיטן פּריץ אויך פאַרענדיגט.

דער פּריץ האָט געזאָגט צום זיידן:

— דײַן אייניקל טוט אַ גרויסע נאַרישקייט, וואָס ער וואַרפט אַוועק קושעליעווע. דײַן אייניקל האַלט דאָס זעהר ביליג. מען גיט מיר שוין לאַנג פאַרן הויף צוועלף הונדערט רובל. נאָר איך האָב פײַנט אַן אויסדרינגער. שפּעטער וואָלט איך אפשר אָפּגעגעבן דײַן אייניקל מײַן אייגענעם הויף אין אַרענדע. איך בין שוין אַלט, איך קאָן זיך שוין נישט אָפּגעבן מיט אַזעלכע זאַכן, און דײַן אייניקל איז אַן אָרנטליכער מאַן... וויל ער אָבער נישט, איילט ער זיך, לויפט ער פון דאַנען, טאָ זאָל ער לויפן געזונטערהייט.

— איר ווילט אָפּגעבן אייער הויף? — האָט זיך דער זיידע אַ כאַפּ געטאָן.

— נו, יאָ, — האָט דער אַלטער פּריץ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— פאָרט ער נישט אַרויס! — האָט דער זיידע פעסט געזאָגט — ער וועט דאָ בלייבן.

— ניין... — איז שעמעט בייז געוואָרן — איצט נישט. ער האָט שוין בּאַ מיר מער קיין חן נישט. וויבאַלד אַז ער ווי ל אַרויספאָרן, איז ער בּאַ מיר שוין קיין פּאָסעסאָר נישט.

דער זיידע איז געווען אויסער זיך.

— ס'טייטש, ס'טייטש, — האָט ער מיר דערנאָך מיט האַרץ געזאָגט.— דו וואָלסט דאָך געווען גליקליך. גזלן, דו וואָלסט דאָך רייך געוואָרן.

און ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט בּאַרוהיגן.

— וואָס ציהט דיך אַזוי אין שטאָט אַריין? וואָס מיינסטו איז אַ שטאָט? מען רייסט זיך און מען שלאָגט זיך פאַר אַ גראָשן פּרנסה. וועסט זעהן, דיר וועט נאָך אַמאָל פאַרדריסן, וואָס דו בּיסט אַוועק פון די קושעליעווער בּוימער. אַזאַ פריץ, אַזאַ פּריץ צו לאָזן. דו ווייסט, וואָס הייסט זוכן אין אַ שטאָט פּרנסה? — האָט ער מיך אָנגעשטאָכן מיט די אויגן — הלואי זאָל איך לייגן, וועסט זיך נאָך ווען עס איז רייסן די האָר פאַר דעם.

איך האָב אָבער דעם זיידן נישט געהערט. זאָל ער ריידן, וואָס ער וויל. איך וועל פאָרן קיין קיעוו... אַ גרויסע שטאָט, אַ סך מענשן, מען קאָן שמועסן, פאַרברייננגען, פירן אַ וכּוח, ריידן פון הויכע זאַכן. קושעליעווע איז פאַר מיר קיין זאַך נישט.

דער זיידע איז אַוועקגעפאָרן אַ צעקלעמטער, און איך האָב פאַרענדיגט מיט מיין דאָרפישער בעלי־בּתּישקייט.

אַז אַלץ איז שוין געווען פאַרקויפט, האָב איך מיין פאַמיליע אַריבער־געפּעקלט קיין קאָברין, וואו וויב און קינד וועלן איבערוואַרטן די צייט, בּיז איך וועל זיך איינאָרדענען, און אַליין בּין איך אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו.

קיין קיעוו בּין איך געקומען פרייטאָג אין דערפריה און בּין אַ פּרייליכער אַוועקגעפאָרן צום שוואָגער. בּאַם בּרעג דניעפּר האָט ער געהאַלטן דאָס גאַסט־הויז. געקומען צום שוואָגער, האָב איך בּאַלד בּאַמערקט, אַז ער, דער שוואָגער, זעהט עפּעס אויס נישט גאָר פויגלדיג. נישטאָ די לוסטיגע מינע, וואָס איז געלעגן אויף זיין פּנים, בּעת ער איז געווען אין קושעליעווע. און אַז איך האָב אַ פרעג געטאָן, פון וואַנען קומט דער שנוי, האָב איך בּאַקומען אַן ענטפער, אַז דעם ווינטער האָט ו ו י י נ ש ט י י ן בּאַנקראָטירט אויף

זעקס און אַ האַלב מיליאָן רובל און אַז דער ראָזינגער באַנקראָט האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין גאַנץ קיעוו, וואָרום וועמען האָט דער וויינשטיין נישט באַרירט?

אויסער די גרויסע ביינק, האָט ער פּריוואַטע מענשן באַנקראָטירט העכער דריי מיליאָן.

מיין שוואָגער האָט אין דעם ראָזינגן באַנקראָט־ים דערטרונקען דריי טויזנט רובל געלט מזומן. דערביי האָט ער פאַרלאָרן געשעפטן, באַ וועלכע ער פלעגט פאַרדינען ביז פינף טויזנט רובל אַ יאָר. איצט, אַז איך בין געקומען קיין קיעוו, זיינען שוין אַלע געשעפטן, גאָט צו דאַנקען, אין דער ערד, אין קיעווער מסחר איז אַ חורבן, דער שוואָגער האָט איצט קיין געשעפטן נישט, אויסערן גאַסט־הויז. לעבן פון גאַסט־הויז אַליין איז שווער, בפרט נאָך אַז ער איז איינגעוויינט ברייט צו לעבן.

ווערליג מיינע האָפענונגען, איז דאָס פאַר מיר געווען אַ פיינער ברוך־הבא. געקומען אַקוראַט אין דער ריכטיגער צייט אין קיעוו. אָנגעטראָגן זיך. איך בין דאָ. קיעוו וואַרט אויף מיר.

קושעליעווע אויף אַ גרויסער שטאָט געביטן. אָט האָסטו קיעוו.

און באַלד, אין איין רגע, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעקליכער יאוש, אַ מרה־שחורה, פונקט ווי אַ זעהענדיגער מענש וואָלט מיט אַמאָל בלינד געוואָרן. וואָס האָב איך געטאָן? ווי אַזוי נעם איך אַן איינגעפונדרעוועטע בעל־הבתישקייט און וואַרף עס אַרויס אויפן ווינט? ווי אַזוי וואַג איך זיך גאָר דערצו? פון וואַנען וועל איך איצט לעבן מיט אַ ווייב און קינדער? און סתם, ווי קום איך, אַ דאָרף־איד, זוכן געשעפט אין אַ גרויסער טומלדיגער שטאָט? ווער דאַרף מיך דאָ? ווער וואַרט דאָ אויף מיר? ווער וועט מיך, די מציאה, דאָ אויסכאַפּן?

מיין יאוש איז, אַפּנים, פאַרקראָכן אַזוי ווייט, אַז ער איז געוואָרן קענטיג פאַר די שטוביגע, און מיין שוואָגער האָט מיך „גענומען אין די הענט אַריין".

— קודם כל — זאָגט ער — דאַרף מען זיין אַ מענש. פון קיעווער באַנקראָט האָסטו דאָך נישט געליטן. וואָס־זשע מרה־שחורהסטו? אפשר וועט דיר גראָד גאָט העלפן אין קיעוו?

און אויף דער נאַכט האָט ער מיך צוליב פרייליכקייט אַוועקגעפירט אין קאַרלינער חסידים־שטיבל. אין שטיבל איז טאַקע געווען פרייליך, און מיין יאוש איז צעגאַנגען געוואָרן. אידעלאַך האָבן געפּאַטשט מיט די הענט, געטופּעט מיט די פיס און פרייליך מקבל שבת געווען. איך האָב זיך שוין אָפּגעוויינט פון אַזאַ טומל. און מיר האָט זיך געדוכט, אַז די ווענט פּאַטשן אויך און זינגען לכו נרננה.

איך האָב שוין מער קיין אומעטיגע געדאַנקען נישט געהאַט. אין דערהיים האָב איך מיטן שוואָגער פרייליך אויסגעזוונגען שלום־עליכם און באַם טיש האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אַן ערה אידן פון אַ צוואַנציג פּערזאָן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען גרויסע סוחרים, רייכע קרעמער, געהויבענע מעקלער א. אַז. וו.

אויפן טיש איז ליכטיג, עס ברענען ליכט, אויף ווייסע טעלער ליגן שיינע חלקים פיש, דער עולם מאַכט קדוש, מען זעצט זיך עסן און עס פאַרפירט זיך אַ לאַנגער שמועס.

אָבער פון וואָס שמועסט מען?

גאָט מיינער, פון אָבלאַוועס.

פּאָליציי כאַפּט אידן! כאַפּט, כאַפּט, כאַפּט.

וואָס הייסט כאַפּט?

ביז אַהער האָב איך געוואוסט, אַז אידן ליידן צרות, ווערן פאַרשוואַרצט, טראָגן אויף זיך אַ גרויסן, אַ ביטערן יאָך, אָבער אַז אידן ווערן אויך געכאַפּט, דאָס האָב איך לחלוטין נישט געוואוסט?

מיר האָט אַזש אַ שוויים אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן. פּאָליציי כאַפּט אידן! כאַפּט, כאַפּט, כאַפּט.

— איר ווייסט נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס כאַפּן? — רופט זיך אָן צו מיר אַ איד, וואָס האָט, קענטיג, באַמערקט, אַז דער ענין איז פאַר מיר ניי. — פאַר אַ יאָרן האָט מען דאָ אין רעכטן מיטן כּל־נדרי פאַר־כאַפּט אַ גאַנצע שול אידן... אַ שול אידן. איר פאַרשטייט? אַ שול אידן...

— איז אַז אַ איד האָט דאָ נישט קיין רעכט צו וואוינען, דאַרף ער זיך באַהאַלטן? — האָב איך נישט זיכער און אַפילו נאַרישליך געפרעגט, בעת אַ קעלט איז מיר אַדורך דורך די ביינער.

— נו, וואָס קלערט איר? אודאי באַהאַלטן...

דאָ בין איך שוין אינגאַנצן געבליבן אָפּהענטיג.

און מיר האָט זיך געדוכט, אַז מיין שוואָגער האָט מיך אומגליקליך געמאַכט, ממש אָפּגעקוילעט אָהן אַ מעסער. למאי האָט ער מיר נישט געזאָגט אין קושעליעווע, אַז אין קיעוו כאַפּט מען אידן? איך וואָלט דאָך נישט געפאָרן אַהער פאַר מיליאָנען, פאַר מיליאַרדן. מען כאַפּט אידן!!!

אין קאָפּ האָבן זיך מיר אומגעדרייט די סאַמע שרעקליכסטע רעיונות.

— וואָס האָסטו מיך אַראָפּגעבראַכט אַהער? — האָב איך מיט אַמאָל און מיט גאַל געפרעגט דעם שוואָגער.

— שאַ, שרעק זיך נישט — האָט זיך אַריינגעמישט די שוועגערין — מיר צאָלן געלט דעם פּריסטאַוו, ער באַקומט שוין דאָס זייניגע און ער

טשעפּעט אונז נישט. בּאַ אונז כאַפּט מען נישט... נאָר טאָמער טרעפט זיך יאָ אַמאָל אַן אָבלאַווע בּאַ אונז, לאָזט מען ז י י אויף מאָרגן גלייך אַרויס... וואָרום דער פּריסטאַוו בּאַקומט דאָס זייניגע. אין יד... אין יד...

איך האָב דערוויַיל בּאַמערקט, אַז דער עולם מאַכט עטוואָס חוזק פון מיר, מען לאַכט אונטער.

— וואָס שרעקט איר זיך אַזוי? — רופט זיך אָן עפּעס איינער אַן אורח — איר זענט דאָך אַ איד, און אַ איד דאַרף זיין געוויינט צו אַזוינע זאַכן...

און עטליכע מיט אַמאָל דערציילן מיר, אַז מען האָט זיי שוין נישט איינמאָל געכאַפּט, נישט איינמאָל איבּערגענעכטיגט אין קאָזע און — מען לעבּט, גאָט צו דאַנקען. נישקשה, צו משיחן איז נאָך וויַיט. דערוויַיל דאַרף מען איבּערנעכטיגן אין קאָזע און פאַררינען געלט.

און דער עולם האָט אָנגעהויבּן זינגען זמירות, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיצן אין ירושלים. איך האָב פאַרדריקט די ציין און אַ טראַכט געטאָן:

— זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין.

אַפּנים אָבּער, אַז מיט מיר קיין קיעוו איז געפאָרן נישט איין שלים־מזל מיינער, נאָר מיליאָנען־מיליאַסן. וואָרום קיעוו האָט לאַנג נישט געוואַרט און מיך בּאַלד מזכּה געווען מיטן תּענוג פון אַן אָבלאַווע...

פּונקט אַזייגער עלף, בּעת מיר האָבּן נאָך געהאַלטן בּאַם רעכטן צימעס, וואָס איז דווקא געווען געראָטן, האָבּן מיר דערהערט אַ שטאַרקן קלונג. אַ קלונג פון אַ זיכערער האַנט. אַזוי קלינגט נישט אַ גאַסט, און אַלע זיינען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער מיט טויטע פּנימער.

אַן אָבלאַווע!.. — האָט זיך בּאַ עמיצן פאַרשטיקט אַרויסגעריסן.

די אידעלאַך, וואָס האָבּן פריהער אַזוי דרייסט גערעדט פון אָבלאַוועס, זיינען איצט, אין מיטן צימעס, צעמישט געוואָרן.

מיין שוועגערין, וואָס איז געווען זעהר אַ פּראַקטישע, האָט מיך אָנגעכאַפּט בּאַ דער האַנט און אַ שעפּטשע געטאָן:

— קום גיכער, אַן אָבלאַווע. איך וועל דיך בּאַהאַלטן.

און זי לויפט מיט מיר, שלעפּנדיג מיך פאַרן האַנט.

לויפן אָבּער אַלע. עס לויפן די גבירים, די שיינע אידן, עס לויפן די מעקלערס, די קרעמער. אַ פּאַנישער געלויף. אַפּנים, אין קאָזע איז נישט אַזוי גרינג צו זיצן, ווי זיי האָבּן פריהער גערעדט.

די שוועגערין איז מיט מיר פאַרפלוינן אין שלאָפצימער.

דאָרט פירט זי מיך צו צו אַ בּעט און הייסט מיר אַרונטערקריכן.

— קריך, קריך אַרונטער, שעם זיך נישט.

די שיינע אידן אָבער טוען עס געשיקטער פון מיר. זיי ליגן שוין אַלע אונטער די בעטן. און — איך בין אויך אַרונטערגעקראָכן. אונטערן בעט הער איך אַ שווער סאָפּעניש פון מיינע אונטער־בעט־חברים און איך הער אויך ווי עס קלאַפּט זיי דאָס האַרץ. פאַרקערט, איך אַליין האָב זיך שוין נישט אַזוי געשראָקן. איך האָב דערויף אַזוי ווי קיין צייט נישט געהאַט.

אַ מאָרנע בילד. אונטערן בעט ליגן זיך אידעלאַך מיט שיינע בערד, טאַטעס פון קינדער, אָנגעזעהענע סוחרים און מען סאָפּעט ווי גענז, בעת יענע ווילן טרינקען.

אַז איך שטריינג אָן גוט דעם אויער, הער איך ווי פּאָליציי גייט אַרום מיט שווערע טריט אין י ע נ ע צימערן און מען רעדט מיט גראָבע שטימען...

— מען זוכט — טראַכט איך — אפשר וועט מען געפינען... אַרויס־שלעפּן פון אונטערן בעט אַן ערדה שיינע אידעלאַך.

דאָס מאָל איז אָבער די אָבלאַווע צוגעגאַנגען זעהר „לייכט“, וואָרום אָנגעפירט געוואָרן איז זי פונם „גוטן“ פּריסטאַוו. ער אַליין איז דערביי געווען. נאָר אַזוי ווי כ אַ פּ ן ע פּ ע ס מוז ער, האָט ער לפנים וועגן צו־געכאַפּט אַן אָרימען אידן, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן באַם שוואָגער. מעגליך, אַז דער דאָזיגער איד האָט אומישנע זיך אָנגערונגען אויף אַזאַ מין „שטעלע“...

אַז זיי זיינען אַוועק, זיינען מיר אַרויסגעקראָכן פון אונטערן בעט...

מיר האָבן זעהר שיין אויסגעזעהן. אויף די שבתדיגע מלבושים איז געהאַנגען שפּינוועבס און עס האָבן זיך געזעהן גרויסע פלעקן פון שטויב, מיט פאַרשמירטע נעזער.

ערשט איצט איז צו מ י ר ג ע ק ו מ ע ן די אימה און — נישטאָ זיך וואָס צו שעמען — איך האָב זיך צעוויינט הויך אויפן קול. איך בין זיך מורה, אַז דאָס זיינען געווען איבעריגע טרערן, נאַרישע טרערן. ווי די אָבלאַווע איז נישט שרעקליך, פונדעסטוועגן דאַרף אַ איד נישט וויינען און נאָך הויך אויפן קול. עס האָט געווים געמוזט אויסזעהן מאוס און נאַריש.

איך מיין, אַז מיין שוואָגער, דערזעהענדיג די טרערן, האָט נ אָ ך מ ע ר פון מיר חרטה געהאַט, וואָס איך בין געקומען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געהאַט צו טון מיט מיר. איך האָב זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַרוהיגן. דער שוואָגער האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. און אַזאַ מין צושטאַנד האָט זיך באַ מיר געצויגן אויך אויף

מאָרגן. איך האָב נישט געקאָנט עסן, נישט טרינקען, און דאָס האַרץ האָט עפּעס גענאָגט און גענאָגט.

מען האָט מיך איבערגעגעבן צו די געסט — יענע זאָלן מיך באַרוהיגן. האָבן זיי מיר דערציילט מעשיות פון מיליאָנערן און זיך געטענטעלט מיט מיר, ווי מיט אַ קינד. די שווער אַבער האָט געבראַכט פון צירקל רעם אָרימען אידן.

— עט! ס'איז גאָרנישט. — האָט ער זיך באַרימט, קומענדיג פון דאָרטן.

— זעהסטו — האָט די שווער פון מיר געלאַכט — אין קאָזע געזעסן און וויינט נישט...

— וואָס האָט איר ד אָ ר ט ן געזאָגט? — האָב איך געפרעגט רעם אידן.

— געזאָגט, אַז איך בין היינט געקומען און דאַרף באַלד אָוועקפאָרן...— האָט דער איד גאַנץ געמיטליך געענטפערט.

איך קוק אויף דעם אידן און טראַכט: פאַרפאַלן. וואָס קאָן איך איצט טון? און מיט וואָס בין איך בעסער פון אַזאַ אידן? ער ליידט, נעבעך, צוליב פּרנסה, לאָמיך אויך ליידן. און מיט געוואַלד האָב איך זיך אָנ־געהויבן צו באַרוהיגן. איך האָב נישט געוואוסט, אַז דעם ט ע ם פון שרעק אין קיעוו וועל איך ערשט ש פּ ע ט ע ר האָבן, אַז ד ע ר שרעק איז אַ גאָרנישט קעגן יענעם, אַז איך וועל זיך געגוג אָנטרייסלען דאָס האַרץ און וויינען מיט גרעסערע טרערן...

---

# קאַפּיטל XVII

איך זוך אַ קראָם. — פּלוצלינג אַ געוויסער. — מיין ווייב מיט די קינדער אין סאַמע געוויסער. — שוין דאָ אַ קראָם. — גרויסע חרטות. — צרות. — קריסטן. — קריסט־ליכע געשעפטן. — דאָס לעבן צווישן אידן מיט רוסן. — אַנדרייעווסקי ספּוסק. — אידן פון אָבלאָוועס. — דער ליטוואַק אין קיעוו. — מיין עובדה. — ר׳ ליב שאַפּירא. — דער פּריסטאַוו מיכאַילאָוו. — מאַדאַם ראָזענבערג. — ר׳ הירש עפּשטיין. — ר׳ משה־יצחק לעווין.

איבערגעגאַנגען דער שבת, געקומען די וואָך, און איך האָב זיך ראָך עטוואָס באַרוהיגט. און אַז עטוואָס באַרוהיגט, האָב איך זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט געשעפט. עס זיינען געווען פאַרשיידענע פּלענער.

נאָר מיין שוואָגערס אַ גוטער פריינט האָט מיר אויפגעגעבן אַ פּלאַן צו מאַכן שותפות מיט אַ היגן תבואה־סוחר. איך וועל דאַרפן אַרומפאָרן אויפקויפן תבואה. דאָס איז אַן ענין. מען האָט מיר געראָטן, איך זאָל דערווייל זיין אַליין אין קיעוו. אַז איך וועל זיך „אַרויפאַרבעטן" און האָבן געניג פּרנסה, וועל איך אַראָפּנעמען דאָס ווייב און קינדער.

איך בין אָבער געווען יונג און נאַריש און האָב נישט געוואָלט זיין אין קיעוו אַליין, אָהן דער פאַמיליע. מיט „הויכע" און געוויס נאַרישע ווערטער האָב איך זיי געגעבן צו פאַרשטיין:

— איך דאַרף זיין אַ פאָטער צו מיינע קינדער און אַ גוטער מאַן צו מיין ווייב... זיי טאָרן נישט זיין אָהן מיר.

מחמת באַקאַליי איז אין קיעוו איינער פון די הויפּט־מסחרים, האָב איך באַשלאָסן דינגען פאַר מיין ווייב אַ באַקאַליי־קראָם. זי וועט זיצן אין קראָם, און איך וועל מיר קריגן אַנדערע געשעפטן. מיין שוואָגער איז אויך געווען קעגן דעם, אַז איך זאָל אַראָפּברייננגען דאָס ווייב. ער איז אוראי גערעכט געווען.

איך האָב אָבער נישט געהאַלטן באַם פאָלגן און ער האָט זיך געפּוילט מיט מיר צו אַמפּערן און האָט געהייסן די באַקאַנטע מעקלער זוכן פאַר מיר אַ קראָם.

רעם ווייב האָב איך געשריבן, אַז זי זאָל פאַרקויפן די גאַנצע כּלי־בית און קומען אויף פּסח קיין קיעוו.

נישט אַזוי שנעל אָבער טוט זיך, ווי עס רעדט זיך, בפרט בײַ אַזאַ בעל־מזל ווי איך בין געווען. וואָרום אַקוראַט אין דער צייט האָט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן דער דניעפּר און די גאַסן פון אַ פּאָר צירקלען זײַנען פאַרטרונקען געוואָרן — אַקוראַט די, וואו אידן האָבן געוואוינט.

קיעווער תּושבים האָבן געזאָגט, אַז זיי געדיינקען שוין נישט פון אַ צייט מיט יאָרן אַזאַ געוויסער.

מײַן שוואָגערס גאַסט־הויז, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון ברעג, איז אַ העלפט פאַרטרונקען געוואָרן. אין דעמזעלבן ראַיאָן זײַנען אַלע הײַזער געשטאַנען אין וואַסער, און אין די גאַסן האָט מען זיך געשיפט אויף לאָדקעס.

הונדערטער מענשן זײַנען רואינירט געוואָרן. מען האָט זיך געוואַלגערט מיט קינדער אויף בוידעמער. עס איז נישט געווען וואָס צו עסן.

געליטן האָבן, פאַרשטייט זיך, נאָר קבצנים, ווייל דאָס געוויסער איז הויפּטזעכליך באַפאַלן דעם קבצנים־ראַיאָן און אידן.

מכּח דינגען אַ קראָם פאַרן ווייב האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זײַן. גאַנצע טעג האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן און געקוקט אויפן גרויסן געוויסער. פאַר מיר איז דאָס אויך געווען אַ נײַעס. אינם וואַסער זײַנען אַרומגעשוואומען בײַנקלאַך, לאָקשן־ברעטער, טישלאַך, קאָטשעלקעס און נאָך פאַרשיידענע כּלי־בית.

ווי געזאָגט, האָב איך מײַן ווייב שוין פריהער געשריבן, אַז זי זאָל קומען. אַ פּראַקטישער מענש, זעהענדיג דאָס געוויסער, וואָלט באַלד אָנגעשריבן אַ צווייטן בריף, אַז זי זאָל נ י ש ט קומען.

איך האָב עס אָבער נישט געטאָן, און עס פאַרשטייט זיך, אַז אין רעכטן געוויסער איז זי אָנגעפאָרן מ י ט ד ר ײַ ק ל ײ נ ע ק י נ ד ע ר ל א ַ ך. מיט גרויס מאַטערניש האָב איך זיי קוים אַרײַנגעבראַכט אין שוואָגערס הויז. דער אויבערשטער עטאַזש איז נישט געווען פאַרטרונקען.

דאָס דריטע קינד איז נאָך גאָר געווען אַ ברעקל, און איך האָב עס געמוזט טראָגן אויפן האַנט אַ שטיק וועג — דעם גאַנצן ברעג. וואָרום קיין דראָזשקע האָט דאָ נישט געקאָנט דורכפאָרן.

איך בין געקראָכן אויף ברעטער און העלצער, וואָס מען האָט אָנגעלעגט דורכצושפּרייזן דאָס וואַסער, און געציטערט, איך זאָל, חלילה, נישט אַרײַנפאַלן מיטן עופעלע אין וואַסער אַרײַן. און בעת מעשה האָב איך זיך געפילט פאַר אַ נאַר און פאַר אַ גאָרנישט. ווי נעמט מען עס אַראָפּ אַ פרוי אין מיטן אַ געוויסער!

מיט צרות זיינען מיר איבערגעקומען דעם ים וואַסער. מיט צרות האָבן מיר איבערגעלעבט די ראָזיגע שווערע טעג.

נאָך פּסח האָבן מיר אָנגעהויבן ענערגיש צו זוכן אַ געוועלב מיט אַ דירה אינאיינעם, וואָס אין קיעוו טרעפט מען עס גאַנץ אָפט.

מאַכט זיך מיר אָפּצוקויפן אַ קראָם מיט סחורה בײַ איינעם אַ אידן, וואָס האָט געוואוינט אין אַ קריסטליכער גאַס. עס איז געווען קלאָר, אַז דער איד האָט דאָרט געמאַכט זעהר שלעכטע געשעפטן, וואָרום ווער וועט עס קומען צו אים קויפן, אַז אַ איד איז דאָרטן נישטאָ אויף אַ רפואה? און, ווידער, פאַרוואָס פאַרקויפט עפּעס אַ איד די קראָם? נאָר ווי אַן עכטער מנחם־מענדל, צעטומלט, צעהיצט, פאַררולט, האָב איך געכאַפּט און אָפּגעקויפט די קראָם.

ערשט, אַז איך האָב אָפּגעקויפט די קראָם, האָב איך דערזעהן, אַז דער בעל־הקראָם האָט מיך סתם פיין אָפּגענאַרט. די סחורה איז גאָרנישט ווערט געווען דאָס געלט, וואָס איך האָב באַצאָלט. און דאָס איז באַזונדער געווען אַ ריס אין האַרצן.

אין „אַ שיינעם פריהמאָרגן" האָבן מיר זיך אַרייַנגעצויגן אין דער דירה, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער קראָם. אַז אַריין אין דירה — איז אַריין אין קראָם. זיצט מען עטליכע טעג, זעהט מען, אַז די קראָם איז אויף צרות. קיינער שמעקט גאָר נישט אַריין. אַ נעכטיגער טאָג. כאָטש זיץ און קוק אויף די ווענט.

און אָט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווער לעבן מיט חרטות, מיט פּלאָג, מיט פאַרדראָס, מיט האַרצווייטאָג, מיט יסורים, וואָס זיינען בולטער און פיינליכער אין אַ גרויסער שטאָט, איידער אויפן דאָרף.

זוך איך שוין אַנדערע פאַרדינסטן. איך האָב זיך באַקאַנט געמאַכט מיט אידן — נגידים און גבירים; האָב איך זיך אַרום זיי געבאָמבלט, אפשר וועט עפּעס אַרויסקומען דערפון. אָבער עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. ווייל דאָס איינציגע, פון וואָס איך וואָלט געקאָנט בײַ זיי פאַרדינען, איז געווען מעקלעריי, און צו דעם, להיפּוך מנחם־מענדלען, האָב איך נישט געטויגט.

מען דאַרף זיין אַ פּליאַדער, אַ ליגנער, אַ פּלוידערזאַק, און מיין צונג איז נאָך געווען נאַאיוו און אומשולדיג אָדער נאַריש.

איך בין געווען אויף צרות. נישט האָבנדיג וואָס צו טון און נישט קאָנענדיג זיצן אין אַ קראָם אָהן לייזונג, האָב איך געבלאָנקעט איבער די גאַסן און צוגעקוקט זיך, ווי די גוים לעבן. צייטנווייז פּלעגט אָננעמען אַ קנאה. זיי האָבן געוואוינט וואונדערליך ריין, וואונדערליך ציכטיג. די געשעפטן זייערע האָבן געבלאַנקט. קויפן בײַ אַ גוי איז געווען גאַנץ אַנגענעם.

גלייך ווי מען קומט אַריין אין אַ גויאיש געשעפט, ציהט דער בעל־הבית אַראָפּ דעם הוט מיט אַ העפליכן שמייכל, קריכט נישט מיט אַ סך רייד צום קונה, רעדט בכלל געלאַסן, זאָגט געלאַסן דעם פּרייז און וואַרפט באַלד נישט אַראָפּ און מיט ריינע ציכטיגע פינגער באַווייזט ער דעם אַרטיקל, וואָס דער קונה געברויכט.

באַ אַזאַ באַהאַנדלונג ווערט דער קונה אָפּהענטיג אָדער ער באַקומט צוטרוי צום פאַרקויפער, און זעלטן גייט ער אַרויס פון קראָם מיט ליידיגן.

פאַר מיין צייט זיינען די רוסן געווען זעהר אויסגעאַרבעטע סוחרים און האָבן אויסגעצייכנט גוט געטוינט צו געשעפט.

זיי זיינען אַודאי נישט אַזוי ראַיעל געווען, ווי זיי האָבן זיך אויסגעוויזן. קויפן באַ אַזאַ איינעם אַ גרויסן טראַנספּאָרט סחורה איז טיילמאָל געווען אפילו אַ ריזיקע. און זאָגאַר אַ קאָנטראַקט האָט נישט פאַרזיכערט. זיי האָבן שטענדיג געמאַכט אַזוינע קונצן אין קאָנטראַקט, אַז ער האָט, סוף כל סוף, קיין מאַכט נישט געהאַט.

אָבער דאָס איז נאָר געווען באַ גרויסע טראַנספּאָרטן סחורה. עס פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע סוחרים זיינען אַזוי געווען. עס וואָלט גאָר געווען אַ פאַרברעך אַזוי צו באַהויפּטן. איך האָב געקאָנט אַ סך ערליכע, זעהר ראַיעלע קריסטליכע סוחרים, געשעפטס־לייט, קרעמער.

אידן מיט רוסן האָבן זעהר גוט געלעבט, הגם אַמאָל פלעגט זיך דער רוס אַ זאָג טון אָהן שום כעס, סתּם אַזוי זיך:

— זשיד פּראָקליאַטי!..

גלאַט אַזוי זיך, פון וואוילטאָג ווענן...

עסן־פּראָדוקטן האָבן אין קיעוו געקאָסט זעהר ביליג און דער עולם האָט געגעסן. רוסן האָבן געגעסן אַ סך, און אידן אויך נישט ווייניג. רוסן האָבן אָבער אין זיך בראָנפן געגאָסן, פונקט ווי וואַסער.

דער עולם, געריינק איך, האָט אויך אָהן אַ צאָל געגעסן „מאַסלינעס“, אַ פּרי, צו וועלכער מען דאַרף זיך פריהער צוגעוויינען.

באַלד ווי איך בין געקומען, האָב איך דאָס נישט געקאָנט עסן. עס האָט געעקלט דערפון. דערנאָך אָבער, ביסלעכוויז, בין איך צוגעוויינט געוואָרן און האָב עס שטאַרק ליב באַקומען.

פאַר אַ וואוינונג האָט מען געצאָלט, לפי ערך, גאַנץ ביליג, און די בעלי־בתּים פון הייזער האָבן אויך נישט געהאַט אַזאַ מאַכט, ווי דאָ אין וואַרשע. האָט אַ שכן נישט געצאָלט קיין דירה־געלט, האָט ער נישט געקראָגן באַלד אַרויסגעוואָרפן, ווי אין דעם „קליינעם פאַריזש“. דער בעל־הבית האָט געוואַרט: טאָמער, טאָמער וועט דער שכן פאָרט באַצאָלן.

און דאָס רוב האָט אַזאַ בעל־הבית זיך נישט גענאַרט און קיין היזק נישט געהאַט . דער אָרימער שכן האָט דאָך באַצאָלט.

פאַר די פינף יאָר צייט, וואָס איך האָב געוואוינט אין קיעוו, האָב איך נישט געהערט און נישט געזעהן, אַז אַ בעל־הבית זאָל אַרויסוואַרפן אַ שכן פון דירה פאַר נישט באַצאָלן דירה־געלט. און איך מעג אפשר באַהויפּטן, אַז נאָך דער ב ר י י ט ע ר מ אַ כ ט, וואָס די וואַרשעווער ווירטסלייט נוצן אויס בנוגע צו זייערע שכנים, זיינען דאָך די קיעווער לאָקאַטאָרן ו ו י י נ י ג ע ר שולדיג געווען זייערע ווירטסלייט, ווי אין וואַרשע.

קיעווער אידן האָבן זיך קאַלט באַצויגן צום ליטוואַק. דער מזל פון ליטוואַק איז שוין אַ ז ו י.

איבעריגנס, איז דאָס נישט געווען געפערליך. דער ליטוואַק האָט זיך געמאַכט נישט זעהענדיג און האָט דאָרט געפירט די בעסטע געשעפטן. פון די בתּי־מדרשים איז דער שענסטער און דער בעסטער געווען — דער ל י ט ו ו י ש ע ר, און דער סאַמע אָנגעזעהענסטער רב — א ו י ך ד ע ר ל י ט ו ו י ש ע ר. אַוודאַי: די ליטווישע אידן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין שטאָט, און צו די אינטערעסן פונם אייגענעם פאָלק זיינען זיי געווען מ ע ר איבערגעגעבן, איידער די רייכע אידן פון אַן אַנדער געגנט.

אין מיין צייט האָט אין קיעוו געוואוינט איינער אַ ליטווישער גביר, ר׳ ליב שאַפּיראָ. אַ מינסקער איז ער געווען. אין קיעוו האָט ער געהאַט אַ פאַבריק פון זייף. ער איז געווען אַ גרויסער נדיב און בּאַ אים איז געווען אַ ן אָ פ ן הויז פאַר אַ ל ע עלנטע.

סיי ער און סיי זיין פרוי האָבן זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די פאַרוואָגלטע אידן, וואָס פלעגן געכאַפּט ווערן אין די אָבלאַוועס פון פּאָליציי. נישט ווייניג אידן האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון די פינסטערע קיעווער קאָזעס און אַוועקגעשיקט אַהיים. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ ליכטיגער און ליבער ליטוואַק, ווי ר׳ ליב שאַפּיראָ, איז אין קיעוו געווען נישט איינער.

פאַרבּיי מיין געוועלב אוי ף אַ נ ד ר י י ע ו ו ס ק י ספּוסק, פלעגט מען גראָד דורכפירן אַלע אין דערפריה די ג ע כ אַ פּ ט ע אידן, נאָך דעם ווי זיי האָבן אָ פּ ג ע ש ו ו אַ ר צ ט אַ נאַכט אין צירקל.

פירן פלעגט מען זיי צום אָבער־פּאָליצמייסטער. פון דאָרטן פלעגן זיי אַרויסגעשיקט ווערן מיטן עטאַפּ אַהיים. אין דער אַרעסטירטער מחנה פלעגן זיך דאָס רוב דורכוואַרפן אַלטע אידן, ווייבער, קאַליקעס און קליינע מיידלאַך.

מיין עובדה איז דעמאָלט געווען — אָפּוואַרטן די אַלע אַרעסטירטע, און ווען מען פלעגט זיי דורכפירן פאַרביי מיין געוועלב, פלעג איך אַריינ־רוקן דעם „סטאַרשי גאָראָדאָוואָי" אַ פּאָר קאָפּיקעס און דערפאַר פלעגט ער מיר ערלויבן מיטגיין אַ געוויסע שטרעקע מיט די אַרעסטירטע.

אין דער צייט פלעג איך בײַ זיי אויספרעגן די נעמען און די אַדרעסן, וועלכע איך פלעג באַלד איבערגעבן אין ר׳ ליב שאַפּיראָס הויז.

באַזאָרגן די אָבלאַווע־אידן איז דעמאָלט געווען איינע פון די וויכטיגסטע זאַכן בײַ די קיעווער אידן. עס האָט זיך שוין אַזוי אויסגעאַרבעט. וואָרום אַ איד האָט נישט געקאָנט נישט העלפן אַ אידן, וואָס מען האָט געכאַפּט....

פון ר׳ ליב שאַפּיראָס הויז איז מען שוין באַלד געלאָפן צום פּאָראָלער פּריסטאַוו מיכאַילאָוו, אַריינגערוקט אַ מטבע אין יד אַריין און געפּועלט, וואָס מען האָט באַדאַרפט. אַלע טאָג אין יד אַריין איז נישט קיין קליינינ־קייט, און מען האָט טאַקע געזאָגט, אַז דער פּריסטאַוו מיכאַילאָוו איז „אָנ־געשלאָגן מיט געלד״.

אין דערזועלבער צייט זיינען געעפנט געוואָרן צוויי ביליגע אידישע קיכן פון דעם באַקאַנטן גביר ראָזענבערג, וואָס איז געווען באַראָן גינזבורגס אַ שוואָגער.

אין די דאָזיגע קיכן האָט מען זיך זעהר גענוויטיגט, וואָרום איבערן שטאָט האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט נישט ווייניג קבצנים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שטעלעס און וואָס עס האָט זיי שטענדיג דערפעלט „קלינגערס״ צו אַ מיטאָג.

זעהר אַן אינטערעסאַנטע פרוי איז געווען די מאַדאַם ראָזענבערג. דאָס איז געווען אַ פילאַנטראָפּין מיט אַן אמת וואַרעם האַרץ, מיט עכטער באַרעמהאַרציגקייט.

אַלע טאָג פלעגט זי קומען צופאָרן פון קרעשטשאַטיק אויף פּאָדאָל אין דער ביליגער קיך אַריין — אין אַ שיינער קאַרעטע, מיט אַ פּאָר פערד, מיט אַ לאָקיי. צום קאַרעט פון הינטן איז געווען צוגעבונדן אַ שיין קעסטל.

אין דער קיך פלעגט זי צווישן די פאַרשיידענע פאַרשווינען: קבצנים, צעבראָכענע אינטעליגענטן, געפאַלענע סוחרים, צעקאַלעטשעטע אַרבעטער, אויסגעהונגערטע מעקלער און דעסגלייכן — אויפזאַמלען שריפטליכע בקשות און אַריינוואַרפן זיי אין קעסטל.

די דאָזיגע בקשות פלעגן שוין פריהער צוזאַמענגעשטעלט ווערן און באַשטעטיגט ווערן דורכן ליטווישן רב.

צום ביישפּיל, איינער האָט באַדאַרפט אַוועקפאָרן און האָט נישט געהאַט קיין הוצאות. פלעגט ער אָנשרייבן אַזאַ מין בקשה, און דער רב, צו וועלכן ער פלעגט זיך ווענדן נאָך אַ באַשטעטיגונג, פלעגט אים אויספרעגן, צי וויל ער באמת אַוועקפאָרן און האָט קיין הוצאות נישט. באַלד נאָכדעם פלעגט ער לייגן זיין שטעמפּל אויף דער בקשה.

דערנאָך פלעגט אַזאַ איינער קומען אין דער בילינער קיך און איבער־געבן די בקשה דער מאַדאַם ראָזענבערג. אין דערהיים פלעגט די מאַדאַם איבערקוקן די בקשות, און יעדערער פלעגט שוין געהאָלפן ווערן.

אַ סך פלעגט איר דערין באַהילפיג זיין ר׳ ישראל בראָדסקי. בראָדסקיס הויז איז דעמאָלט בכלל געווען אַ הויז פון צדקה און פון כלל־אַרבעט.

אָבער זעהר, זעהר שיין איז אויך געווען ר׳ הירש עפשטיין. אַ גאָלדן האַרץ האָט ער געהאַט. דאָס איז געווען אַ איד, וואָס האָט בפועל ממש נישט געקאָנט עסן, טרינקען און שלאָפן צוליב פרעמדער אָרימקייט, צוליב פרעמדער עלנטקייט, צוליב פרעמדן צער. אַליין האָט ער געהאַט וויניג געלט. ער האָט אָבער געקאָנט זאַמלען געלט און שיין, פאַרבאָרגן און שטיל צעטיילן עס צווישן נויט־ליידנדיגע.

דאָס איז געווען אַ איד, וואָס אויף אים האָט מען באמת געקאָנט זאָגן, אַז יענעמס צער איז זיין אייגענער צער, יענעמס נויט — זיין נויט. ער האָט נישט גערוהט צוליב יענעם, און קיעווער אידן, אפילו די קיעווער לופט פון די אָרימע גאַסן באַדאַרפן אים, דוכט זיך, געדיינקען אויף דור־דורות.

נאָך אַ סך, אַ סך גוטע, וואוילע, האַרציגע קיעווער אידן קומען מיר אויפן זכּרון, אָבער ווער קאָן זיי אַלע אויסרעכענען. וואו נעמט מען עס אָרט און צייט דערצו.

איינס נאָר קאָן איך זאָגן, אַז פאַר מיין צייט אין קיעוו האָב איך געהאַט דאָס גליק צו קענען אַ היפּש ביסל גרויסע, הייסע און שיינע אידן, וואָס האָבן געלעבט שיין און געשטאָרבן שיין, וואָס זיינען געווען איבער־געגעבן זייער פאָלק ביזן לעצטן אָטעם, ווי דרייסטע און בראַווע סאָלדאַטן.

נאָר ווי דערמאָנט מען נישט, ווי לאָזט מען דורך אַזאַ טשיקאַווען און אַזאַ טייערן אידן, ווי ר׳ משה־יצחק לעווין איז געווען. איצט, בעת שמד און אַסימילאַציע טאַנצן זייער שוואַרצן נורנעם טאַנץ אויף דער אידישער גאַס, קומט ער אַרויף אויפן זכּרון נאָך ליכטיגער און העלער, נאָך וואַרעמער און נעהענטער...

דער דאָזיגער ר׳ משה־יצחק לעווין איז גאָר געווען אַ קאַרלינער און געקומען איז ער מיר אויפן זכּרון צוליב זיין געראָטענעם זון, ר׳ שמואל לעווין, וואָס האָט געוואוינט אין קיעוו און וואָס איז געווען איינער פון די בעסטע קיעווער כלל־טוער.

ר׳ שמואלס פאָטער ר׳ משה־יצחק לעווין האָט געשאָטן צדקה, ווי האָגל, און אין אייניגע שטעט האָט ער אויסגעבויט תּלמוד־תּורות. צו תּלמוד־תּורות האָט ער געהאַט אַ באַזונדער שוואַכקייט. אַריינגנעמען אָרימע קינדערלאַך אין אַ הויז, באַשוכן זיי, באַקליידן זיי, געבן זיי עסן צו דער צייט און לערנען זיי — איז געווען זיין גרעסטער תּענוג.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ תּענוג האָט געקאָסט נישט ווייניג. און זיינע תּלמוד־תּורה־אינגלאַך זיינען, חלילה, נישט געגאַנגען אָפּגעריסן, ווי עס טרעפֿט אַמאָל אין אַ אידישער שטאָט. נײַן, גוט באַשוכט און באַקליידט זיינען זיי געווען, און פֿון פּנימל איז אינגאַנצן אַראָפּגעווישט געווען דער בלייכער אויסדרוק פֿון הונגער.

אין ר׳ משה־יצחקס שול־שטענדער איז אויך געווען אַ קעסטל פֿאַר בקשות, און אַלע טאָג, בעת ער פֿלעגט אַראָפּנעמען דעם טלית און תּפֿילין פֿון זיך, פֿלעגט ער זיך נעמען צום קעסטל פֿון שטענדער... עס איז איבעריג צו זאָגן, אַז די בקשות פֿלעגן באַזאָרגט ווערן.

און אַ מאָרגע זאַך: אין געשעפֿט איז ר׳ משה־יצחק געווען זעהר אַ האַרטער. ער האָט נישט נאָכגעלאָזט אַ האַלבן גראָשן. ווער עס האָט מיט אים געהאַנדלט, האָט זיך אויפֿגעגעסן אַ שטיק האַרץ.

עס האָט אויסגעזעהן, ווי אין אים וואָלטן געזעסן צוויי מענשן: איינער אַן אכזר פֿאַר געשעפֿט, און איינער אַ צייר, אַ מלאך — פֿאַרן איינגענעם פֿאָלק...

נאָר אפשר איז ער געווען אַן אכזר אין געשעפֿט צוליב דעם, אַז ער זאָל קאָנען דערנאָך זיין אַ מלאך פֿאַרן פֿאָלק — פֿאַר אָרימע תּלמוד־תּורה־אינגלאַך, פֿאַר דערשלאָגענע, צעבראָכענע הערצער און פֿאַר וויכטיגע צדקה־אַנשטאַלטן?

האָט ער אַמאָל געהאַט היזק אין געשעפֿט, פֿלעגט ער זיך דעמאָלט אויסדריקן בזה הלשון:

— נישקשה, מיין פֿאָלק וועט מיר העלפֿן...

איז געווען באַ אים איינמאָל אַ שׂרפֿה, האָט ער אַלעמען בעת מעשה פֿאָטערליך געטרייסט:

— נישקשה, מיין פֿאָלק וועט מיר איינלעשן...

זיין פֿאָלק — דאָס זיינען געווען די תּלמוד־תּורות מיט די הונדערטער אינגלאַך, די טריבע פֿאַרוואָגלטע אידן, וואָס פֿלעגן אים וואַרפֿן הונדערטער בקשות אין שטענדער אַריין, די גרויסע צדקה־אַנשטאַלטן א. אַז. וו.

— אָט וואָס אַרט אייך, מיין פֿאָלק וועט מיר העלפֿן...

דאָס איז געווען זיין געליבט ווערטל.

און זיין פֿאָלק איז אים טאַקע טריי און דאַנקבאַר געווען. אויף דער שׂרפֿה זיינען אָנגעלאָפֿן אידן ווי בינען און מען האָט איינגעלאָשן.

איינמאָל האָט מען באַ ר׳ משה־יצחקן אַרויסגעגנבעט אַ געוואַלדיגע סומע פּאַפּיר־געלט. אַז ער האָט עס דערהערט, האָט ער גאַנץ געמיטליך אַרויסגעזאָגט:

— עסט זיך נישט אָפּ דאָס האַרץ, מיין פאָלק וועט מיר געפינען די גנבה...

צו זיין הצלחה, זייען טאַקע אין אַ קורצער צייט אַרום געפונען געוואָרן די גנבים מיטן געלט אינאיינעם, עפּעס אַ קלייניגקייט האָט געפעלט.

און דעמאָלט האָט ער גאָר טריאומפירט:

— זעהט איר שוין, ווי מיין פאָלק זאָרגט פאַר מיר? זעהט איר שוין? זעהט איר שוין?

און ער האָט קיינעם נישט אָפּגעלאָזט און אַלץ אויפגעוויזן, אַז גוטסקייט ווערט שטענדיג געצאָלט מיט גוטסקייט. והא ראיה — אָט האָט מען געפונען די גנבה...

עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר מיינע צייטן איז די הילף פאַר דער קיעווער אידישער אָרימקייט און דלות זעהר גוט אָרגאַניזירט געווען. ווינטער זיינען אַלע קיעווער קבצנים באַהאָלפן געוואָרן מיט האָלץ און ברויט. פּסח איז אַ סך געלט צעטיילט געוואָרן אויף מצה, און אָרימע־לייט האָבן געקאָנט זיצן רוהיג באַם טיש.

פאַר אַ יום־טוב האָט שוין דער גוטער עפּשטיין נישט געלעבט, איז כסדר אַרומגעלאָפן צו די געבער, געוויזן אַ רעכענונג, וויפיל מען דאַרף האָבן, ווי גרויס עס איז די „קאָמאַנדע" פון קבצנים, געשלעפּט געלט ווי וואַסער און געטיילט ווי וואַסער.

געבן דירעקט אַן אָרימאַן האָט באַזונדערס שיין געקאָנט ר' הירש עפּשטיין.

ר' הירש עפּשטיינס געבנדיגעהאַנט האָט קיינמאָל נישט געקאָנט באַליידיגן דעם אָרימאַנס געפילן, רעם אָרימאַנס אויגן...

דאָס איז זעהר אַ שווערע זאַך און זעהר אַ זעלטענע זאַך.

גוטסקייט אַליין איז נאָך ווייניג.

דערצו דאַרף מען נאָך האָבן אַ גרויס האַרץ און אַ סך שיינקייט אין זיך, דאָס הייסט מען דאַרף קאָנען פיין פילן.

און דעריבער מיין איך, אַז דער שענסטער איד אין קיעוו, פאַר מיין צייט, צווישן אַזוי פיל שיינע גרויסע אידן, איז דאָך געווען דער גאָלדענער, דער האַרציגער ר' הירש עפּשטיין...

---

# קאפיטל XVIII

**קיעווער אידן. — חסידים. — ציגיינערקעס, האנטטרעפערס און א שיינעצל. — א מעשה מיט א רבין. — רביים און צירונג. — ר׳ דודל טאלנער. — דוד מלך ישראל חי וקים. — ר׳ אשר קארלינער. — די געהויבענע חתונה בא ר׳ אשר קארלינער און דעם טריסקער רבין. — חסידים–קאָזאקן. — ר׳ ישראלס קאָזאצקער מארש. — א לעגענדע מיט א שיינעם סוף. — דער זשיטאָנער באזאר. — אידישע האָפענונגען. — פרייערע ווינטן. — דער פריסטאַוו מיכאילאָוו און א אינגל א רעוואָלוציאָנער. — א באקאנטע טראגעדיע פון אידישע עלטערן.**

אין קיעוו זיינען דעמאָלט געווען אַ סך חסידים, אָבער אָהן אַ קהלה, אָהן אַ כולל.

דאָס רוב קיעווער חסידים זיינען געווען ווייט פון חסידות. זיי האָבן גאָרנישט געהאַט קיין באַגריף, וואָס הייסט חסיד און וואָס הייסט חסידות, און צום רבין איז מען נישט געפאָרן, ווי דאָ אין פוילן, מחמת עקסטאַז, מחמת גרויס גלויבן, מחמת ליבע צום חסידישן כולל.

דאָס איינציגע, וואָס האָט קיעווער חסידים אָנגעהאַלטן אָן חסידות, איז געווען דער מופת, אין וואָס זיי האָבן געגלויבט.

דער רבי, צום ביישפּיל, קאָן זיין אַ רופא חולים און אַ מתיר אסורים, און ער קאָן געבן עקרות קינדער.

עס פאַרשטייט זיך, קוים איז זייער חסידות פאַרגליווערט געוואָרן אויפן מופת, האָט מען שוין געגלויבט אין טאָטערן און אָווטשאַרעס, אין קאָרטן־וואָרפערקעס און אין ציגיינערקעס און אין אַלע יענע פאַרשווינער, וואָס קאָנען חכמת היד א. אַז. וו. א. אַז. וו.

פלעגן טאַקע זיך אָפטער באַווייזן ציגיינערקעס אויף די קיעווער גאַסן, זיי פלעגן אָפּשטעלן דעם רייכסטן אידן, געוויינליך, אַ חסיד, און געבעטן באַ אים ווייזן די האַנט, וואָס יענער האָט אָהן קווינקלעניש באַלד געטאָן.

די ציגיינערקע האָט באַקוקט די האַנט און געזאָגט, וואָס עס וועט מיטן חסיד פאַסירן.

געווען אין אַ קיעווער פּאָרשטאָט עפּעס אַ קראַנק שײגעצל, אַ בעל־מופת, און אידעלאַך זײנען געגאַנגען צום שײגעץ בעטן, ער זאָל אויסהײלן אַ װײַב צי אַ קינד, אָדער ער זאָל זאָגן, װאו עס געפינט זיך די גנבה...

דער פאָטער פון שײגעץ איז געשטאַנען פאַר דער טיר פון שטוב און גענומען פון יערן פופצען, צוואַנציג קאָפּיקעס אָדער אַ פלעשל בראַנפן און אַן עולם איז געווען אַ גרויסער.

איבעריגנס, מיט דעם ראָזינן שײגעצל האָט סתּם געקערט קיעוו און באַזוכט האָבן אים נישט נאָר אידן אַליין.

די גאַס, װאו דאָס שײגעצל האָט געוואוינט, איז געווען פאַרשטעלט פון קאַרעטעס און עקיפּאַזשן, און מענשן האָבן זיך גערדרייט, װי מוראַשקעס אין אַ מוראַווייניק. די מופתים, וואָס ער האָט באַוויזן, זײנען געווען געוואַלדיגע...

איך, וואָס איך בין שוין געווען אַ שטיקל בקי אין דער מדרגה פון אַ מופת און וואָס איך האָב זיך שטענדיג אָנגעהערט אַזוי פיל מופתים־מעשיות פון לײבקע שול־רופער, מוז זיך מודה זײן, אַז איך האָב נאָך אַזוינס נישט געהערט. אַפילו די וואונדערליכסטע מופתים און מעשיות פון אַ חסידישן רבין, להבדיל, זײנען געווען שוואַך כנגד דעם קראַנקען שײגעצלס אַ וואונדער.

איך האָב זיך ערשט דערמאָנט, למשל, ווי די חסידים האָבן דער־צײלט באַם טאַטנס טיש „אַן אמתע" מעשה מיט אַ רבין.

צו אַ חסידישן רבין האָט דער בית־דין של מעלה צוגעשיקט צוויי נשמות, וואָס האָבן אויף דער וועלט געטאָן איין עבירה. דער רבי האָט זיי באַראַרפט משפּטן.

האָט דער רבי געטראַכט און געטראַכט און אויסגעטראַכט אַזאַ פּסק־דין: איין נשמה זאָל לאַנג געפּײניגט ווערן פון די מלאכי־חבלה, און דערנאָך פאַרוואָגלט ווערן אין גיהנם, און די צווייטע נשמה זאָל אַרײנגײן אין גן־עדן און דאָרט אויסרופן אויפן קול פאַר די אויסגעלײטערטע צדיקים אַלע אירע עבירות, וואָס זי האָט געטאָן אין איר לעבן.

האָט די צווייטע נשמה אָנגעהויבן שטאַרק צו װײנען און בעטן רחמים באַם רבין, אַז ער זאָל זי בעסער משפּטן מיטן משפּט פון דער ערשטער נשמה, וואָרום זי שעמט זיך זעהר אויסצורופן אירע עבירות פאַר אַלע צדיקים אין גן־עדן.

האָט דער רבי געזאָגט:

— פאַרפאַלן! אַזוי האָב איך געפּסקענט!

איז די נשמה אַרויס מיט אַזאַ יאָמער און געוויין, אַז די גאַנצע שטאָט מענטשן האָבן עס דערהערט און זיך אויך פונאַנדערגעוויינט.

דעם רבינס האַרץ איז אָבער נישט ווייכער געוואָרן, און די צווייטע נשמה איז נעבעך אַוועק אין גן־עדן מיט גרויס חרפּה.

אָבער וואָס קלעקט אָט דעם רבינס משפּט מיט די צוויי נשמות אַנט־קעגן די גרויסע מופתים פונם קליינעם פּויערל?

מען האָט דערציילט, אַז דער קיעווער גובערנאַטאָר אַליין איז געקומען צופאָרן צום פּויערל פרעגן, ווער וועט מנצח זיין אינם רוסיש־טערקישן קריג. דאָס איז געווען אַקוראַט אין דער צייט פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה. דער שייגעץ האָט פאַרזיכערט דעם גובערנאַטאָר, אַז אונזערע וועלן געווינען, און דער גובערנאַטאָר איז אַוועקגעפאָרן צופרידן.

פון אָנהויב פלעגט מיך באַ די קיעווער אידן איבעררַאשן די אויס־געלאַסנקייט, וואָס האָט זיך גאַנץ רוהיג צוזאַמענגעלעבט מיט איבער־גלויבעריי. איך פלעג עס עפּעס נישט קאָנען משיג זיין.

מיינער אַ שכן, אַ רייכער איד — אַ חסיד, איז איינמאָל שבת געזעסן מיט זיינע געסט — חסידים אויפן גאַניק און גערויכערט ציגאַרן. בין איך גראָד פאַרבייגעגאַנגען. זיי האָבן מיך צוגערופן; בין איך צוגעגאַנגען און צוגעלעגט אַ אויער צו זייער שמועס.

מען האָט גערעדט פון פאַרשיידענע מופתים און רביים. נאָר אַז עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ ציגיינערקע, האָבן זיי איר געגעבן די האַנט, זי זאָל זיי פאָראויסזאָגן וועגן זייער צוקונפט.

חסידים, ווי געזאָגט, זיינען געווען אַ סך אין קיעוו, הגם חסידים־שטיבלאַך — ווייניג. און דעמאָלט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז חסידות איז אַזאַ אַרטיקל, וואָס וועט נישט אויסגיין, ווי מיר האָט זיך פריהער געדוכט.

איך האָב מיר פריהער געקלערט, אַז חסידים וועלן ביסלעכווייז ווערן ווייניגער און ווייניגער, דער חסידישער גייסט וועט זיך אויסוועבן צוליב השכלה און נאָך אַזוינע זאַכן. איצט אָבער האָב איך איינגעזעהן, אַז השכלה קאָן זיך זיין השכלה, און חסידות — חסידות.

און השכלה קאָן נישט פאַרלעשן דאָס קנאַקנדיגע פייערל פון חסידות...

איך האָב געהאַט אַ גוטן באַקאַנטן: אַ פאַרוואַלטער פון אַ גרויסן פוץ־געשעפט. האָט ער מיר דערציילט, אַז פון מאַקאַריעווער רבינס הויז לייזן זיי פאַר לוקסוס־זאַכן, ווי בושעזשקעס, שפּיצן, שניר, האַפטונג צו ראַמען־קליידער, שיינע עטליכע טויזנט רובל אַ יאָר.

דער רבי שטייט בײַ זײַ אין קרעדיט איצט אין פופצען־הונדערט רובל, און עטוואָס פריהער האָט דעם מאַקאַריעווער רבינס שנור געקויפט פאַר זיך באַפּוצונג צו איין קלייד פאַר הונדערט און פופציג רובל.

— אמת — זאָגט ער — די סחורה איז טאַקע מער נישט ווערט ווי אַ פערציג רובל. דאָס געבעטן — דאָס געגעבן... בײַ די ראָזינע איז נישט שלעכט צו פאַרדינען... זיי האָבן זיך פיינט צו דינגען... זיי דינגען זיך נישט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און זיך פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ גאַנץ פאַרשטענדליכן געלעכטער.

ווי אַזוי ר׳ דודל, דער טאַלנער רבי, האָט געלעבט, איז באַוואוסט. אין שטוב איז ער געזעסן אויף אַ זילבערנעם שטול, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט דער נאָמען דוד, און אַרויספאָרן פלעגט ער אין אַ טייערער קאַרעטע מיט אָרלער־פערד.

איינמאָל איז ער געקומען קיין קיעוו. די שטאָט האָט אויפגעקאָכט. אַלע אידן זיינען געלאָפן זעהן דעם גרויסן רבין. אַז דער רבי איז געפאָרן אין גאַס אין דער טייערער קאַרעטע, זיינען אידן נאָכגעלאָפן און געשריען:

— דוד מלך ישראל חי וקים.

האָט זיך געפונען עפּעס אַ איד, וואָס האָט געמסרט. דערויף איז שטענדיג דאָ אַ איד. ראָרט, וואו מען באַדאַרף, האָט ער איבערגעגעבן:

— אידן שרייען אין גאַס: דוד מלך ישראל חי וקים.

איז געקומען פּאָליציי צום רבין און אים אַרעסטירט, דערבײַ איז איינגעשריבן געוואָרן אין פּראָטאָקאָל, אַז די אידן רופן דעם רבין דוד המלך. דעם רבין האָט מען אַריינגעזעצט אין קיעווער טורמע.

די מעשה האָט אויפגעהויבן אַ געוואַלדיגן רעש בײַ אידן און עס האָט אָפּגעקאָסט אַ סך צענער־טויזנטער רובל.

דער באַנקיר קופּערניק, דעם אַרוואָקאַטס פאָטער, האָט זיך שטאַרק געסטאַרעט ר׳ דודן צו באַפרייען. דער באַרימטער טאַלנער רבי איז באַפרייט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן אָבער האָט ער אויפגעהערט אַרויסצופאָרן.

ר׳ דודל טאַלנער האָט מיך איצט דערמאָנט אָן דעם קאַרלינער רב ר׳ אשר און אָן אַ קייזערליכער חתונה פון ר׳ אשרס אַ טאָכטער מיטן טריסקער רבינס אַ זון.

איך בין דעמאָלט נאָך אַ אינגל געווען און האָב גענוי געוואוסט וועגן דער גרויסער חתונה, וואָס האָט אויפגערודערט אַ וועלט.

מען האָט פאַרבעטן אַלע רביים און אַלע כּלי־זמר און אַלע בּדחנים פון גאַנצן אידרשן תּחום, און וועגן חסידים — סאָלראַטן איז שוין גאָר נישטאָ וואָס צו ריידן.

עס זיינען געווען צענדליגער טויזנטער מענשן. גאַנץ קאַרלין איז געווען געפּאַקט מיט מענשן.

אַלע הייזער, אפילו גאַסן זיינען געווען געפּאַקט מיט חסידים.

אין די גאַסן זיינען געשטאַנען גרויסע קאַרן בּראָנפן מיט לעקעך און פאַרשיידענע צובייסונגען. אין פאַרשיידענע ערטער האָבן געשפּילט אַנדערע כּלי־זמרים און אין פאַרשיידענע ערטער האָבן בּדחנים געדערט און פריילך געמאַכט.

געגאַנגען איז מען אָנגעטאָן אין זיידענע און אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט שטריימלאַך.

דעם טאָג פון דער חתונה האָבן זיך אַלע חסידים צעשטעלט אין שפּאַליערן בּאַ די זייטן גאַס, וואו די חתן־כּלה בּאַראַרפן דורכפאָרן צו דער חופּה.

צוויי קאַרעטעס האָבן בּאַראַרפט פאָרן: אין איין קאַרעט דער חתן, אין דער צווייטער די כּלה. אין דעם חתנס קאַרעט זיינען געווען געשפּאַנט עפּעס אַ דרייצען פערד כּנגד שלש־עשרה מדות. גאָלד און זילבער האָט געלויכטן פון אַלץ. די פערד, האָט מען געזאָגט, זיינען געווען גלגולים פון גרויסע מענשן. איך האָב שוין פאַרגעסן די נעמען פון די אַלע גרויסע נשמות, וואָס זיינען פּאַטריאָטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פערד...

די פּינסקער און מינסקער גבירים האָבן געפּועלט בּאַם גובּערנאַטאָר, ער זאָל ערלויבן אויף אַ ווײַלע צו מאַכן חסידים פאַר „קאָזאַקן". מען דאַרף האָבן אייגענע קאָזאַקן. מען דאַרף האָבן אַ גאַנצן עסקאַדראָן חסידים, פאַרקליידט ווי „אמתע" קאָזאַקן, מיט לאַנגע שפּיזן און נאַגייקעס, זאָלן רייטן בּאַ דעם חתנס קאַרעט.

אין די וואוילע אַלטע צייטן האָט מען דאָס געפּועלט, און די חסידים האָבן געהאַט קאָזאַקן.

אונזער האַרציגער ר' ישראל האָט פאַרפּאַסט אַ קאָזאַצקן מאַרש, און דעם קאָמעניצער רבס זון שמחה איז פאַר דער חתונה עקסטרע געפאָרן מיטן מאַרש קיין קאַרלין איינצוזינגען אים מיט די קינפטיגע „קאָזאַקן"...

אוראי איז מיר דער מאַרש פאַרבליבּן אין זכרון עד־היום. וואָרום אַלע שמחת־תּורה, ווען די חסידים זיינען געגאַנגען אין גאַס פון חסידים־שטיבּל צו מיין טאַטן, האָבן זיי אים געזונגען. דאָס זיינען די נאָטן פון דעם קאָזאַצקן מאַרש.

די דאָזיגע „קאָזאַקן" האָבן געהיט די אָרדענונג, עס זאָל נישט קומען, חלילה, צו קיין קאַטאַסטראָפעס. בײַ אַזאַ איינגעניש איז עס אוודאי נויטיג געווען.

נאָך דער חופה האָבן די כּלי־זמר געשפּילט אין אַלע גאַסן; חסידים האָבן געטאַנצט, וואו די כּלי־זמר האָבן געשפּילט, און אין שטעטל האָט די ערד ממש געציטערט פון די פריילעכע אויסגעשרייען און טענץ.

צענער־טויזנטער מענשן האָבן געטאַנצט, גאַנץ קאַרלין, פון איין עק ביזן אַנדערן עק, האָט געטאַנצט. די פויקן און טאַצן האָבן פאַרהילכט די לופט. און יעדעס געזיכט איז געווען פאַרגאָסן מיט שמחה.

אַזוי האָט געדויערט גאַנצע דריי טעג.

גראָד איז געווען אַ גוט שיין וועטער, און דאָס איז אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ מופת. דערנאָך זיינען זיך די חסידים מיט די רביים ביסלעכוויז צעפאָרן, אָבער נישט ווייניג זיינען נאָך געבליבן אויף גאַנץ שבעת ימי המשתּה.

נאָר איך האָב מיך דערוויל אַזוי אַריינגעטאָן אין די אַמאָליגע טייערע פריילעכע רביים־מעשׂיות, אַז איך בין גאָר אינגאַנצן אָפּגעטראָטן פון ענין. האַלטן האַלט איך בײַם שייגעצל מיט זיינע מופתים. נאָר לאָמיר אים לאָזן. דער לעזער וועט מיר, מיין איך, מוחל זיין פאַר דעם. מיר וועלן זיך צוריק אומקערן צו קיעוו.

ווי אַזוי אידן האָט זיך דעמאָלט געלעבט אין קיעוו קאָן בּאַווייזן אַ לעגענדע, וואָס איז צו יענער צייט שטאַרק פאַרשפּרייט געווען צווישן די דאָרטיגע אידן.

אין דער דאָזיגער לעגענדע ווייען עטוואָס די וויכע פרייע ווינטלאַך, וואָס האָבן לייכט אַ בּלאָז געטאָן אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צייטן, און מעגליך אַז אין איר, אין דער דאָזיגער לעגענדע, ליגט פאַרבאָרגן אַ שטיקעלע אמת...

ווי די מאָרע איז, האָבן די גרויסע רוסישע סוחרים נישט פאַרגינען, וואָס קיעווער אידן שטייגן אין געשעפט. אידן האָבן קיעוו ממש באַלעבט, דער מסחר האָט אויפגעבליהט, און צוליב דעם אידנס רירעוודיגקייט איז אין די סוחרישע רויטע הענט פון די רוסן נישט ווייניג אידיש געלט אַריינגעפאַלן. יאָ, אידיש געלט האָט מען האָלט, נאָר דעם אידן גופא וואָלט מען וועלן באַגראָבן. אָן אַלטע מעשׂה.

האָבן זיך צונויפגעקליבן, דערציילט די יונגע לעגענדע, ניין און דרייסיג סוחרים און אַוועקגעשיקט אַ פּאַפּיר צום קיסר: „היות ווי קיעוו איז אַ הייליגע שטאָט און אַלע קיסרים האָבן דאָרט נישט געלאָזט וואוינען קיין אידן, און פאַרן קיסר ניקאָלאַי דעם ערשטן האָט מען גאָר קיין אידן נישט געזעהן אויף די גאַסן, בּכן בּעטן מיר, אדוני קיסר, אַז דו זאָלסט











ר׳ ישראלס קאָזאַצקער מאַרש, וואָס ער, ר׳ ישראל, האָט ספּעציעל פאַרפאַסט פאַר דעם קאַרלינער רבינס „קאָזאַקן" צו זינגען בשעתן רייטן אויף די פערד באַם באַגעגענען חתן־כּלה.

*mf*

1.

1.

2.

2.

1.

2.

*Fine*

3.

*D. C.*

בא דער געלעגנהייט געבן מיר דאָ ר׳ ישראלס אַ אידישן אומעטיגן שטיינער...
אַ פאַרצייטישן האַרציגן נגון, וואָס האָט אָנגעכאַפּט בא דער נשמה און איז אויף
לאַנג פאַרבליבן אין זכרון.

אָפּפּרישן דעם אַלטן הייליגן אוקאַז — צונעמען פון ראַנען די אידלאַך, וואָס זיינען אַנגעלאָפן אַהער פון צפון און פון דרום, פון מזרח און פון מעריב".

געחתמעט האָבן זיך אויפן פּאַפּיר אַלע ניין און דרייסיג סוחרים. נאָר עס איז אויך געווען אַ פערצינטע חתימה. זי האָט געהערט צו דעם קיעווער שטאָט־גאָלאָוואַ רעמיראָוו, אַ גרויסער מיליאָנער.

אויף דעם ראָזיגן פּאַפּיר האָט דער גאָלאָוואַ באַלד באַקומען אַ רעפּעש פון מיניסטער אין נאָמען פון קיסר: „ביז אַהער האָב איך געמיינט, אַז אין קיעוו פאַרמאָג איך ניין און דרייסיג „דוראַקעס", איצט אָבער זעה איך, אַז איך האָב דאָרטן עכטע, אמתע פערציג טפּשים"...

די ראָזיגע רעפּעש האָט רעמיראָוון אַריינגעבראַכט אין מרה־שחורה. דער קיסר אַליין רופט אים אָן „דוראַק". דאָס איז דער גרעסטער קלאַפּ, וואָס אַ מענש קאָן האָבן. אַ חרפּה צו ווייזן די אויגן אין גאַס. מען מ׳וז אַנטלויפן פון רוסלאַנד. רעמיראָווס ווייב, אַן אינטעליגענטע פרוי, איז גאָר צעמישט געוואָרן.

— אַנטלויפן! — האָט זי געשריען — אַנטלויפן פון ראַנען!..

און רעמיראָוו האָט פאַרקויפט זיינע אַלע צוקער־פאַבריקן מיט די הייזער און מאַיאָנטקעס, געמאַכט אַלץ צו געלט און אַרויסגעפאָרן מיט דער פאַמיליע קיין אויסלאַנד.

דאָ באַקומט די לעגענדע אַן עכט־אידישן סוף.

אַז רעמיראָוו מיט דער פרוי האָבן, שוין אין אויסלאַנד, איבערגערעדט וועגן דער שרעקליכער רעפּעש, זיינען זיי געקומען צום באַשלוס, אַז אפשר זיינען זיי טאַקע „דוראַקעס"...

— מיר דאַרפן זיך איצט באַקענען מיט דעם אידישן פאָלק, מיט זיין געשיכטע און ליטעראַטור — האָבן זיי געוויינט.

זי האָט זיך צעכליפּעט און צוגעגעבן:

— אין דער טעלעגראַם איז דייטליך געשטאַנען, אַז מיר זיינען „דוראַקעס"... דוראַקעס זיינען מיר.

נו, עס פאַרשטייט זיך, אַז פון דעמאָלט אָן האָבן זיי זיך שטאַרק גענומען אינטערעסירן מיט אידן און מיט זייער געשיכטע און זיינען באַלד געוואָרן גרויסע אידן־פריינט, פאַרברענטע אָנהייגער פונם פאָלק ישראל. און זי, דאָס ווייבל רעמיראָווס, האָט אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט זעהר אַ וויכטיג בוך וועגן אידן און פונאַנדערגעשיקט אין גאַנץ אייראָפּע צו אַלע גרויסע לייט: אָט זעהט, וואָס אידן זיינען. מען דאַרף קושן דעם שטויב פון זייערע פיס...

אַ שטעקעלע אַריין, אַ שטעקעלע אַרויס —

די מעשה לאָזט זיך אויס...
אין די קאַלטע און שווערע באַרינגונגען פון אידישן לעבן האָט אָט די לעגענדע אַריינגעטראָגן נישט ווייניג נחת און שמחה. אַז אַ מענשן איז אייגנג און שלעכט, האָט ער ליב אַ לעגענדע.
בעת טשערטקאָוו איז אָנגעקומען אין קיעוו פאַר אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט מען אויפגעהערט צו מאַכן די אָבלאַוועס אויף אידן, וואָס הערן גאָרנישט אויף ביז היינטיגן טאָג. פאַרקערט, ווי מערן זיך נאָך...
אַ גוטער און אַ מאָרנער איז ער געווען, דער ראָזיגער טשערטקאָוו.
דהיינו, ער האָט אַמאָל באַגעגנט אויף פּאָראָל אַ שיינע „פּראָצעסיע" פון אידן, וואָס איז געפירט געוואָרן פון פּאָליציאַנטן... געווען זיינען דאָרטן אַלטע, יונגע, פרויען און קינדער.
דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אָפּגעשטעלט די פּאָליציאַנטן און געפרעגט:
— ווער זיינען די ראָזיגע אַרעסטאַנטן?
— פאַרנומען פון דער אָבלאַווע, וואָשע וויסאָקאָ־פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא,— האָט ער געקריגן אַ תּשובה.
אויף טשערטקאָווס פּנים האָט זיך געלעגט אַ מינע פון עקל.
— אָבלאַוועס מאַכט מען אויף חיות — האָט ער זיך מיט עקל פאַרקרימט.
און פון דעמאָלט אָן האָט מען עס פאַרווערט.
די ראָזיגע בשורה איז אין איין טאָג פונאַנדערגעטראָגן געוואָרן אין גאַנץ וואָלין און אין קליינרוסלאַנד — און עס האָט אַ רעגן געטאָן מיט אידלאַך, זאָלן לעבן, פון אַלע זייטן.
בלא גוזמא קאָן מען זאָגן, אַז אין דעם יאָר זיינען צוגעקומען אפשר אַ דרייסיג טויזנט אידן אין קיעוו. אידן האָבן געהאַנדלט, געמסחרט, גע־מעקלערט, געעפנט קראָמען, געקויפט און פאַרקויפט.
מיט קריסטן האָבן אידן זעהר גוט געלעבט, ווי אַלע מאָל, ווען מען העצעט נישט אונטער פון דער זייט. ביידע האָבן געמסחרט אין אחדות, נישט מער, דער איד האָט אויפגעוועקט דעם קריסט, אַנטוויקלט אין אים מער ענערגיע צו געשעפט, מער שכל אין האַנדל.
אויפן „זשיטנעם" באַזאַר איז געווען דער הויפּט־מסחר פון באַקאַליי, ווי דער „ריאַד" אין בריסק אָדער דער אייזערנער טויער אין וואַרשע — און איך פלעג קויפן אי בײַ אידן אי בײַ קריסטן, וואו עס האָט מיר בעסער געלוינט. איך בין געווען מיט די רוסישע באַקאַליי־קרעמער גוט באַקאַנט און זאָגאַר באַפריינדעט. אין די זומער־טעג פלעג איך פאַרפירן וכּוחים מיט די קריסטן, ווי מיין שטייגער, וועגן אידן.

איין פעלער האָבן זיי דעמאָלט אויסגעזעצט אויף אידן: אידן האַלטן נישט פון ריינקייט. קיעוו איז אַ ציכטיגע שטאָט, און אידן קאָנען נישט זיין ציכטיג. זיי האָבן מיר, אַלס אַ ביישפּיל, אָנגעוויזן אויף אַ אידן פון אַ האַלבן מיליאָן רובל.

באַ דעם ראָזינגן אידן אין הויף ליגט אַ בערגל מיסט. די טרעפּ זיינען פאַרשמוצט און די לופט איז אַ שווערע.

נאָך פון וויטן קאָן מען דערקענען, אַז דאָ וואוינט אַ איד.

דאָס רוב פלעג איך טאַקע נישט האָבן וואָס צו ענטפערן דערויף. אָבער אַז איך בין געקומען קיין וואַרשע, האָב איך זיך עטוואָס געטרייסט. וואָרום איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די אָרימע וואַרשעווער אידן פירן זיך ציכטיגער פאַר די אָרימע פּאָלאַקן.

די לעצטע וויסן גאָרנישט פון ריינקייט.

אין דער צייט האָבן אידישע כּלל־טוער געפּועלט באַ דער רעגירונג צו עפענען פאַר אידן אין גאַנץ רוסלאַנד רעמעסלענע שולן און איינפירן אידישע קאָלאָניעס. צו דעם צוועק האָט מען דעמאָלט געקליבן אַ סך געלט.

פּאָליאַקאָוו האָט אַריינגעשריבן צו ר׳ ישראל בראָדסקין, ער זאָל אין קיעוו אויפזאַמלען אַ פאָנד אויף רעמעסלענע שולן און דערביי אַריינגעשיקט אַ טשעק אויף פ ע ר צ י ג ט ו י ז נ ט ר ו ב ל.

בראָדסקי האָט איבערגעגעבן ר׳ שמואל לעווינען דעם ענין — יענער זאָל צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון קיעווער גבירים.

דאָס איז באַלד מקוים געוואָרן, און אויף דער פאַרזאַמלונג האָט בראָדסקי דער ערשטער געגעבן צ ע ן ט ו י ז נ ט רובל. אַזוי אַרום האָט מען געמאַכט נאָך אַ פופציג טויזנט רובל, וואָס צוזאַמען מיט פּאָליאַקאָווס האָט געכאַפּט באַ אַ מאה אלף.

בכלל האָט זיך געטומלט אין אַלע אידישע ווינקעלאַך, און די אידישע האָפענונג איז געווען גרויס...

אַ דאַנק כאָטש פאַר דער האָפענונג, וואָס האָט אויף אַ ווילע דערקוויקט, וואָרום דערנאָך איז ערגער געוואָרן...

אין די יאָרן האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן די רעוואָלוציאָנערע שטימונג באַם עולם. רייכע יונגעלייט זיינען געגאַנגען „אין פאָלק" אַריין, זיך מוסר נפש געווען, געוואָלט אַראָפּברייגנגען משיחן. און אַרעסטן האָבן זיך געשאָטן ווי האָגל...

מיינער אַ רייכער שכן האָט מיך אַ רוף געטאָן. די מעשה איז אייגנטליך געווען אַ פּשוטע, אָבער פאַר יענער צייט — אַן אומגעוויינליכע. זיין

אינגל, אַ גימנאַזיסט פון אַ פופצען יאָר און פון פינפטן קלאַס, ווײל ראַטעװען רוסלאַנד און אַראָפּברײנגען משיחן. אפשר װעל איך אים קאָנען איבעררײדן און אָפּהאַלטן פון אַזאַ גבורה.

איך קום צוגײן, טרעף איך דעם פּריסטאַװ מיכאַילאָװ, װעלכער טענעט אײן מיטן ראָזינגן אינגל. דער פּריסטאַװ מיכאַילאָװ בעט זיך באַם אינגל, ער זאָל זאָגן באַם זשאַנדאַרמסקין, װאוהין דער פּריסטאַװ דאַרף אים איצט אָפּפירן, אַז ער װײס נישט פון קײן חלום, אַז ער האַלט גאָרנישט דערבײ, און דאָס אינגל טענעט — לא. ער װעט יאָ זאָגן, אַז די פּאַראָנדקעס טויגן נישט און אַז...

דער פּריסטאַװ מיכאַילאָװ האָט שױן לאַנג באַקומען פינף הונדערט קאַרבן פון דעם אינגלס פאָטער און זײן אויפגאַבע איז — ראַטעװען דאָס אינגל פון דער זשאַנדאַרמעריע. אָבער װאָס טוט מען, אַז דאָס אינגל ציהט אַלײן דעם האַלז צום מעסער...

איצט האָב איך באַראַרפּט איבערנעמען מיכאַילאָװס מלאכה, װאָס האָט גאָרנישט געפּועלט, און מיכאַילאָװ האָט דערויף אַרויסגעגעבן צװײ שעה צײט, װאָרום ער מוז באַלד דאָס אינגל צושטעלן אין זשאַנדאַרמעריע.

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אויך גאָרנישט אויסגעפירט, כאָטש דאָס אינגל האָט פאַר מיר שטענדיג דרך־ארץ געהאַט. מײנע רײד נעמען אים נישט. ער האַלט זיך בײַ זײנינגן.

— דאָס פאָלק איז װיכטיגער פאַר אַ יחיד, און זאָל מען אים פאַרברענען אָדער אויף שטיקער צערײסן, אַרט עס אים אויך נישט, אַבי דערפון זאָל זײן אַ טובה פאַרן פאָלק.

די מוטער האָט געחלשט; מען האָט זי אָפּגעמינטעװעט. פאַלט זי דערנאָך פאַר אים אויף די קני און בעט זיך מיט טרערן, ער זאָל אויף איר רחמנות האָבן. און ער איז בלאַס װי דער טויט, קאָן נישט צוזעהן איר חלשן און אירע געװײנען, אָבער דאָך האַלט ער זיך בײַ זײנס. און — אַ חרפּה: איך בין אַװעק מיט גאָרנישט. סאַמע מיט גאָרנישט. נישט געקאָנט אים איבעררײדן.

דאָס אינגל האָט געהאַט אַן אײזערנעם כאַראַקטער, װאָס האָט ממש איבערראַשט.

אוראי האָט מען אים אַרעסטירט און אַװעקגעפירט קײן מאָסקװע. דער פאָטער איז אים נאָכגעפאָרן. ער האָט זיך געװאָלט לאָזן קאָסטן טויזנטער, כאָטש בלויז דערויף, ער זאָל זיך קאָנען מיט אים זעהן פון צײט צו צײט. אָבער דאָס איז אויך געװען אוממעגליך. די מוטער איז אין אַ קורצער צײט אַרום געשטאָרבן.

דאָס אינגל איז אַ היפּשע צייט געזעסן. דערנאָך, אַז עס איז געווען דער סוף, האָט מען אים, אַלס אַ מינדעריעריגן, אומגעקערט קיין קיעוו, וואו ער האָט זיך באַראַפּט געפינען אונטער דער השגחה פון פּאָליציי.

אַז ער איז געקומען אַהיים, איז ער שוין געווען צעטרייסלט, צעדרודערט, און אַז ער האָט נישט געפונען די מוטער, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער מרה־שחורה און איז שוין אַזוי פאַרבליבן.

די אידישע קהלה איז זיך דאָך געגאַנגען פּאַרווערטס. עס האָבן זיך געפונען רייכע אידן, וואָס האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין געלט אויף אַ גרויסער רוסיש־אידישער צייטונג, וועלכע זאָל זיך ווערן מיטן אַנטיסעמיטישן „קיעוולאַנין", אַ צייטונג, וואָס האָט, ווי אַלע שמוציגע אַנטיסעמיטישע בלעטער, געשאָטן טאָג־טעגליך פּעך און שוועבל אויף אידן.

די נייע אידישע צייטונג, וואָס האָט געהייסן „זאַריאַ", איז ערשינען אין גאָר אַ גרויסן פאָרמאַט. דאָס דאָזיגע בלאַט האָט גרויסאַרטיג ערפילט זיינע אויפגאַבן און האָט געהאַט ברייטע קרייזן לעזער. מען האָט געלייענט, געקוואָלן פון די דרייסטע אַרטיקלען, פון די געפעפערטע פּאַרציעס, וואָס די אַנטיסעמיטן פלעגן באַקומען, און דאָס אידישע האַרץ האָט ווידער געהאַפּט...

נאָך אַמאָל: אַ דאַנק פאַר די האָפענונגען. כאָטש אויף אַ רגע — אַבי עס דערקוויקט.

---

# קאַפּיטל XIX

ר׳ ישראל בּראָדסקיס פאַרוואַלטער. — אַ נישט אידישער פעלער. — אַן עסק. — רייז און ראָזשינקעס. — עקשנות. — פאַרטרונקענע סחורה. — מיט דער פּוטער אַראָפּ. — איך ציה זיך אין אַן אַנדער קראָם. — קוואַרטיראַנטן. — ליפּסקי. — אויסגעפּייפט אַ פּיעסע. — אַלטע וואונדן. — דער „האָראָדנער מגיד״. — זיין השפּעה אויף מענשן. — זיין דרשה. — דער האָראָדנער מגיד מיט ליפּסקין. — אַ פאַרדראָסיגער סוף.

בּאַ אונז אין הויף האָט זיך אַריינגעצויגן אַ נייער שכן, אַ גרויסער יחסן. ער איז געווען פאַרוואַלטער בּאַ ר׳ ישראל בּראָדסקין אין טשערקאַסער צוקער־פאַבּריק.

גענומען האָט ער צוועלף טויזנט רובּל אַ יאָר און געוואוינט האָט ער אין טשערקאַסער הויף מיט זיין פאַמיליע. זיין פרוי איז געווען בּראָדסקים אַ נאָהענטע קרובה, און געלעבּט האָט מען ווי די פירשטן. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ גרויסן מאַיאָנטעק איז דאָ פון אַלעם גוטן, און פערד מיט קאַרעטעס האָבּן אויך נישט געפעלט.

דער פאַרוואַלטער איז געווען זעהר אַ געראָטענער מענש און האָט געפירט דעם מאַיאָנטעק מיט דער צוקער־פאַבּריק אויסגעצייכנט. בּראָדסקי איז צופרידן געווען פון אים. ער האָט אָבּער געהאַט אַ גויאישן פעלער — אַ שווערן: שכּרות. אַ פעלער איז דאָס נאָך אַזוינער, וואָס האַלט זיך כּסדר אין אַנטוויקלען, ווערט וואָס ווייטער שטאַרקער, און צו אַ סוף קומט מען זעהר צו אַ טריבּן.

דעם פאַרוואַלטער האָט דער סוף נישט אויסגעמירן: פון שכּרות האָט ער פאַרלאָזט דאָס געשעפט.

און ר׳ ישראל בּראָדסקי האָט אים געמוזט אָפּזאָגן. נאָר אַזוי ווי דעם פאַרוואַלטערס פרוי איז אַ קרובה, און זיי האָבּן דערוואַקסענע שיינע קינדער, זין און טעכטער, האָט ר׳ ישראל בּאַשטימט פאַרן פאַרוואַלטער אַ שטענדיגע יערליכע פענסיע פון פינף טויזנט רובּל.

און כאָטש דער פּאַרוואַלטער איז אָפּגעזאָגט געוואָרן — דאָך האָט אים אָפּטער באַזוכט בראָדסקים פאַמיליע. עס איז פאָרט געווען זעהר אַ פיין אָנשטענדיג הויז, נישט קוקנדיג דערויף, וואָס דער בעל־הבית האָט געהאַט אַ גרויסע שוואַכקייט צו בראָנפן...

איך בין גיך באַפריינדעט געוואָרן מיט דעם פּאַרוואַלטערס פאַמיליע. מיך האָט געצויגן זיין חכמה, זיין פרייע צונג, זיין ליבע האַלטונג.

אויסבעסערן זיין פעלער האָט מען, לײדער, נישט געקאָנט. ער פלעגט שטענדיג אַרײנגיין אין דערבײאיגן שיינק און פלעגט אויסטרינקען אַ גלאָז בראָנפן. אַמאָל פלעגט ער איבערן טאָג אויסטרינקען אַ וואָסערע זעכצען גלאָז בראָנפן.

פאַר אַ פ ר י י נ ט האָט ער אפילו שכורעהייט א ו י ך געטויגט, נאָר פונדעסטוועגן איז מיט אים געווען ליבער צו פאַרברייגגען, ווען דער קאָפּ איז אים ניכטער געווען.

און דעריבער פלעג איך עקסטרע קומען צו אים באַלד אין דערפריה, נאָך איידער ער פלעגט גיין אין שיינק. נאָר ער האָט פ אַ ר ש ט אַ נ ע ן, אַז איך ז ו ך זיין ניכטערקייט...

און אַמאָל, גייענדיג אין טראַקטיר, פלעגט ער אומישנע פריהער אַרײנ־קומען צו מיר, אויב איך בין באַ אים נאָך נישט געווען, און שמועסן מיט מיר מיט אַ ניכטערער צונג...

מיר האָבן זיך איינער דעם אַנדערן ליב געהאַט, און איינמאָל האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן אַ שטעלע פון אַ פּריקאַזטשיק.

פרעג איך אים, וואָס פאַר אַ געשעפט האָט ער. זאָגט ער, אַז מען וועט אים צושיקן פון אָדעס באַקאַלײ־סחורות: רייז, ראָזשינקעס, מאַנדלען, נים פאַר אַ הונדערט טויזנט רובל. ער דאַרף דאָס פאַרקויפן די היגע באַקאַלײ־קרעמער און אויך פונאַנדערשיקן אין אַנדערע שטעט.

דאָס איז נישט געווען געפלוידערט, ווי מען האָט געקאָנט מיינען. און אין גיכן האָט ער מיר אָפּגעגעבן די פראַכטן און איך האָב געדונגען אַ גרויסן הויף מיט סקלאַדעס, אָפּצולייגן די סחורה.

אָבער אַלץ די אייגענע מעשה: אין די געשעפט־ענינים האָט שטאַרק גע־שטערט זיין שכרות, און איך פלעג זיין געצוואונגען אויפשטיין גאַנץ פריה, ממש באַגינען, כדי איך זאָל אים קאָנען פ אַ ק ן נאָך גאָר אַ ניכטערן און איבעררייךן, וואָס מיר האָבן צו טון.

איך מוז נאָך אַמאָל זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינליכער קלוגער מאַן. זיינע ווערטער זיינען געווען פּערל און ער האָט אויף מיר אַ גרויסע השפעה געהאַט. ער האָט מיר אין אַ סך פּרטים געעפנט די

אוינן, אָנגעזאָפּט מיך מיט פּראַקטיק, וואָס איז געווען אַזוי נויטיג פאַר אַזאַ קלײנשטעטלדיגן יונגענמאַן, ווי איך בין דעמאָלט געווען.

אַמאָל איז ער אויך געווען אַן עקשן, און מיר קומט אויפן זכרון אַ פאַקט, וואָס כאַראַקטעריזירט וואויל זיין עקשנות. דאָס איז געווען אַזוי.

ער האָט באַדאַרפט אַוועקשיקן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו רייז מיט ראַזשינקעס פאַר דרייסיג טויזנט רובל; דאַרף איך דינגען אַ בערלינע דאָס אָפּצופירן.

האָב איך נאָך אַ סך מיה אויסגעזוכט אַ גוטע בערלינע און מושווה געוואָרן מיטן בערלינשטשיק אָפּצופירן די סחורה פאַר צוויי הונדערט רובל.

אַז איך בין געקומען צו אים און דערציילט, אַז איך האָב אויפגעזוכט זעהר אַ גוטע בערלינע, אַז איך האָב זי באַדונגען און געגעבן פינף און צוואַנציג רובל האַנט־געלט און אַז היינט אין אָוונט וועט קומען דער בערלינשטשיק צו שליסן אַ קאָנטראַקט — איז ער געווען גאַנץ צופרידן.

אין אָוונט אָבער, ווען איך בין געקומען מיטן בערלינשטשיק מאַכן דעם קאָנטראַקט, זאָגט ער מיר אָן, אַז מיט אַ שעה צוריק האָט ער באַדונגען אַן אַנדער בערלינע פאַר הונדערט און פופציג רובל און נאָר די וועט אָפּפירן די סחורה.

פאַרדריסט עס מיר, וואָרום איך וויים, אַז אַ גוטע בערלינע קאָן מען נישט קריגן ביליגער און אַז מיינע איז זעהר אַ גוטע. מילא, פאַרפאַלן. הויב איך אָן אָבער שפּעטער נאָכצופרעגן, ווער איך געוואָר, אַז זיין בערלינע איז אַן אַ ל ט ע און זעהר אַ שוואַכע און ס׳איז אַ סכנה צו פירן אויף איר אַזאַ גרויסע משא.

אַז איך זאָג דאָס אים, הערט ער מיך נישט אויס און הייסט מיר לאַדעווען די סחורה אין ד ע ר בערלינע. איך האָב אָבער נישט געוואָלט ריזיקירן מיט אַזאַ גרויסן פאַרמעגן און האָב זיך איינגאַנצן אָפּגעזאָגט דערפון.

איז ער געוואָרן בייז און האָט צוגענומען אַן אַנדערן מענטשן. געדיינק איך, אַז אַרום דאָגערשטאָג האָט ער געלאַדעוועט די בערלינע מיט רייז און ראָזשינקעס און איבער אַ נאַכט האָ ט זי ך ד י ב ע ר ל י נ ע ג ע ז ע צ ט א י ן ו ו אַ ס ע ר.

אַז ער האָט עס דערהערט, איז ער געקומען צולויפן אַ פאַרסאָפּעטער. אַפּנים, אַז ער האָט געקאָנט זיין ניכטער אויך, ווען מען האָט זעהר נויטיג באַדאַרפט...

— האָט רחמנות, ראַטעוועט! איך בין אַ פאַרפאַלענער! איך בעט אייך איבער. איצט זעה איך, אַז איר זענט געווען גערעכט. איר באַקומט בײַ מיר צוויי הונדערט רובל אַ „נאַגראַדע“ און ראַטעוועט מיר די פאַרטרונקענע סחורה. מען קאָן די סחורה אויסטריקענען, וועט מען נאָך

שפעס קאָנען אַרויסנעמען געלט פון דעם. דאָס איז דרייסיג טויזנט רובל!..

ער איז איגגאַנצן ניכטער געווען דעמאָלט...

אָבער איך האָב זיך געקווייגקלט. מיר האָט נאָך אַלץ דערצאָרנט זיין עקשנות.

דערנאָך אָבער, אַז זיין ווייב און קינדער זיינען צו מיר צוגעפאַלן, איך זאָל ראַטעווען די סחורה (פונקט ווי איך קאָן ראַטעווען), האָב איך שוין פאַר אין ברירה זיך אונטערגענומען אַרויסצוראַטעווען די רייז מיט די ראָזשינקעס פון דער פאַרזעצטער בערלינע אין וואַסער. האָב איך געדונגען אַ גרויסן הויף, געקויפט גרויסע פּלאַכטעס, אַרויסגעשלעפּט די נאַסע סחורה, אויסגעשאָטן עס אויף די פּלאַכטעס און געטריקנט.

איך האָב דערצו באַראַרפט האָבן אַ סך מענשן. נאָר ווי עס איז האָב איך די סחורה דערטריקנט און אַזוי אַרום, מיט צער און מאַטערניש, האָב איך פון דעם פעקל אויסגעלייזט באַ אַ פינף טויזנט רובל — אַנשטאָט דרייסיג טויזנט...

ער איז פון דעם גאָר צעמישט געוואָרן און אָנגעהויבן נאָך מער צו שכורן.

נאָר בראָדסקיס פאַמיליע, האָבנדיג מיטלייד מיט דער פרוי און קינדער, פלעגט דאָך אָפט קומען באַזוכן דאָס הויז פון דעם געוועזענעם פאַרוואַלטער.

איינמאָל, בעת די בראָדסקים זיינען גראָד געווען באַ אים אין געסט, איז ער אַריינגעקומען אין שטוב אַ טויט־שכורער און אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד. דאָס האָט אויף די בראָדסקים געמאַכט זעהר אַ שווערן איינדרוק און מער זיינען זיי שוין נישט געקומען.

ער האָט נאָך אַ האַלב יאָר שטאַרק געשכורט און דערנאָך אַוועק־געשטאָרבן.

וויי, ס'אַראַ קלוגער, ס'אַראַ ליבער מענש ער איז געווען! יאָ, ער איז אומגעקומען פון אַ נישט־אידישן פעלער: פון בראָנפן.

באַ מיר, ווי צו זאָגן, איז דאָס געשעפט געגאַנגען הלך וחסר. איך האָב זיך אָפּגעמאַטערט אַ צוויי יאָר אויף דעם אַנדרייעווסקי ספּוסק און זיך אַריבערגעצויגן אין אַן אַנדער גאַס.

איך געדיינק שוין נישט, ווי די גאַס האָט געהייסן. נאָר דאָס געדיינק איך, אַז איך האָב דאָרט געמאַכט אַ קלענערע באַקאַליי־קראָם.

מיר האָט שוין געפעלט געלט, דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, איז דאָ נישט געווען אַזאַ אָרט, וואו מען זאָל קאָנען פירן אַן עסק ברייט און ענערגיש: עס האָבן פשוט געפעלט קונים. אָרימע לייט האָבן דאָ געוואוינט.

ווי דער שטייגער פון אַלע געדריקטע אידן, האָב איך געדרונגען אַ דירה מיט אַ פּאָר צימערן פּאַר שכנים. איינער אַ יונגערמאַן האָט בײַ מיר באַלד געדונגען אַ צימער מיט אַ באַזונדער אַרײַנגאַנג.

דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט זיך געגרייט צום עקזאַמען אין אוניווערזיטעט. איך האָב אים באַטראַכט, און ער איז מיר געפעלן געוואָרן. ערשטנס, איז ער געווען קלאָר אין ש״ס און געקאָנט זאָגן אַ שיין פּשטל פון תּלמוד. צווייטנס, איז ער געווען אַ געשיקטע, אַ רירעוודיגע בריאה.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אַ ווילנער דיינס אַ זון און איז געווען גערעכנט פאַר אַן עילוי, נאָר ער האָט זיך געוואָלט נעמען צו בילדונג און איז אַנטלאָפן קיין זשיטאָמיר, וואו ער איז אַרײַנגעטראָטן אין ראַבינער־שול. דירעקטאָר איז דאָרט דעמאָלט געווען ר׳ חיים־זעליג סלאָנימסקי.

אַז די שול איז פאַרמאַכט געוואָרן, איז ער אַוועק קיין קיעוו, אַרײַנ־צוטרעטן אין אוניווערזיטעט. דער וועג איז אַ גלייכער: ער וועט ענדיגן דעם אוניווערזיטעט און — באַסטאַ!

אָבער ער האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו לעבן...

אַ געזונטער און אַ פלינקער, איז ער היציג אַוועק אין בראָדסקיס מיל, וואָס איז געשטאַנען בײַם ברעג טייך, און געבעטן, מען זאָל אים געבן טראָגן די זעקלאַך מעל פון מיל אין מאַגאַזין אַרײַן און צאָלן ווי אַלע טאָג־אַרבעטער: זעכציג קאָפּיקעס אַ טאָג.

דער יונג איז אָנגענומען געוואָרן, און דעם גאַנצן טאָג האָט ער געטראָגן זעקלאַך מעל.

אין אָוונט אָבער האָט ער זיך אַרומגעוואַשן, זיך איבערגעטאָן, געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט סטודענטן, געזוכט אוראָקן און געקראָגן זיי אויף גאַנצע זעכציג רובל אַ מאָנאַט, און דערבײַ זיך געגרייט צום עקזאַמען. אַז ער האָט געקראָגן אוראָקן, האָט ער אַוועקגעוואָרפן די מעל.

אַ טשיקאַווע זאַך: דער יונג האָט אויף אַלץ געהאַט צייט, און בײַנאַכט פלעגן מיר זיך אָפט דורכשמועסן בײַ אַ פּאָר שעה.

אין דער צייט איז געקומען קיין קיעוו אַן אַנטיסעמיטישע טרופּע און האָט געשפּילט אין גאָרטן־טעאַטער אַ שטיק, וואָס האָט זעהר באַ ל ײ ד י ג ט אידן. ליפּסקי, אַזוי האָט געהייסן מיין שכן, האָט שוין געוואוסט דעם אינהאַלט פון דעם טעאַטער־שטיק און איז אומישנע געגאַנגען מיט זיינע חברים אויף אַ פאָרשטעלונג — הערן ווי באַליידיגט מען אידן פון דער סצענע אַראָפּ.

אָבער געקומען איז ער פון טעאַטער אַ געקרייִנקטער און אַ צע־קאָכטער. אויף דער סצענע האָט מען גראָב און מאוס באַליידיגט אידן. גוים האָבן הנאה געהאַט, גוים האָבן פול געמאַכט דעם טעאַטער און האָבן געפּאַטשט בראַוואָ, און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אויספייפן. אין טעאַטער האָבן זיך יתומדיג דורכגעוואָרפן עטליכע אידן. אַ מורא געווען אַ פייף צו טון.

עס איז געווען אַ צער צו קוקן אויף מיין יונג.

די ראָזינגע אַנטיסעמיטישע פּיעסע האָט מען געשפּילט כּסדר.

וואָס טוט מען? ווי אַזוי מאַכט מען, אַז אַלע אידישע סטודענטן און סתּם בּחורים זאָלן קומען אויספייפן דאָס ראָזינגע שונד־שטיק, באַפּעפּערט מיט נאַרישן און גראָבן אַנטיסעמיטיזם?

איך האָב אַ פרעג געטאָן דעם יונג, צי אליעזר בראָדסקי קען אים, צי האָט ער אים אַמאָל געזעהן באַ זיך אין מיל. דערויף האָט מיר דער יונג געזאָגט, אַז אליעזר בראָדסקי איז איינמאָל געקומען אין מיל און געזעהן, ווי ער טראָגט אַ זאַק מעל אויפן פּלייצע:

— האָט ער דערקענט, אַז איך בין אַ איד און זיך שטאַרק פאַר־וואונדערט: ס'טייטש, אַ אידישער יונגערמאַן זאָל זיך „אָטוואַזשען" טראָגן זעקלאַך צווישן באָסיאַקעס! האָט ער מיך צוגערופן און געפרעגט, פון וואַנען בין איך און צי איך האָב נישט עפּעס אַ גרינגערע און אַ בעסערע פּרנסה, ווי טראָגן זעקלאַך מעל, וואָרום אַ איד איז דאָך שוואַך. האָב איך אים, פאַרשטייט איר מיך — רעדט ער מיר אַלץ מיט איין אָטעם — דערציילט, אַז איך בין געקומען אַהער צוגרייטן זיך אין אוניווערזיטעט, נאָר איך האָב דערווייל נישט מיט וואָס צו לעבן. אַרבּעט איך דעם טאָג באַ אייך, אין אָוונט זוך איך מיר באַקאַנטשאַפט און באַנאַכט לערן איך. נעמט ער אַרויס פופציג רובל און גיט מיר. אָבער איך האָב נישט גענומען און געזאָגט, אַז קיין נדבות נעם איך נישט; איך וויל בלויז פאַר־דינען דורך אַרבּעט. איך האָב פיינט די גבירים — האָט ער געמאַכט אַ זויערע און אַן ענערגישע גרימאַסע — און וויל פון זיי קיין טובות נישט האָבן.

נאָר מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק.

— הער נאָר, ליפּסקי, אָבער צוליב דעם כּלל ישראל וואָלסטו געגאַנגען צו די גבירים?

זאָגט ער:

— דאָס, יאָ!

זאָג איך:

— גיי צו לאַזאַרן און דערציייל אים די גאַנצע מעשה מיט דער אַנטי־סעמיטישער טרופּע און לייג אים פאָר, ער זאָל אָפּקויפן עטליכע הונדערט בילעטן, וועלכע מען וועט צעטיילן צווישן דער אידישער יוגנט, און אָט וועט זיין ווער עס זאָל אויספייפן...

— אַ אידייע, כ׳לעבן! — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן.

און עס האָט זיך טאַקע איינגעגעבן. ליפּסקי איז געגאַנגען צו לאַזאַרן און איז פון דאָרטן געקומען צו מיר מיט אַ שמחה, אַז יענער וועט אָפּקויפן צוויי דריטל פון דער צאָל בילעטן און וועט שיקן אַלע זיינע פּריקאַשטשיקעס צעטיילן די בילעטן צווישן אידן. ווער עס וועט נאָר וועלן פייפן, וועט קריגן אַ בילעט.

די זאַך איז באַלד אַוועק ווי געשמירט.

אויף מאָרגן זיינען אומגעגאַנגען יונגעלייט און געטיילט אומזיסט בילעטן אין טעאַטער. ליפּסקי האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים; צו זיין שמחה איז שוין גאָר קיין ברעג נישט געווען.

און אין אָוונט, ווען די טרופּע האָט גענומען שפּילן איר שמוציג פּיעסעלע, האָבן אַלע אידן אָנגעהויבן פייפן און טופּען מיט די פיס. עס איז געוואָרן אַ פייפעריי, אַז גאָט זאָל אויסהיטן.

דער פּאָליצמייסטער איז אויך געווען אין טעאַטער. ער האָט זיכער מורא געהאַט פאַר אַ גרויסן סקאַנדאַל און האָט נאָר געהייסן איבער־רייסן דאָס שפּילן. אַ צוואַנציג פאַרשוין סטודענטן און אַנדערע אידן, צווישן זיי אויך ליפּסקין, האָט מען אַרעסטירט.

אויף מאָרגן איז מען געגאַנגען, ווי דער שטייגער איז, צום גענעראַל־גובערנאַטאָר. געגאַנגען איז לאַזאַר בראָדסקי און נאָך צוויי פון די מיליאָנערן און אים דערציילט, אַז די טרופּע זייט שנאה צווישן פעלקער, אַז זי רייצט אָן איין פאָלק אויפן צווייטן און דעסגלייכן. דער גובערנאַטאָר האָט געשיקט צום דירעקטאָר פון דער טרופּע און אים אָנגעזאָגט, אַז אין פיר און צוואַנציג שעה זאָל ער פאַרלאָזן קיעוו און זיין אָקרוג. די אַרעסטירטע האָט מען באַפרייט.

אַ פאַקט איז דאָס, פאַרשטייט זיך, נישט קיין באַדייטנדער, נאָר צו אונזער שמחה איז גאָר קיין גלייכן נישט געווען. אַ קליינינקייט — מיר האָבן אויסגעפירט...

אָט דער ליפּסקי האָט אין מיר דערוועקט מיינע אַלטע וואונדן מכח בילדונג, און אַז איך פלעג מיט אים שמועסן, פלעגט מיר שרעקליך באַנג טון מיין פאַרלאָרענע יוגנט, מיין ענערגיע, מיין קוראַזש, מיינע חלומות וועגן ווערן אַ ראַבינער, וועגן גרויסע כלל־אַרבעטן, מיינע האָפענונגען און טרוימען.

אָט דער יונג איז פרײ און געזונט. עס נעמט אָן אַ קנאה פֿאַר זיין שטאַרקייט, פֿאַר זיין פעסטקייט, פֿאַר זיין ברען, פֿאַר זיין היציגקייט. ער וועט געווים צו עפּעס דערשווימען אין לעבן. און איך? איך בין אַ געבונדענער, אַ געפֿאַנגענער, אַן אָרימער פּרנסה־זוכער, אַ מענש מיט צעשלאָגענע מחשבות און חלומות, און איך האָב אים טיף, טיף, ביז גרויסן ווייטאָג, מקנא געווען.

— אָט דאָס איז ענערגיע — האָב איך מיט אַנגסט געטראַכט — אַ מענש טראָגט זעק, גיט שטופּן און גרייט זיך אין אוניווערזיטעט אַריין. אָט דאָס איז כאַראַקטער. טראָגן זעק — און בילדונג. בילדונג און טראָגן זעק... איך בין געווען שוואַך און בין געבליבן שטיין אויפֿן מיטן וועג — נישט אַהער, נישט אַהין.

נאָר טיילמאָל, אין אַזוינע שווערע מינוטן, פֿלעג איך אויסגעפֿינען אויף זיך אויך אַ זכות: איך האָב אַ ווייב מיט אַ קינד... צו פריה חתונה געהאַט... אַ ווייב האָט אַ גרויסן כח... און אַ שטער איז אַ ווייב... אָבער דער דאָזיגער זכות האָט מיר גאָר ווייניג פֿאַרגרינגערט די ווייען. דאָס איז נאָר אַן אויסרייד פֿאַר זיך געווען...

מיט ליפּסקין האָב איך זיך זעהר גוט איינגעלעבט. טיילמאָל פֿלעגן מיר שמועסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. ליפּסקי איז געווען איינער פֿון די ערשטע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן דעמאָלט וואו נישט וואו אַרויסגעשפּראָצט אויף דער אידישער גאַס, און פֿון די זעכציג רובל, וואָס ער האָט געהאַט אַ מאָנאַט, פֿלעגט ער צעטיילן צווישן זיינע אָרימע חברים אַ דרייסיג, פֿערציג רובל.

געגעסן האָט ער פּראָסט שוואַרץ זעלנער־ברויט מיט אַ שטיקל הערינג און דערנאָך פֿאַרטרונקען מיט טיי; און אַ מיטאָג פֿלעגט אים קאָסטן אַ וואָסערע פינף קאָפּיקעס. ער האָט אַ סך געלערנט און אַ סך געקאָנט, און איז שנעל געוואָרן פּאָפּולער בײַ דער אָרטיגער יוגנט.

פֿון זיין מויל האָט זיך געשאָטן פּערל, אַ קאָפּ — אַ פֿייער, דאָס געמיט — לויטער, ווי אַ פריהלינג־טאָג.

ער האָט אויך געהאַט זעהר אַ וואַרעם אידיש האַרץ, און די דאָזיגע וואַרעמקייט האָט זיך אויך איבערגעגעבן זיינע חברים. קריסטליכע סטודענטן האָבן אויף אים געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ.

אויב מיין ערשטער קוואַרטיראַנט איז געווען אַזאַ געראָטענער, איז מיין צווייטער קוואַרטיראַנט געווען אַ סך געראָטענער און אַ היפּש ביסל גרעסער... איך מיין דאָ דעם באַרימטן „האַראָדנער“ מגיד, וואָס האָט געוואוינט אין מינסק. אין אָט דער צייט איז ער גראָד געקומען קיין קיעוו.

נעוויינליך, האָט אים באַלד באַזוכט ר׳ ליב שאַפּיראָ און געבעטן פאַרבלייבן אין קיעוו אַ פּאָר וואָכן.

אַ מגיד, און בפרט נאָך דעם האַראָרנער, באַזוכן אַ סך מענשן, האָט מען באַראַרפט האָבן עפּעס אַן אָנשטענדיג הויז, וואו ער זאָל קאָנען וואוינען און אויפנעמען געסט.

און ר׳ ליבן איז איינגעפאַלן, דער מגיד זאָל זיך איבערציהען צו מיר. ר׳ ליב האָט געוואוסט, אַז איך זוך אַ שכן. אַז ער האָט עס מיר איינמאָל פאָרגעשלאָגן, האָב איך מיט פאַרגעניגן איינגעשטימט.

און דער מגיד האָט זיך אַריבערגעצויגן צו מיר.

עס איז אודאי איבעריג צו זאָגן, אַז דער מגיד איז געווען אַ גרויסער מענש און אַ גרויסער מופלג, געוואַלדיג קלוג און שטאַרק באַלעזן, און אַ צונג האָט ער געהאַט — וואָס נאָך אַזאַ האָב איך אין מיין לעבן נישט געהערט.

די צונג — דאָס איז געווען זיין געווער, זיין אַרטילעריע, זיין האַרמאַט, און מיט איר האָט ער געקאָנט פאַרוואַנדלען מענשן אין פייער. האָט נאָר עמיצער געהערט זיין לשון, זיין רייד, איז ער באַגייסטערט געוואָרן, צעצאַפּלט געוואָרן, און זיין השפעה אויף מענשן איז געווען שרעקליך גרויס.

ווי זעהר אַ פרומער איד, וואָס איז דורכאויס רוחניות, האָט ער געלעבט זעהר אָרים און פּראָסט. זיין עסן איז, דהיינו, געווען נאָר שוואַרץ ברויט מיט זויערע אוגערקעס און אַזוי אַ גאַנצע וואָך. שבת און יום־טוב האָט ער זיך פאַרגינען עסן בעסער, ווי דער דין איז, בשר ורגים און כל המערנים.

צוויי מאָל אין טאָג האָט ער געגעסן זיין מאָגערן „מאָלצייט“ — ברויט מיט אוגערקעס: צוועלף באַטאָג און זעקס פאַרנאַכט.

באַ מיר פלעגט זיין די שטוב געפּאַקט מיט מענשן.

אָפּגעגעסן ברויט מיט אוגערקעס, האָט ער פאַר זיי גערעדט. נאָר גאָט מיינער, וואָס זיינען דאָס געווען פאַר אַ רייד. גאָלד האָט זיך געגאָסן... איך פלעג שטיין אַ פאַרגאַפטער און האָרכן און האָרכן...

רוכט זיך, איך האַלט גאָרנישט פון דעם, וואָס ער רעדט: אמונה, פרומקייט, עבודת הבורא, גאָט, גאָט, גאָט... אָבער ווי רעדט ער? און איך פיל, ווי עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ ליב שאַפּיראָ האָט שוין באַ אים געטאָגט און גענעכטיגט און האָט אים באַדינט ממש ווי אַ משרת.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו טענען מיט אים, ער זאָל האַלטן אַ דרשה אין גרויסן קאָפּוכינס בית־המדרש. דער האַראָרנער מגיד האָט איינגעשטימט.

רעמאָלט האָט דער עולם גענומען באַצייטנס אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי עס זאָל געהאַלטן ווערן די אָרדענונג בעת דער דרשה, מחמת עס קאָנען אָנקומען טויזנטער מענשן. מען האָט פּשוט מורא געהאַט פאַר אַ קאַטאַסטראָפע. פרומע יונגעלייט האָבן אויף זיך גענומען די מיה צו היטן די אָרדענונג.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ליפּסקי, ווי אַן אַפּיקורס און אַ סאָציאַליסט, האָט זיך באַצויגן צום מגיד מיט חשד און איז קיינמאָל נישט אַריין אין מגידס צימער. נאָר מיר האָט זיך געוואָלט זיי ביידן צונויפפירן צוזאַמען. צוויי דורות... ווי וועט עס אויסקוקן.

נאָר ליפּסקי האָט זיך געוואָרפן:

— איך זאָג אייך, אַז ער איז אַ גנב... וואָס אַרט אייך... אַ גנב... איך וויל אים נישט קענען. אַ גנב... אַ גנב...

און האָט נישט געוואָלט גיין זיך באַקענען.

אין אָוונט פון דער דרשה איז געווען געפּאַקט די שול מיט די שענסטע אידן פון שטאָט. עס זיינען אפילו געקומען אים הערן סטודענטן און אַזוי אַ סך אינטעליגענטע יונגעלייט.

ער איז געשטאַנען אויף דער בימה, און איך מיט ר׳ ליבן פון ביידע זייטן. גערעדט האָט ער אָנדערטהאַלבן שעה. דאָס איז געווען ז י י נ ע אַ טיפּישע דרשה, אין וועלכער עס האָבן זיך דורכגעוואָרפן אַ סך בליך־ווערטלאַך און פאַרשיידענע געגנשטאַנדן, און אַסטראָנאָמיע, און וועלט־אַנטשטייאונג, און פיזיאָלאָגיע, און עטיק א. אַז. וו. א. אַז. וו.

געלונגען האָט, דוכט מיר, זיין דרשה דאָס מאָל נישט. די יוגנט איז געבליבן קאַלט. האָט ער זיך אפשר געפילט נישט גוט? צי איז אפשר די שטימונג פון דער יוגנט געווען צו אַ ק ע ג נ ע ר י ש ע און האָט זיך נישט געלאָזט באַזיגן פונם מגידס וואָרט?

אַפּנים, אַז דער גרויסער מייסטער פון וואָרט איז אַליין אויך נישט צופרידן געווען פון זיין דרשה. אַן אומעט האָט זיך געלענט אויף אים, און מיט פאַרביסענע ליפּן האָט ער פאַרלאָזט די שול. איבעריגנס, פרומע אידן האָט די דרשה זעהר צופרידנגעשטעלט.

דער מגיד איז געווען פאַרגאַלט, און איינמאָל אין אַזאַ פאַרגאַלטער מינוט האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז ער נעמט זיך אונטער צו פירן אַ וכוח מיט די גרעסטע אַפּיקורסים פון זיין צייט און וועט זיי מנצח זיין.

דאָס האָט מיך אויך עטוואָס אָנגערירט. צו וואָס אַזאַ זיכערקייט? און איך האָב געזאָגט, אַז דאָ באַ מיר אין אַ זייטיג צימער וואוינט ־איינער אַ ליפּסקי, אַ בחור, וואָס איז געווען אַן עילוי און איז איצט געוואָרן,

לא עלינו, אַ גרויסער אפּיקורס. איך װעל אים אויף טשיקאַװעס אַרײַנ־רופן, זאָג איך, און זאָל דער מגיד פֿאַרפֿירן מיט אים אַ װיכּוח.

— איך װאָלט זעהר געװאָלט, זאָג איך, אַז דער מגיד זאָל אים מנצח זײַן, ער זאָל אַװעקװאַרפֿן זײַן אַפּיקורסות און זיך נעמען בעסער צום לערנען. אַ סך מער תּכלית... האָב איך פֿאַרבאָרגן איראָניזירט. — אָבער װאָס איך האָב מיך מיט אים נישט צעמאַטערט, איז עס אַלץ געװען אומזיסט. ער איז געבליבן בײַ דאָס זײַניגע. שטאַרק איז דער בּחור און האָט אַ מוראדיגן װילן...

דער מגיד האָט מיך באַטראַכט אַ װײַלע און געהייסן אַרײַנרופן.

איך האָב אַזוי געטאָן. ליפּסקי איז דאָס מאָל מרוצה געװאָרן און אַרײַנגעגאַנגען. אין אים האָט אַ שפּיל געטאָן זײַן אייגנליבע... דער אַלטער מגיד נעמט זיך אונטער אים צו באַזיגן... איך האָב אים געמאַכט אַן אָרט אויף צו זיצן, פּונקט אַנטקעגן מגיד, און איך און די מענשן, װאָס זײַנען בּעת מעשה געזעסן אין שטוב, האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן.

דער היציגער ליפּסקי האָט נישט געװאַרט ביז דער מגיד װעט אָנהויבן און איז דער ערשטער אַרויס מיט לשון.

נאָר ערשט דאָ האָב איך זיך געכאַפּט, אַז די גאַנצע מעשה, דער גאַנצער אויפטו מײַנער איז אַ נאַרישער. צװיי דורות קאָנען זיך נישט צונויפרײדן. צװיי דורות קאָנען זיך צונויפרײדן נאָר אויף די שטומע בלעטער פֿון דער געשיכטע, אָבער נישט אין דער געשטאַלט פֿון צװיי לעבעדיגע פֿאָר־שטייער פֿון די ראָזיגע דורות.

ליפּסקי האָט זיך גלײַך גענומען קאָכן, װאַרפֿן, שרײַען, און אפילו אָפּלאַכן פֿונם מגיד. ער האָט אים נישט געלאָזט רײדן מיט דער עכטער עזות פֿון אַ שטאָלצן, באַגאַבטן און װאַרעמען יונגענמאַן.

דער מגיד איז געװען בלאַס און האָט נישט געפֿונען די נויטיגע װערטער... ליפּסקי האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און געמאָלט װי אַ װינט־מיל...

דער סוף איז געװען גאָר אַ מאוסער. אַז דער מגיד האָט גראָד דער־מאָנט װעגן מופֿתים, איז ליפּסקי אויפֿגעשפּרונגען, האָט אַ שפּײַ געטאָן און פֿרעך אַרויסגעזאָגט:

— אַלטע בּהמה!..

און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון צימער.

דאָס איז געװען זעהר אומערװאַרטעט, אומגעהויער מאוס און גראָב, עס איז געװען אַ חרפּה אויפֿצוהויבן די אויגן, אַ קוק טון, װי זעהט אויס דער מגיד. נאָר דער מגיד האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעשטעלט און געזאָגט:

— מאָרגן פאָר איך אַוועק.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער וגיד האָט שוין מיט מיר נישט געוואָלט ריידן, און דערביי האָב איך פ. לאָרן מיין אמתן גוטן פריינט ר׳ ליב שאַפּיראָ. ר׳ ליב שאַפּיראָ האָט זיינגעפונען, אַז אין דעם ראָזיגן מאוסן סקאַנדאַל בין איך אינגאַנצן שולד און אַז אַזאַ „אויסגעטאָנענעם״ יונג, ווי דער ליפּסקי איז, האָב איך גערנישט געטאָרט האַלטן בּאַ זיך אין שטוב, אַלס קוואַרטיראַנט... פאַרפאַלן.

אויף מאָרגן איז דער מגיד אַוועקגעפאָרן און זיך מיט מיר נישט געזעגנט. עס טוט מיר נאָך איצט מיט אַן אמת בּאַנג, וואָס צוליב מיר האָט דער מגיד איבּערגעלעבּט אין קיעוו עטליכע שווערע מינוט.

אַ פּראַקטיק: מען טאָר נישט צונויפפירן צוליבּ אַ וכּוח אַן אַלטן מיט אַ יונגען — צוויי דורות.

---

# קאַפּיטל XX

—

די רוסיש־טערקישע מלחמה. — די פּאַטריאָטישע שטימונג צווישן אידן. — מיר וועלן מנצח זיין!" — אַלעקסאַנדער דער צווייטער. — גוטע האָפענונגען. — שלעכט אָהן פּרנסה. — עס ווערן שיטערער די פּאָליצעס. — סטאָריצקי. — אַן עסק מיט אַ בעד־קעריי. — גנבות. — צו ערליך. — דער נצחון פון רוסלאַנד. — אידישע שמחות. — וואָס טוט מען? — ווידער חרטות. — ווידער אין וועג אריין. — כאַרקאָוו.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער רוסיש־טערקישער קריג. די רעגירונג האָט געזוכט פּאָדראַדטשיקעס און האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אידן און נישט־אידן. פאַר אידן האָט אַ בלאַסק געטאָן אַ האָפענונג פון פּרנסה. צענדליגער אידן האָבן אָנגענומען אין קיעוו פּאָדראַדן, גרויסע און קליינע.

די פּאָדראַדטשיקעס זיינען אַוועק מיטן מיליטער אין די אַלע ערטער, וואוהין דאָס מיליטער איז געגאַנגען. אין קישינעוו איז געשטאַנען דער הויפּט־שטאַב. דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער קיסר.

אינטערעסאַנט איז געווען די דעמאָלטיגע באַציהונג פון אידן צו דער מלחמה. זיי זיינען געווען העכסט פּאַטריאָטיש געשטימט, און עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגן, אַז כמעט אַלע אידן זיינען געווען גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער צוליב דעם נצחון פונם פאָטער־לאַנד, פונקט ווי עס וואָלט געווען אַ אידישע מלחמה מיט אידישע גענעראַלן און מיניסטאָרן, און אידן וואָלטן געהאַט אַלע פרייהייטן אין לאַנד. די ראָזיגע שטימונג האָט געווים אַרויסגעשטאַמט דערפון, וואָס אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צייטן האָט זיך די רעגירונג באַצויגן צו אידן עטוואָס וייכער, עטוואָס בעסער, עטוואָס מילדער.

עס האָט זיך גערוכט, אַז דער שווערער גלות־יאָך מיט אָבלאַוועס, מיט „טשערטאַ", מיט כל הפורעניות וועט פאַרשוואונדן ווערן, און צווישן אידן וועט מען פרייער אָפּאָטעמען. דער איד האָט געטרוימט פון רוסלאַנדס נצחון, האָט ממש געציטערט פאַר יעדעם פיצל ערד, וואָס דער טערק זאָל איינגעמען.

און אַ סך אידישע טעכטער האָבן זיך איינגעשריבן אין באַרמהאַרציגע שוועסטער, אינטעליגענטע יונגעלייט זיינען פרייוויליג און פּאַטריאָטיש גע־גאַנגען אין מלחמה אַריין.

און איך געדיינק, אַז ווען דאָס רוסישע מיליטער איז לייכט אַריבער דעם טייך דונאַי, אָהן אַ בלוט־פאַרגיסונג, איז די שמחה פון מאַנכע אידן געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געטאַנצט אין די גאַסן, עס איז געווען ששון ושמחה. און גערעדט האָט מען צווישן זיך:

— מיר וועלן איינגעמען! מיר וועלן מנצח זיין!

אויף קרעשטשאַטיק, אין דער אידישער בערזע, אויף די טראָטואַרן פון די באַלעבטערע גאַסן זיינען אומגעלאָפן פאַרשמייעטע אידן — סוחרים, און מעקלער, און פאַבריקאַנטן, און קליינע קרעמערלאַך, און אַרבעטער, און קבצנים און מען האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות פון דער מלחמה. צוזאַמען דערמיט האָט מען געשטאָלצירט מיטן קיסר, אָנגעקוואָלן פון זיין גוטסקייט, פון זיין ווייך האַרץ, געלויבט אים און גערימט אים און מיט התפעלות זיך מתוכח געווען מכח די אַלע רעפאָרמעס, וואָס ער האָט איינגעפירט און וועט נאָך איינפירן.

און מיט אַ באַזונדער תענוג פלעגן אידן אויסרעכענען די אַלע גוטע זאַכן, וואָס דער קיסר האָט איינגעפירט פאַר דער צייט פון זיין זעצן זיך אויפן טראָן: ער האָט פאַרקלענערט דאָס מיליטער־דינסט פון פינף און צוואַנציג יאָר אויף פופצען, האָט פאַרבאָטן לייב־שטראָף צווישן סאָלדאַטן, באַפרייט די פויערים פון לייב־קנעכט, רעפאָרמירט די סודן, נעגעבן מאַנכע הנחות אידן און אַנדערע פעלקער און דעסגלייכן. יענע צייט איז געווען אַזאַ, וואָס קוים האָט זי עמיצער איבערגעלעבט, וועט ער זי שוין נישט פאַרגעסן.

מיט פרנסה בין איך נאָך אַלץ נישט געווען באַזאָרגט און איך האָב געהאַלטן אין איין זוכן מיטלען ווי אַזוי זיך איינצואָרדענען.

דער פריון אין קראָם איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. באַקאַנט־שאַפט האָב איך אפילו געהאַט גרויסע און געהויבענע, עס זיינען געווען רייכע מענשן, וואָס וואָלטן מיך געוואָלט שטיצן מיט פריון, האָב איך אָבער באַדאַרפט האָבן אַ סך סחורה, מיט אַ גרעסערער קראָם, און צו דעם האָט מיר געפעלט געלט.

איך האָב, ווי געזאָגט, נישט געקאָנט שווינדלען, דרייען, כאַפּן, מאַכן פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס, ווי אַלע געשעפטס־מענשן טוען. צוליב דער־זעלבער סבה בין איך אויך נישט געוואָרן קיין עכטער פּאָסעסאָר, ווי אַלע פון מיין פאַמיליע. יעדערער האָט אָנגענומען הויפן, גרעסער ווי

זיין קאַפּיטאַל האָט באַטראָפֿן, און מען האָט געשווינדלט און געלעבט אויף גאָטס וועלט.

שווינדלען האָב איך נישט געקאָנט — איך האָב אָבער אויך נישט געוואָלט איינרייסן אַ וועלט. ל ע ב ן רוהיג האָב איך נאָר געוואָלט. רוהיג, באַשיידן, אָהן איבעריגע רייכקייטן, און איך זאָל מיר קאָנען איבערלעזן אַ ספר, טון עפּעס אַ כלל־זאַך, פֿאַרנעמען זיך מיט גייסטיגע ענינים. נאָך מער: איך האָב שטענדיג פֿיינט געהאַט יענע לייט, וואָס טוען זיך אַריין אין געשעפֿט מיטן קאָפּ און מיטן האַרץ, קאַרגן, שלעפּן און רייסן געלט און קיין זאַך גייט זיי נישט אָן, אויסער זייער געשעפֿט, אויסער זייערע פֿאַרדינסטן.

און איך בין זיך שטילערהייט מודה (מיין ווייב זאָל נישט הערן), אַז טיף באַ זיך אין האַרצן האָב איך אויסגעלאַכט פֿון דעם גרויסן מיליאָנער ר׳ ישראל בראָדסקי מיט זיינע צוקער־פֿאַבריקן, מיט זיינע גרויסע געשעפֿטן, מיט זיינע אומגעהויערע טומלענישן און האַווענישן. צו וואָס רייכקייט און טומל צוליב רייכקייט? איז דען נישט בעסער אַ באַשיידן לעבן, אַ גוט און וואויל קהלשע שטיקעלע אַרבעט, אַ רוהיג הויז און אַ האַרציגע קאָמפּאַ־ניע מיט ליבע גוטע מענשן? צו וואָס דאָס געלט? צו וואָס דער טאַרעראַם, וואָס דערהרגעט די נשמה און דאָס האַרץ? אָבער לעבן דאַרף מען דאָך — האָב איך נאָר געגלוסט, ווי געזאָגט, צו האָבן אַ רוהיג שטיקעלע פּרנסה.

אָבער דאָס איז נישט געווען. די פּאָליצעס האָבן אָנגעהויבן צו ווערן וואָס ווייטער שיטערער און שיטערער, מיר האָט אָנגעהויבן פֿעלן געלט, נישטאָ מיט וואָס סחורה צו קויפֿן און מיט דירה־געלט איז... ביטער.

מאַכט זיך, אַז אַ פּאָניע ס ט אָ ר י צ ק י נעמט אָן אַ פּאָדראַד צו צושטעלן דער רעגירונג אַ האַלב מיליאָן פּוד סוכאַרעס פֿאַרן מיליטער אויף דער מלחמה. האָט מען באַדאַרפֿט האָבן מעל, אַ בעקעריי און עס האָט זיך געפֿאָדערט אַ מענש, וואָס זאָל אויפֿקוקן דערויף און אָפּ־נעמען די טראַנספּאָרטן מעל, וואָס וועלן צוגעשיקט ווערן פֿון ביעלאַ־צערקאָוו. מען האָט מיך רעקאָמענדירט און איך בין אָנגענומען געוואָרן.

איז אָנגעקומען דער ערשטער טראַנספּאָרט: צוויי טויזנט פּוד מעל. אַז איך האָב צוגעוואויגן די מעל אין בעקעריי, איז געווען צוויי טויזנט צוואַנציג פּוד. אַז איך האָב אַרויסגענומען אַ קוויטעלע פֿון דעם, וואָס האָט צו־גענומען די מעל אין בעקעריי, האָב איך געפֿונען אין קוויטעלע איינגעשריבן נישט צוויי טויזנט מיט צוואַנציג פּוד, נאָר צוויי טויזנט צ וו י י ה ו נ ד ע ר ט מיט צוואַנציג פּוד.

*

זאָג איך יענעם, אַז ער האָט אַ טעות, עס איז מער נישט געווען ווי צוויי טויזנט צוואַנציג פֿור. זאָגט ער מיר, אַז איך האָב אַ טעות און הויבט מיך באַלד אָן זידלען, אַז איך טויג זיך גאָר נישט פֿאַר קיין „מענטשן", קוים קאָן איך האָבן אַזאַ גרויסן טעות באַ דעם ערשטן טראַנספּאָרט, טענה איך אָבער:

— ניין, אַזוי איז דאָס. אַנו, וועגט עס איבער.

אָבער ער וויל שוין גאָר מיט מיר נישט ריידן.

— וואָס אַרט עס אייך? — האָט ער לסוף בייז אַ ברום געטאָן, אַז ער האָט דערזעהן, אַז ער קאָן מיט מיר גאָרנישט מאַכן.

— מישט זיך נישט אַהער. זאָל דער בעל־הבית ראַנגהן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום קומט צופֿאָרן דער פּאָדראַדטשיק פֿון דער מעל, אַ קריסט, מאַך איך זיך נישט וויסנדיג און דערצייל אים די מעשה מיטן „טעות", דאָס הייסט, אַז מען האָט מיר געגעבן אַ קוויטאַנציע אויף מער מיט צוויי הונדערט פֿור. איך האָב זיך מיט יענעם געשפּאַרט, דערצייל איך, נאָר יענער האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז נישט מיין דאגה, אויב עס איז פֿאַרשריבן מער.

דער מעל־פּאָדראַדטשיק האָט מיך אויסגעהערט און מיך... אָפּגעזאָגט פֿון דער שטעלע, ווייל איך קאָן קיין רעכענונג נישט מאַכן...

איך האָב דערציילט די מעשה פֿאַר דעם, וואָס האָט מיך רעקאָמענדירט צום פּאָדראַדטשיק. יענער האָט מיר תּיכּף דערויף באַמערקט, אַז דער מעל־פּאָדראַדטשיק האָט זיך טאַקע שטאַרק באַקלאָגט פֿאַר אים, וואָס דער איד, קאָטיק, איז עפּעס גאָר נישט קיין מענטש... ער האָט זיך גאָר אַזוינס נישט פֿאָרגעשטעלט פֿריהער. ער האָט געמיינט, אַז מיט אידן קאָן מען מאַכן עפּעס רעכטע געשעפֿטן... לאָזט זיך אויס, אַז דער איד איז עפּעס צו כשר, נאַאיוו און אַז מען שרייבט אים אַריין אין קוויטאַנציע אַ גרעסערע וואָג מעל, שטעלט ער זיך אַוועק אַנטקעגן און וויל נישט נעמען די קוויטאַנציע. ער וויל, עס זאָל זיין אַ ריכטיגע וואָג... פֿע!

בין איך שוין ווייטער געבליבן אָהן אַ שטעלע, דער מעל־פּאָדראַדטשיק האָט שוין צוגענומען אויף מיין אָרט אַ דייטש, אויך לויט אַ „רעקאָמענ־דאַציע" און מען האָט געאַרבעט אויף אַלע כּלים. מען האָט איבערגעשיקט אַ סך מעל, און גנבות זיינען געמאַכט געוואָרן געוואַלדיגע. קוויטאַנציעס זיינען געגאַנגען אויף זעהר גרויסע סומעס, כּמעט דאָפּלט וויפֿיל מעל עס איז געווען.

אַוועק עטליכע וואָכן און דער פּאָדראַדטשיק סטאָריצקי האָט זיך געכאַפּט פֿון די גרויסע גנבות, וואָס דער מעל־פּאָדראַדטשיק, דער גאַנצער בעל־

הבית, איז באַגאַנגען. קיין פּראָצעסן האָט סטאָריצקי נישט פאַרפירט, אָבער ער האָט דעם מעל־פּאָדראַדטשיק אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע.

דער דאָזיגער סטאָריצקי האָט גוט אויסגעפאָרשט די זאַך און האָט זיך פאַר אייניקע דערוואוסט, אַז דער ערשטער מענש, וואָס האָט צו־געשטעלט די מעל, איז געווען אַ איד, וואָס האָט זיך באַצויגן זעהר אָרנטליך און נישט געוואָלט צונעמען די ערשטע קוויטאַנציע, אין וועלכער עס איז שוין געווען געמאַכט אַ פעלשונג. דערפאַר האָט מען אים טאַקע אָפּגעזאָגט.

סטאָריצקי האָט מיך באַלד אויפגעזוכט און, איבערגעבנדיג דאָס גאַנצע געשעפט אונטער מיין השגחה, האָט ער מיר באַשטימט אַ פיינע פּענסיע.

אויסערדעם, האָט מיר סטאָריצקי צוגעגעבן גרויסע האָפענונגען: שפּעטער, אַז עס וועט זיך ענדיגן די מלחמה, וועט ער מיך צונעמען צו זיך אין זיינע געשעפטן, און איך וועל, מיט איין וואָרט, לעבן אַ טאָג.

אָבער אין אַ פיר וואָכן אַרום האָט סטאָריצקי באַנקראָטירט. אַפּנים, צוליב גרויסע גנבות פון דעם מעל־פּאָדראַדטשיק. נאָך פאַרן באַנקראָט האָט אָפּגעבּרענט די בעקערייי. דאָס זיינען, אַפּנים, געווען די הכנות צום באַנקראָט און אַ סוף צו דער שטעלע.

סטאָריצקי האָט אָפּגענומען סטראַכירונגס־געלט זעכציג טויזנט רובל און איז אַרויס אינגאַנצן פון קיעוו. און איך בין ווייטער געבליבן אַן אָרימער קרעמער מיט לייריגע פּאָליצעס.

די מלחמה האָט זיך, ווי באַוואוסט, געענדיגט מיטן נצחון פון רוסלאַנד. פּלעווגע איז געפאַלן, און די בשורה האָט אַלעמען אַזוי דערפרייט, אַז אידן האָבן געטרונקען לחיים, פונקט ווי אויף אַ פרייליכן און זעהר אַ יחוסדיגן ברית.

אויף דער בערזע, וואו די התפּעלות זיינען געווען באַזונדערס גרויס, האָט מען געשמועסט וועגן שיקן צום קייזער אַ באַגריסונגס־טעלעגראַם, אין וועלכער ער זאָל אָנגערופן ווערן, אויסער מלך של חסר, אויך אַלעקסאַנדער דער ג ר ו י ס ע ר.

דאָס וואָרט „גרויסער" איז זעהר געפעלן געוואָרן די קיעווער אידן און איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע אידישע הייזער און הייזלאַך.

צוליב מאַנכע סבות איז די דעפּעש נישט געשיקט געוואָרן אין נאָמען פון דער קיעווער אידישער קהלה, נאָר פון געציילטע קרייזן און איז געבליבן אָ ה ן אַן ענטפער. די שטימונג איז געווען געהויבן, פונקט ווי אין די אָרערן וואָלט צוגעגאָסן געוואָרן פריש בלוט, און לאַנג, לאַנג, שוין נאָך דער מלחמה אפילו, האָט מען זיך נישט געקאָנט באַרוהיגן.

אַז דער כּלל האָט זיך געצעפּלט, האָב איך זיך פאַרגעסן, וואו איך האַלט אין דער וועלט. אַז עס איז אָבער שטילער געוואָרן, האָב איך איינגעזעהן, אַז איך בלייב שוין גאָר אָהן ברויט. וואָס טוט מען?

אין כאַרקאָוו האָט געוואוינט מיינער אַ קרוב ר׳ הלל פריד. זיין פאָטער ר׳ זלמן און מיין באָבע רבקה־חיענע, די גראָדנער רביצין, זיינען געווען שוועסטער און ברודער. דער ראָזינער קרוב, ווי מיר איז געווען באַקאַנט, איז זעהר רייך און איז אַ פאָדראַדטשיק פון באַנען און בריקן און האַלט אפשר אַ פערציג פּריקאַזטשיקעס.

ווי באַלד אַזאַ פעטער — דאַרף מען, מעשה־שלים־מזל, פאָרן צו אים. וואָס זאָל איך אַנדערש טון? קיין אַנדער ברירה נישטאָ.

אַוועקפאָרן פון קיעוו איז אָבער געווען אַזוי שווער, אַזוי שווער, געווען אַזוי פיל האַרציגע באַקאַנטע, געווען גוטע נאָהענטע מענשן, מיט וועמען איך האָב מיך איינגעלעבט. און דאָ נעם, וואַרף אַלץ אַוועק און פאָר זוכן פרנסה צו אַן אומבאַקאַנטן רייכן קרוב.

ווער ווייס, ווי ער וועט מיך אויפנעמען? ווער ווייס, צי איך וועל עפּעס מאַכן?

פאָרן אָבער האָב איך געמוזט — עס האָט ממש געשמעקט מיט הונגער... און אָט האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין אַ דאַמפּער, וואָס איז געגאַנגען איבערן דניעפּער, און מאַרש קיין כאַרקאָוו.

דעם גאַנצן וועג בין איך געווען אומעטיג, פאַרטראַכט. עס האָט געריסן דאָס האַרץ נאָך קיעוו. אין שיף איז געווען איינג. אידעלאַך — דאָ, אידעלאַך — דאָרטן. מען רעדט, מען לאַכט, מען וויצלט זיך. איך אָבער האָב געשוויגן.

אָפּט מאָל איז מיר אַרויפגעקומען אַ געדאַנק, אַז מיינע עלטערן האָט זיך געלעבט בעסער. מען איז זיך געזעסן אויף איין אָרט, דערצויגן די קינדער, געלעבט אין רוהיגקייט, נישט געוואָגלט, נישט געוואַנדערט און נישט געוואוסט פון די שווערע איבערלעבונגען, וואָס האָבן מיר פיל געמאַכט דאָס האַרץ אויפן שיף.

איך האָב זיך אַזוי פאַרטראַכט און פאַרביינקט, אַז איך האָב נישט געוואוסט דעם גאַנצן מעת־לעת, צי איך פאָר אויף אַ שיף, צי איך זיץ ערגעץ אין אַ שטוב. און איך האָב אויך נישט געגעסן.

נאָר קיין כאַרקאָוו בין איך דאָך געקומען. עס איז געווען תשעה־באב באַטאָג. איך בין באַלד פאַרפאָרן צו פרידן און געטראָפן ריכטיג צו אַ לויה: דער בוכהאַלטער איז געשטאָרבן — אַ גוטע באַגעגעניש. אַלע זיינען געווען פאַרטאַרעראַמט דעם טאָג און ערשט פאַרנאַכט האָט מען געקאָנט מיט עמיצן וואָס ריידן. באַ מיר אויפן רוקן זיינען אומגעשפּרונגען מוראַשקעס...

---

# קאַפּיטל XXI

—

מיין קרוב ר׳ הלל פריד. — אַ שלעכטער עקזאַמען. — שווערע רעיונות. — מיינע קינדער־יאָרן. — אַ מלחמה צווישן „רוסן“ מיט „טערקן“. — איך בין אַ קיסר. — אַ לאָך אין קאָפּ. — באַצאָלט זיך. — פרידס געשעפטן. — פּאָליאַקאָוו. — פרידס הויז. — מען גיט מיר אַרבעט. — דער אַלטער גובערנאַטאָר. — פרידס טאָכטער. — גנאָדמאַן. — ליפשיץ. — אַ מעשה מיט אַ פּאַפּיר.

ווי געזאָגט, האָב איך מיין קרוב געקאָנט זעהן ערשט פאַרנאַכט נאָך דער לויה. מען האָט אים שוין געגעבן צו וויסן, אַז ער האָט אַ גאַסט — זיינעם אַ קרוב אַ יונגענמאַן.

ער איז אַריין צו מיר אין צימער, געגעבן שלום און געפרעגט, ווי די מאָרע איז, ווער בין איך. אַז איך האָב אים געזאָגט, ווער איך בין, האָט ער מיר פריינטליך נאָך אַמאָל געדריקט די האַנט, און באַלד איז געקומען אַ האַרבערע און גאָר אַ געזאַלצענע שאלה:

— וואָס טו איך אין כאַרקאָוו?

דערציילט איך אים פון מיין גלות, פון מיין וואָגלעניש. ביז איצט זיך נישט איינגעאָרדנט. געווען אַ פּאָסעסאָר, אַ קרעמער, אפילו אַ מלמד און אַלץ נישט געקומען צו אַ טאָלק... פאַראַן, זאָלן געזונט זיין, אַ ווייב מיט קינדער, נאָר די קעשענעס זיינען ליידיג. אַ שטעלע דאַרף איך. אפשר קריג איך באַ אים אַ שטעלע? צי האָט ער נישט פאַר מיר עפּעס אַ פּאָסטן?

— אַ שטעלע? — גיט מיין קרוב אַ ציה מיט דער נאָז — אָט ערשט איז געשטאָרבן מיין בוכהאַלטער. צוויי טויזנט רובל אַ יאָר האָט ער גענומען. אפשר קאָנט איר אָננעמען די שטעלע?

אין די לעצטע ווערטער זיינע פיל איך אַ מין איראָניע.

— קיין בוכהאַלטער בין איך נישט.

— טאָ וואָס־זשע קאָנט איר? — וואַרפט ער אויף מיר אַ שאַרפן בליק.

איך ווייס נישט וואָס צו ענטפערן.

נאָר ער זאָגט ווייטער:

— איך האַלט פאַראַרן באַ דער אייזנבאַן, איבער דרייסיג פּריקאַז־טשיקעס האָב איך. זיי זיצן יעדערער אויף אַן אַנדער דיסטאַנציע. אָבער אין די אַלע געשעפטן זענט איר, ווייזט אויס, איינגאַנצן פרעמד. גוט אַ מענש אַ „כאָלאָסטאָי", שטעלט ער זיך פון אָנפאַנג אויף אַ קליינער שטעלע, אַרבעט אַ וואָסערע פאָר יאָר, און אויב ער איז אַ פייהיגער, שטייגט ער ביסלעכווייז אַרויף. אָבער אַ מענש מיט אַ ווייב, מיט קינדער און דערצו נאָך אַן אומבאַקאַנטער אין מיינע געשעפטן — וואָס קאָן אַזאַ איינער באַ מיר טון?

פריד איז אייגנטליך גערעכט געווען. וואָס האָב איך טאַקע באַ אים געקאָנט טון?

דערזעהן, אַז איך זיץ אַ דערשלאָגענער, האָט ער מיך פאַרבעטן צום טיי.

אין אָוונט זיינען געקומען פאַרשיידענע מענשן וועגן געשעפט. ער האָט מיט אַלעמען גערעדט, אין שטוב איז אַ טומל, ווי באַ אַלע גרויסע געשעפטס־לייט.

אַך, ווי מיר איז באַקאַנט דער דאָזיגער טומל!

אַז פריד האָט זיך אָפּגעפאַרטיגט מיט זיינע געשעפטן, האָט ער מיך אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט. מיר האָבן דאָרט לאַנג געשמועסט. לסוף האָט ער מיר געזאָגט, איך זאָל נישט זיין פאַרקומערט, נישט דאגהן, אפשר וועט ער שפּעטער אַביסל קריגן פאַר מיר עפּעס אַן אַרבעט. רעם ווייבס קרובים האָבן צעכאַפּט אַלע שטעלעס...

מען וועט דאַרפן רעמאָנטירן דעם גובערנאַטאָרס וואוינונג. מעגליך, אַז דערביי וועל איך האָבן אַרבעט. דאָס וועט זיין אַ גרויסער רעמאָנט.

— און... דערווייל פאַרברייננגט באַ אונז און זייט פריילין.

פריד האָט מיך כלומרשט באַרוהיגט, אָבער אַז איך האָב זיך געלעגט שלאָפן, האָב איך געהאַט שווערע רעיונות. וואָס פאַר אַן „אַרבעט" קאָן איך האָבן באַ פרידן? אומשטיינס געזאָגט, באָמבלען זיך אַ פאָר חדשים באַם גובערנאַטאָר. און וואָס דערנאָך? דערנאָך איז ווינטער, און ווינטער איז באַ אים גאָר נישטאָ קיין אַרבעט, און צאָלן צאָלט ער נישט, טאָ וואָס וועט דאָ זיין מיט מיר? וואָס וועל איך טון? וועל איך זיצן באַ אים און עסן?

און מיר האָט זיך געדוכט אין דער גרויסער רייכער שטוב, וואו איך ליג און קאָן נישט איינשלאָפן, אַז איך בין געקומען צו אַ ברעג, צו אַ גרויען וויסטן ברעג, וואו איך וועל אויך געפינען מיין סוף...

מיר איז געוואָרן שרעקליך אומעטיג, און נישט־ווילנדיג זיינען מיר דורכ־געגאַנגען אין זכרון פאַרשיידענע מאָמענטן פון מיין יוגנט, ליכטיגע, פריי־

ליבע, זאָרגלאָזע, בעת דאָס האַרץ האָט נישט געוואוסט פון נויט, פון פּרנסה־זוכעניש. אָט איז, למשל, ל״ג־בעומר און איך אָרגאַניזיר אַ מלחמה צווישן אינגלאַך.

די גאַנצע שטאָט האָב איך אויפגערודערט.

יעדעס אינגל האָט באַדאַרפט קומען אויף דער מלחמה מיט אַ בלעכן שווערדל, וואָס איך האָב באַשטעלט באַ אַ בלעכער צו דרייסיק קאָפּיקעס אַ שטיק.

פאַר זיך האָב איך געלאָזט מאַכן עפּעס אַן אויסערגעוויינליך שווערדל, וואָס האָט געקאָסט זעכציק קאָפּיקעס. די אינגלאַך, ווי צוויי פיינטליכע פעלקער, זיינען צעטיילט געוואָרן אויף צוויי לאַגערן, אויף צוויי מלוכות: טערקיי און רוסלאַנד, און אודאי מיט צוויי קיסרים.

איך בין געקרוינט געוואָרן פאַרן רוסישן קיסר, און מיין חיל איז באַשטאַנען פון דריי און דרייסיק אינגלאַך כנגד ל״ג־בעומר; דעסגלייכן באַ די „טערקן". ביידע מחנות חיל זיינען אַוועק צו די בערג, אַ וויאָרסט פון קאַמעניץ. דאָרט האָב איך מיט מיין חיל פאַרנומען אַ באַרג; דער „טערקישער" קיסר אברהמלע, לייבע פאָליאַקעוויטשעס זון, איז געשטאַנען מיט זיין מיליטער אויף דעם אַנדערן באַרג און געקוקט מיט גאוה צו מיר אין לאַגער אַריין.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און מיר האָבן זיך גענומען יאָגן אין טאָל. שלאָגן זיך, חלילה, איז נישט געלעגן אין אונזערע סטראַטעגישע צילן. מיר האָבן נאָר באַדאַרפט פון טאָל שנעל אַרויפלויפן צוריק אויפן באַרג, און וועמעס חיל עס וועט עס מאַכן שנעלער — די האָבן געווינט.

עס וועט נישט זיין קיין באַרימעריי, ווען איך וועל זאָגן, אַז מיין חיל איז דאָס ערשטע געקומען אויפן שפּיץ באַרג. אָבער דער „טערקישער" קיסר האָט עס נישט געוואָלט אָנערקענען און האָט געשריען, אַז איך האָב אים אָפּגענאַרט: איך האָב אויסגעקליבן אַ באַרג, וואָס איז גאָרנישט אַזוי הויך, ווי זיין באַרג, און דעריבער בין איך געקומען פריהער.

אודאי איז דאָס געווען פאַר אונז אַ באַליידיגונג מצד דעם טערק, און עס איז געוואָרן אַ קריג. בעת חילות שטייען, קאָן מען קיין באַליידיגונג נישט פאַרשווייגן, און ביידע חילות האָבן גענומען וואַרפן זאַמד און ערד פון איין באַרג אויף דעם צווייטן מיט אַזאַ אימפּעט און געשווינדקייט, אַז דער הימל איז אַזש שוואַרץ געוואָרן. זאַמד און ערד איז אָבער אַזאַ סחורה, וואָס שטאַרק קאַליעטשן קאָן דאָס נישט, נישט מער, די נעזלאַך זיינען באַ אונז פאַרשטאָפּט געוואָרן מיט שטויב.

שלעכט איז אָבער געווען, ווען דעם טערקס אַ סאָלדאַט האָט אויפֿ־געהויבן אַ שטיין און האָט רוקא מיר געמאַכט אַ לאָך אין קאָפּ, טאַקע אַן אמתע לאָך, און עס איז געגאַנגען בלוט...

רערזעהן בלוט, האָבן זיך שוין ביידע חילות דערשראָקן און מען איז זיך צעלאָפֿן אַהיים. אַ גליק נאָך, וואָס אונז זיינען נישט באַפֿאַלן קיין שקצים מיט קיין הינט אויפֿן וועג, וואָס דערמיט האָט זיך אַזוי טראַגיש געענדיגט אונזער ליבהאַרציגס שלום־עליכמס אַ ל״ג־בעומר־מעשהלע.

דער טאַטע איז באַלד געוואָר געוואָרן פֿון דער מעשה און אַריינגעשיקט צום רבין אַ קוויטעלע, אַז יענער זאָל מיך אָפּשמייסן.

דער רבי האָט זיך גאָרנישט געלאָזט בעטן און תיכף ומיד מקיים פּסק געווען.

דאָס איז געווען דאָס איינציגע מאָל, וואָס איך האָב געקראָגן געשמיסן; מעגליך דערפֿאַר, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט זיין קיסר...

אַזוינע מעשיות האָבן דורכשפּאַצירט דורך מיין זכרון, ליגנדיג אין דעם פֿרעמדן רייכן הויז, און זיי האָבן מיך דאָך נישט געמאַכט פֿרייליכער...

עס איז געווען ביטער און זויער אויפֿן האַרצן.

נאָך עטליכע טעג זיינען אַריבער, און איך האָב מיך צוגעקוקט צו דער שטוב.

פֿריד האָט געהאַט גערויטענע קינדער. צוויי זין זיינען געגאַנגען אין אוניווערזיטעט, און פֿון די דריי טעכטער איז איינע געווען אַ וועלט־באַרימטע שיינהייט. מען האָט זי גערופֿן די יונגע דרום־שיינהייט. זי איז אויך געווען אַ זינגערין, האָט מיט גרויס ערפֿאָלג געגעבן קאָנצערטן און איז בכלל געווען זעהר און זעהר אַ גערויטענע.

די געשעפֿטן האָט פֿריד געפֿירט גלענצנדיג, און די צענדליגער פֿריקאַז־טשיקעס זיינע האָבן זיך באַוועגט אין די ראָזיגע געשעפֿטן שטריינג און מיט אָרדענונג, פּונקט ווי די רעדער אין אַ מאַשין.

אין די וואָכן, בעת קיין אַרבעט איז נישט געווען, ווי איך האָב דערנאָך באַמערקט, האָבן די פֿריקאַזטשיקעס פֿול געמאַכט די שטוב מיט פֿרייליכן טומל, עס האָט גערוישט און געקאָכט, און יערערער האָט רעמאָלט געמענט מקנא זיין דעם ראָזיגן הויז פֿון גרויסע רייכע געשעפֿטן און פֿון גערויטענע קינדער.

פֿריד אַליין האָט אַמאָל געלערנט אין וואָלאָזשין, וואו ער האָט פֿאַר־בראַכט גאַנצע זעקס יאָר, און איז געווען מפֿורסם פֿאַר אַ גרויסן למדן. זיין פֿאָטער ר׳ שמחה־זלמן, ר׳ חיים וואָלאָזשינערס אַן אייניקל, איז אויך געווען אַ איד אַ למדן און אַ גביר און האָט געהאַט אַ שם פֿאַר אַ חכם.

שפּעטער איז פריד געוואָרן דעם מאָהילעווער צייטלינס אַן איידעם. צייטלין איז געווען פון די גרויסע פּאָדראַטשיקעס און האָט געגעבן נרן זיין טאָכטער פינף טויזנט רובל; ר׳ שמחה־זלמן, ווידער, האָט געלענט אַנטקעגן טויזנט רובל.

דער יונגער פריד האָט זיך גענומען באַקענען מיט פּאָדראַדן נעבן זיין שווער צייטלינען. אָבער צו דער צייט האָט דער שווער באַנקראָטירט און פריד איז אויך געבליבן כמעט אָהן געלט. ער האָט געהאַט באַ זיך אַ פינף הונדערט רובל און איז דערמיט געפאָרן קיין כאַרקאָוו צו איינעם אַ אינזשענער, וועלכער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין שווער צייטלינען נאָך אין די גוטע צייטן.

אין כאַרקאָוו האָט אים דער אינזשענער געגעבן אַ „פּאָדראַד“ צו־צושטעלן בעזימער, אָפּצורייניגן דעם שניי פון אַ ליניע, און פריד האָט פאַרדינט אין צוויי וואָכן צייט פופצען הונדערט רובל.

דער אינזשענער, וואָס האָט זיך באַקאַנט מיט פרידס פייהיגקייט, איז געווען פון אים צופרידן און האָט אים באַלד נאָך דעם איבערגעגעבן צו־צושטעלן שטיינער צו דער ליניע.

דעמאָלט האָט פריד פאַרדינט אין אַ האַלב יאָר צייט זעכציג טויזנט רובל!

איצט, אַז ער האָט שוין געהאַט אַזאַ סומע, איז ער אַוועק פאָראויס לייכט און שנעל. ער האָט אָנגענומען פּאָדראַדן אויף פּאָדראַדן און האָט אין איין יאָר צונויפגעזאַמלט אַ סומע פון צוויי הונדערט טויזנט רובל.

די ערשטע זאַך האָט ער אָפּגעקויפט באַ אַ פּאָליאַקאָוון דאָס הויז, וואו יענער האָט געוואוינט, איידער ער איז אַרויס קיין מאָסקווע. דאָס הויז איז געווען אַ גרויסאַרטיגס מיט אַ פּרעכטיגן גאָרטן, אין סטיל פון די אַמאָליגע רוסישע גוט־באַזיצער: זעלטענע מינים בוימער, זעלטענע מינים בלומען, געטאָקטע אַלייען און געקינסטעלטע טייכעלאַך.

באַזונדערס שיין איז באַ אים געווען די „קופּאַלניע“.

דאָרט האָבן געוואַקסן בלומען, די ווענט זיינען געווען געמאָלט, דאָס וואַסער קלאָר, און אַ באַזונדער היימליכקייט האָט אַרויסגעקוקט פון אַלץ.

אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ פּלאַקאַט, וואו עס איז געווען אָנגעוויזן, אַז אין דער און דער שעה באָדט זיך דער גובערנאַטאָר, אין דער און דער שעה — פרידס פאַמיליע, אין דער און דער שעה — עפּעס איינער אַ פירשט א. אַז. וו.

פריד אַליין, ווי איך האָב מיך דערנאָך איבערצייגט, איז געווען זעהר אַ ברייטער מענש און האָט פאַרלעבט נישט ווייניג געלט אַ יאָר. מען האָט געזאָגט, אַז פריד איז אַ בעל־הוצאה פון פערציג טויזנט רובל אַ יאָר.

אָבער אויפגעפירט האָט ער זיך זעהר אידישליך: אין דערפריה האָט ער געדאַוונט, דערנאָך געלערנט און שבת איז באַ אים שטרייננ אָפּגעהיט געוואָרן. ער האָט אפילו געהאַט זעהר אַ שיינע סוכה, געמאָלט און געצירט, ווי אַ פּאַלאַצל, מיט צוויי הויכע פליגלען.

אַז מען האָט מיך שוין גענומען צו־ניצן צו דער „אַרבעט“, דאָס הייסט, באַם רעמאָנט אין גובערנאַטאָרס הויז, האָב איך שטאַרק געליטן פון פרידס אויפזועהער, אַ איד זעהר אַ מגושמדיגער, אַ ווילדער, אַ שרייער און אַ כּעסן.

איך פלעג נישט קאָנען, געדיינק איך, איבערטראָגן זיינע גראָבע געשרייען און איך פלעג ממש וויינען פון אים.

איך האָב זיך אָבער נישט געקאָנט העלפן, וואָרום ער, דער אויפזועהער, איז געווען אַ גרויסער בּריה, האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט צו טון, און פריד איז פון אים געווען העכסט צופרירן.

פון זיינע באַהאַנדלונגען האָבן אַלע מענשן געליטן, נאָר מען האָט געמוזט שווייגן. אונטער דער השגחה פון זיין אויג האָבן זיך געדרייט פרידס געוואַלדיגע געשעפטן, און פרידס ווייב, וואָס דער דאָזיגער אויפזועהער האָט פיל מאָל באַשאָטן מיט זידל־ווערטער און געשרייען, האָט אויך געמוזט שווייגן.

האָב איך אויך געמוזט פאַרבייסן די ליפּן און שווייגן. ווער קאָן דאָס גיין קעגן דעם אַלמעכטיגן אויפזועהער? דערפאַר אָבער האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיטן גובערנאַטאָר, זעהר אַ וואוילער און אַ ליבּע־ראַלער מענש. זיין פרוי און קינדער זיינען געווען אין אויסלאַנד, און ער אַליין האָט מיט אַ גוטמוטיגער רוהיגקייט אַכטונג געגעבן, אַז דער רעמאָנט זאָל נישט געמאַכט ווערן טאַנדעט:

— דאָ אַ קייטעלע... דאָ אַ קלאַמקעלע... דאָ בעסער פאַרשמירן... — האָט ער זיך געבעטן, ווי אַ קינד.

און דערבּיי האָט ער יערערן וואַרעם צוגעוואָרפן:

— וואָט טאַק, טאַק, מאָלאָדיעץ...

אַ באַזונדער איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט זיין שלאָפצימער. דאָס איז געווען אַ זעלטן־שיינער חדר. די וואַנט, וואָס באַ זיין בעט, איז געווען באַצוינגן מיט אַ טייערן טעפּיך, און אויף דעם דאָזיגן טעפּיך זיינען געווען אויסגעהאַנגען פאַרשיידענע מינים געווער: שווערדן, קינזשאַלן, זעבלען, ביקסן, פּיסטאָלעטן א. אַז. וו. פיל מינים קינזשאַלן און שווערדן זיינען געווען שירַיים פון פאַרשיידענע קיסרים. פונם דאָזיגן געווער האָט אַרויסגע־בּלישטשעט גאָלד, זילבער, פּערל און בּריליאַנטן. דערמיט זיינען געווען באַפּוצט די הענטלאַך.

אין שלאָפּצימער האָב איך געאַרבעט אַ טאָג. דער גובערנאַטאָר האָט מיר אַלץ געוויזן, וואָס איך זאָל טון, און, פאָלגנדיג אים, האָב איך דאָך געקוקט אויפן טעפּיך מיטן געווער. עס האָט געצויגן צו קוקן.

געוואוינט האָב איך בײַ פּרידן אין גאַסט־הויז. מיר איז נישט געווען אַזוי פרייליך, אָבער זיי האָבן געלעבט אַ טאָג.

פּרידס טאָכטער, די באַרימטע שיינהייט, איז געפאָרן אין יאַלטע. איר האָט, חלילה, גאָרנישט געפעלט, נאָר געפאָרן איז זי זוכן גרעסערע און אפשר מער ערדישערע פאַרגעניגנס...

זי איז געווען אַ גוטע רייטערין, און אין קרים פלעגט זי אַלע טאָג אַוועקרייטן אין די הויכע בערג אין דער געזעלשאַפט פון הויכגעשטעלטע רוסישע לייט, איר קרים האָט דעם טאַטן נישט ווייניג געקאָסט.

אַז זי איז געקומען פון יאַלטע, איז זי געפאָרן מיטן פאָטער קיין פּעטער־בורג. ער איז געפאָרן אָנגעמען פאָדראַדן און האָט דאָרט פאַרבראַכט בײַ אַ חודש צייט. געפּטרט האָט ער דאָרטן אַ שלל מיט גאָלד. ער האָט געוואָרפן געלט אויף אַלע זייטן און האָט געלעבט אַ טאָג. אַז מען פאָרט אָננעמען פאָדראַדן, קאָן מען בכלל נישט קאַרגן.

אַז מיין אַרבעט האָט זיך געענדיגט בײַם גובערנאַטאָר, האָט מיך פּריד אַריינגעגעבן אין קאָנטאָר בײַם כאַרקאָווער וואָקזאַל דאָרט, וואו עס האָט זיך שטענדיג געפונען דער אויפזעהער. דאָס האָט מיר גאָרנישט געשמעקט. וואָרום צום גובערנאַטאָר איז דער אויפזעהער גנאָרמאַן געגאַנגען אַלע אין דערפריה אויף אַ פערטל שעה — איבערגעבן מיר די אַרבעט פאַרן טאָג און קאָנטראָלירן די נעכטיגע.

אָבער איצט וועל איך זיך דאַרפן געפינען דעם גאַנצן טאָג אונטער זיין בייז אויג און מאוסער צונג. צייטנווייז האָט מיך אָנגענומען אַ גרויל. אָבער מען האָט באַדאַרפט שווייגן און ליידן. אין דערהיים איז געווען אַ ווייב מיט קינדערלאַך.

דער גנאָרמאַן האָט אויף מיר נאָך געוואָרפן אַן אומחן דערפאַר, וואָס איך בין געווען לפי ערך איידעלער פאַר זיינע פּריקאַזטשיקעס. עס האָט אים געערגט מיין איידלקייט, מיין אומפּראַקטישקייט, מיינע ווייסע הענטלאַך. און ער האָט מיר עקסטרע נאָך מער פאַרביטערט דאָס לעבן.

ווי ווייט ער האָט געדריקט זיינע אַרבעטער, איז צו זעהן דערפון, וואָס צווישן אונז איז געווען נאָר איין טעמע: גנאָרמאַן.

ווי נאָר ער פלעגט אַוועקגיין, אַזוי פלעגן מיר זיך אָפּאָטעמען, און עס פלעגט זיך אָנהויבן אַ סדרה:

— גנאָרמאַן איז אַ וואַלד־גזלן!

— גנאָרמאַן איז אַן אכזר!

— אַ מענטש אָהן אַ האַרץ!

— אַ ביטערער יונג!

און אַזוי כסדר, פּונקט ווי שקלאַפֿן, ווען מען נעמט פֿון זיי אויף אַ רגע צו די בייטש.

אין די אָוונטן פֿלעג איך זיצן בײַ פֿרידן. דאָרט איז געווען פֿרייליך. מען האָט געמאַכט בעלער. עס פֿלעגן קומען רייכע יונגעלייט, און אין עסשטוב זיינען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע טישן מיט עסנוואַרג כּיד המלך.

די שיינהייט בערטע האָט געשפּילט קלאַוויר, געשפּילט וואונדערליך שיין און די יונגערע שוועסטער האָט פֿאַראָדירט שרה בערנאַר, וועלכע זי האָט, וואַרשיינליך, ערגעץ געזעהן שפּילנדיג.

אַרום בערטען איז מען געזעסן שטום און באַגייסטערט, אַרום דער צווייטער האָט מען פֿרייליך געלאַכט. די יונגערע פֿלעגט אַמאָל פֿאַראָדירן אַ פֿרוי, וואָס שטאַרבט לאַנגזאַם אַוועק.

מען פֿלעגט אַראָפּלאָזן עטוואָס דאָס פֿייער פֿון לאָמפּ, און זי פֿלעגט זיך לאַנגזאַם אויסציהען אויף דער קושעטקע בלייך, טויט און שטום... אָט שטאַרבט דאָס פֿייערל אין אירע אויגן. אָט באַוועגט זיך דאָס לעצטע מאָל איר האַנט. אָט ציטערט אויף אַ ברעם און בלייבט אומבאַוועגליך—טויט.

זי האָט עס מסתּמא אויך גענאַשט בײַ שרה בערנאַר, און אויפֿן עולם פֿלעגט עס מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

אָט אַזוי פֿלעגט מען פֿאַרברייננגען אַלע אָוונטן.

מיר איז אָבער אין האַלץ נישט געקראָכן קיין שמחה און ליב האָב איך נאָר געהאַט בערטעס שפּילן אויפֿן קלאַוויר. אַמאָל איז עס געווען אומעטיג און עס האָט זיך וואונדערליך געפּאַסט צו מיינע מרה־שחורהדיגע געדאַנקען. דערמיט פֿלעג איך זיך עטוואָס פֿאַרגעסן, פּונקט ווי איך וואָלט זיך צונויפֿגעגאָסן מיט די קלאַנגען.

האָט בערטע נישט געשפּילט, פֿלעג איך ליבער מיט וועמען עס איז פֿאַרברייננגען אין אַ ווינקל.

מיט מיר צוזאַמען האָט געוואוינט זעהר אַן אָריגינעל אידל, ל י פּ ש י ץ האָט ער געהייסן. געהאַט האָט ער זעהר אַ גלאַט צינגעלע און אַ קריכער איז ער געווען איינער בײַ גאָט. איינמאָל האָט ער אָנגעשריבן אַ בריף צום כאַרקאָווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דעם באַקאַנטן ל אָ ר י ס־ מ ע ל י ק אָ ו.

אין בריף האָט זיך ליפּשיץ געמאַכט געפּנרט, וואָס ער איז אַ איד, און געבעטן בײַם גענעראַל־גובערנאַטאָר נישט מער און נישט ווייניגער ווי אַ ר ע ג י ר ו נ ג ס־ ש ט ע ל ע. וואָרום ער, ליפּשיץ, לעבט אויף גאָטס וועלט און האָט נישט, במחילה, וואָס צו עסן...

לאָריס־מעליקאָוו האָט אים געענטפערט, אַז ער זאָל זיך ווענדן צו אים אין דער און דער צייט, וועט ער קריגן אַ שטעלע. אָבער אַז ליפשיץ איז געקומען צו דער באַשטימטער צייט, איז ער נישט אויפגענומען געוואָרן. האָט ער אָנגעהויבן זידלען און שרייען צו די באַאַמטע:

— ס'טייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר זאָל נישט האַלטן קיין וואָרט! דאָס פּאַסט דאָך עפּעס גאָר פאַר אַ קליין מענשעלע! דאָס איז דאָך עפּעס זעהר מאוס. זיין וואָרט דאַרף זיין ריין, ווי אַ רענדל...

קיין בעסערע פאַרגלייכונג האָט ער נישט געפונען.

פאַר זיינע געשרייען איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל פון גענעראַל־גובערנאַטאָרס קאַבינעט צו די באַאַמטע, אַז מען זאָל אים אַרעסטירן אויף צוויי טעג.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט גענומען דעם יונג אונטער די הענט און „אַוועקגעזעצט".

אַז מען האָט אים באַפרייט, איז ער געווען נאָך מער צערייצט און האָט „אָנגעקאַטעוועט" אויפן אידישן שטייגער אַ לאַנגען בריף צום גראַף.

דער טאָן פון בריף איז אפילו געווען אַ רוהיגער, אָבער מיט אַ סך מליצה און שפּיל־ווערטלאַך און משלים, ווי מען פלעגט שרייבן אַמאָל אין די גוטע אַלטע יאָרן. דעם בריף האָט ער דורכגעלעזן פאַר אַ גאַנצע כאַליאַסטרע סטודענטן, צווישן וועלכע איך בין אויך געזעסן, און פאַר אונז אין די אויגן אַריינגעלעגט אין אַ קאָנווערט, פאַרקלעפּט און אָנגעשריבן דעם אַדרעס.

די סטודענטן, לעבעדיגע, זאָרגלאָזע יונגען, האָבן אים געהויבן אין דער הייך און געפּאַטשט אין פּלייצע.

אין עטליכע טעג אַרום איז געקומען אַן אָפיצער מיט אַ פּאַפּיר פון גענעראַל־גובערנאַטאָר. איך בין רעמאָלט געזעסן באַ אים אין צימער. אין דעם פּאַפּיר איז געווען אָנגעוויזן, אַז דער גראַף שיקט אים הונדערט רובל פאַר זיין בריף. קיין שטעלע קאָן ער אים נישט געבן.

ליפשיץ האָט אים העפליך באַדאַנקט און דאָס געלט נישט גענומען. דאָס לעצטע האָט באַזונדערס גערירט דעם אָפיצער.

— קיין געלט נעמסטו נישט, אָבער איך בעט דיך — האָט זיך דער אָפיצער ווייך געווענדט צו ליפשיצן — אַז דו זאָלסט מער נישט שרייבן קיין בריף צום גראַף. מיט קיין גענעראַל־גובערנאַטאָר שפּילט מען זיך נישט...

— גיין, מער וועל איך נישט שרייבן — האָט ליפשיץ כשר פאַרשפּראָכן. און ליפשיץ האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט...

די מעשה, ווי אַ שיינער אַנעקדאָט, איז געווען זעהר פּאָפּולער צווישן די דעמאָלטיגע באַקאַנטע מיינע, און ליפשיץ פלעגט נישט אָהן גאווה טיילמאָל אַ זאָג טון:

— מען קאָן זיין אַ איד און מען קאָן אַריינקריכן אין האַלז אפילו אַ מיניסטער...

עס איז אָבער אַ גרויסע פראַגע, צי ער וואָלט היינט עפּעס אויפגעטאָן. היינט וואָלט אַזאַ ליפשיץ פון גרויס בריהשאַפט גיכער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע...

---

# קאַפּיטל XXII

די רעמעסלענע שול. — אַ חנוכּת־הבּית. — אַ מעשה מיט טירלאַך. — צרות פון גנאָד־מאַנען. — אַ נייער פאַרוואַלטער. — איך קאָן נישט אויסהאַלטן. — ווייטער וואַנדערן.

פריד האָט פאַרענדיגט די רעמעסלענע שול, אויף וועלכער פּאָליאַקאָוו האָט אַסיגנירט צוויי הונדערט טויזנט רובל, און דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט מיט אַ קאָמיסיע אינזשענערן באַקוקט דעם בנין. דער בנין איז אים געפעלן געוואָרן און ער האָט באַדאַנקט פרידן.

מיין קרוב האָט טאַקע צוגעלעגט צו דער אַרבעט. אַ פּאָדראַדטשיק וואָלט פון אַזאַ פּאָדראַד אַריינגעכאַפּט עטליכע צענדליג טויזנט רובל, און פריד האָט דערביי נאָך צוגעלעגט אַ פינף טויזנט רובל.

אַ חנוכּת־הבּית האָט מען געפּראַוועט מיט גרויס פּאַראַד. עס איז געווען דער גראַף לאָריס־מעליקאָוו, מיטן גובערנאַטאָר, מיטן מיטראָפּאָליט און נאָך הויכגעשטעלטע לייט.

בּאַם וויין האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר געהאַלטן אַ טאָסט פאַרן קיסרס געזונט און דערנאָך פאַרן גרויסן מנדב שמואל פּאָליאַקאָוו, און דערנאָך פאַרן פּאָדראַדטשיק, וואָס האָט אַריינגעלעגט אַ סך ענערגיע און כּחות אין דער געביידע און גערנוויליג דערלעגט צו דער אַרבעט אַ היפּשע סומע געלט. דער חנוכּת־הבּית איז אַראָפּ גלענצנדיג, און פריד איז געווען איבּער גליקליך.

מיר איז אָבּער געווען גענוג אומעטיג, און גרוי האָט מיר אויסגעזעהן מיין לעבּן.

פון גנאָדמאַנען האָבּ איך, ווי פריהער, געהאַט קאַלטס און וואַרעמס און איך האָבּ געמוזט שווייגן.

איינמאָל בּין איך געווען בּאַ אַן אַרבּעט. מען האָט רעמאָנטירט דאָס הויז פונם דיסטאַנץ־נאַטשאַלניק.

בּאַראַפּט האָט מען רעמאָלט נויטיג האָבּן, געדיינק איך, אַ צען טירלאַך צו אויוונס און נאָך איניגע מכשירים. קויפן האָבּ איך עס באַראַפּט. איך

האָב געהאַט באַ זיך אַ קוויט פון קאָנטאָר צו אַן אייזן־קרעמער אין כאַרקאָוו, וואו מען גיט צו לייזן אַ זעכציג, זיבעציג טויזנט רובל אַ יאָר.

מיר האָבן געאַרבעט אונטער דער שטאָט, און איך האָב געהייסן שפּאַנען ראָס פערד און בין געפאָרן אין שטאָט אַריין קויפן די ראָזינע נויטיגע זאַכן. עס איז געווען אַרום אײנס אַזייגער. קום איך צום אייזנגעשעפט, זעה איך אויף אַלע טירן הייננען שלעסער.

איך האָב נישט געוואוסט, אַז עס איז מיטאָג־צייט און אַז דעמאָלט ווערט געשלאָסן דאָס געשעפט, און מיר איז בעסער איינגעפאַלן, אַז דער קרעמער האָט באַנקראָטירט... פאַרוואָס איז דאָס מיר אַזוי איינגעפאַלן — איז אַ פראַגע פאַר די יעניגע, וואָס וואָלטן געוואָלט פון מיר עטוואָס אָפּלאַכן...

די אַרבעטער האָבן אָבער געוואַרט אויף די טירלאַך. וואָס טוט מען?

די טירלאַך האָבן אינגאַנצן באַטראָפן פינף און ניינציג רובל, און איך האָב גראָד געהאַט באַ זיך אַ הונדערטער.

גיי איך אַריין אין אַן אַנדער געשעפט און קויף דאָס אַלץ פאַר מזומן.

אָנשטאָט פינף און ניינציג האָב איך דיזעלבע סחורה אויסגערונגען פאַר צוויי און זעכציג רובל.

צאָל איך אָפּ און פאָר צוריק מלא שמחה. אַ קלייניגקייט, איך האָב ערשט איינגעבראַכט דריי און דרייסיג רובל דעם בעל־הבית. מיין שמחה אָבער וואַקסט און וואַקסט, און איך האָב געהאַט אַזאַ געפיל, פונקט ווי איך וואָלט אַנטדעקט אַמעריקע...

איצט וועל איך אויפווייזן פרידן, אַז זיינע געשעפטן גייען אָהן אַ ברעקל סדר. ס'טייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אין אַ געשעפט, וואו מען גיט צו לייזן אַ זיבעציג טויזנט רובל אַ יאָר, זאָל מען איבערנעמען אויף אַ סחורה, וואָס קאָסט צוויי און זעכציג רובל, גאַנצע דריי און דרייסיג רובל! דאָס זיינען דאָך וואַלד־גזלנים!

געבראַכט די טירלאַך, באַוויז איך זיי גנאָרמאַנען און גיב, נישט אָהן גאוה, אַ זאָג:

— גוט וואָס איך האָב געהאַט באַ זיך מזומן געלט. וואָרום איצט זעה איך, וואָס פאַר אַ באַרייסער אונזער סקלאַרניק איז! ער שטעלט אונז פּראָסט ברלות!

אַרויסגעזאָגט דאָס, וואַרט איך, אַז דער „ליבער" גנאָרמאַן זאָל אויס־גלאָצן אַ פּאָר אויגן און זאָל מיר פאַר איינוועגס מאַכן אַ קאָמפּלימענט פאַר מיין טרייקייט און פאַר מיין אַנטדעקונג.

אָבער איך האָב געהאַט אַ גרויסן און אַ ביטערן טעות אין פּשט.

אָנשטאָט פאַרוואונדערונג און קאָמפּלימענטן — זײַנען בײַ גנאָרמאַנען בייז און בלוטיג אַרויסגעקראָכן די אויגן, דער האַלז האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט, און ער האָט ווי אַ קאָכיגער טאָפּ אַרויסגעזאָרן:

— וואָס זענט איר פאַר אַ קויפער פאַר מזומן! ווער בעט עס אייך! ווער הייסט אייך! פון וואַנען ווייסט איר, שלים־מזל, אַז איר האָט איבער־געצאָלט? זאָגט מיר, וואָס הייסט איבערגעצאָלט און וואָס הייסט נישט איבערגעצאָלט? שלים־מזל! אָנשיקעניש! אַהיים פאָרט!

און עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן זלזולים און גראָבע מאוסע ווערטער, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און — האָב זיך צעוויינט...

עפּעס אַ שרעקליכער טעות: נעם כאַפּ גיך אַרויס פון האַרצן די שמחה און גיס אַהין אַריין צער און טרערן.

איך האָב זיך דערפילט שרעקליך דערשלאָגן און אין אָוונט האָב איך דערציילט פרידן מיט דעם ווייב די גאַנצע מעשה און די זלזולים, מיט וועלכע גנאָרמאַן האָט מיך באַשאָטן פאַר מיין טרייקייט.

— עסט זיך נישט אָפּ דאָס האַרץ — האָט זיך אָנגערופן פרידס פרוי — איר זעט בײַ מיר די נאָז?

זי האָט עפּעס געהאַט אַ רויטן צייכן אויפן נאָז.

— דאָס האָב איך יענע וואָך באַקומען פון גנאָרמאַנען. איך האָב אים געמאַכט אַ קליינע באַמערקונג וועגן אַ קאָנטראַקט, וואָס ער האָט צוואַמענ־געשטעלט, האָט ער מיר מיט עפּעס אַ וואָרף געטאָן אין נאָז אַריין... וואָס זאָגט איר דערצו? אָבער מען מוז ליידן — האָט זי שטיל צוגעגעבן — גאָלדענע הענט האָט ער.

לסוף איז ער אָבער פאָרט דערעסן געוואָרן. גאָלדענע הענט אַליין זײַנען, אַפּנים, דאָך ווייניג. און אין עטליכע וואָכן אַרום נאָך דער מעשה, בעת פריד איז געפאָרן קיין פּעטערבורג, האָט ער דאָרטן אָנגעזעהן איינעם אַ מענשן, וואָס איז אים געפעלן געוואָרן פאַר אַ פאַרוואַלטער.

פריד האָט אים בסוד געבראַכט קיין כאַרקאָוו... דאָס איז געווען זעהר אַ הויכער און זעהר אַ שיינער מאַן פון אַ יאָר פופציג, מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט שוין ערטערווייז גענומען טאָגן. אַ גאַנג, אַ שטעל מיטן פוס — אַ ברכה צו מאַכן.

כּדי ער זאָל מער באַקאַנט ווערן מיט די געשעפטן און דערבײַ זאָל זיך גנאָרמאַן נישט דערוויסן, האָט אים פריד ווייט אַוועקגעזעצט, ערגעץ אויף דער צוועלפטער ריסטאַנץ.

דאָרט איז געווען אַ קליין שטיקל אַרבעט. מען האָט באַדאַרפט אויפ־שטעלן אַ וואָקזאַלעכל פאַר צען טויזנט רובל. דאָס דאָזיגע שטיקל אַרבעט האָט פריד פאָרזיכטיג אַרויסגעצויגן פון אונטער גנאָרמאַנס השגחה און

איבערגעגעבן עס אינגאַנצן אינם רשות פון נייעם פּאַרוואַלטער. אגב האָט עס געזאָלט אויך רינען פאַר אַ פּראָבע.

נאָר מיר אַלע, וואָס האָבן געוואוסט דעם סוד, אַז דער הויכער מאַן דאַרף, פריהער־שפּעטער, איבערנעמען גנאָרמאַנס שטעלע, זיינען געווען מלא שמחה און האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ באַל אין דעם טאָג, ווען ער וועט אַרויסשטויסן אונזער צורר.

אָבער צו אונזער אומגליק האָט דער כיטרער גנאָרמאַן באַלד פאַרשטאַנען, דערשמעקט, אַז דער הויכער איד מיט דער גרויסער באָרד איז נישט סתם אַ פּריקאַזטשיק, נאָר זיינער אַ קאָנקורענט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקליכן גרימצאָרן און מיר האָבן געליטן נאָך מער ווי פריהער.

אייגנטליך האָט ער גאָר נישט געבּרויכט די שטעלע. ער האָט שוין איינן געלט געהאַט אַ וואָסערע דרייסיג־פערציג טויזנט רובל און האָט געקאָנט אַליין אָננעמען פּאָדראַדן. ער האָט אָבער, אַפּנים, ליב געהאַט צו שרייען, געוועלטיגן, פיינינגן, און אים איז געווען אַ שאָד צו שיידן זיך דערמיט. ער האָט איצט נאָך מער געפּייניגט. אָבער מיר האָבן געוואַרט מיט גרויס מסירת־נפש און בעת־מעשה געטראַכט: באַלד, באַלד וועט יענער ענדיגן זיין פּראָבע־פּאָדראַד, וועט ער קומען און פאַרטרייבן דעם מנוול.

אָבער ווי איבערראַשט זיינען מיר געוואָרן פון דער בשורה, אַז דעם נייעם פּאַרוואַלטערס אַרבעט — דאָס וואָקזאַלעכל ווערט נישט אָנגענומען: דער אינזשענער האָט עס געפונען פאַר שלעכט. דאָס איז געווען פאַר אונז אַ גרויסער קלאַפּ, אַ שרעקליכער קלאַפּ — און פאַר פרידן נאָך אַ גרעסערער.

אים איז נישט געגאַנגען אין די צען טויזנט רובל, נאָר אין דער באַליידי־גונג, אַז זיינער אַ פּאָדראַד זאָל שלעכט אַרויסקומען, זאָל נישט אָנגענומען ווערן.

און אויף פרידן האָט עס געמאַכט זעהר אַ שווערן איינדרוק. אוראי האָט ער באַשלאָסן אָפּצוזאָגן דעם פאַרוואַלטער און אַרויסצוצאָלן אים פאַר דריי יאָר אַכצען טויזנט רובל, צו זעקס טויזנט רובל אַ יאָר, לויטן קאָנטראַקט.

דער פּראָיעקטירטער פאַרוואַלטער איז געקומען קיין כאַרקאָוו זעהר אַ געפאַלענער. ער האָט געטענעט, אַז עמיצער האָט אים אונטערגעשטעלט אַ פיסל און ער ווייס נישט ווער.

דערויף האָט אים פריד ביטער געזאָגט:

— אַז מען איז אַ מענש, דאַרף מען קיין מורא נישט האָבן פאַר אַזעלכע זאַכן.

אַ פּיסל האָט אים זיכער אונטערגעשטעלט טאַקע דער ליבער גנאָדמאַן, וואָס האָט געזוכט פּטור צו ווערן פון אים. אַזאַ שטיקל אַרבעט, אַ פּיסל, הייסט עס, איז בײַ גנאָדמאַנען געווען ממש אַ שפּיי: געמסרט, אונטער־געזאָגט — און פאַרטיג.

דער הויכער איד מיט דער שוואַרצער באָרד האָט באַקומען דאָס אַרויס־געצאָלטע געלט און איז אַוועקגעפאָרן, און גנאָדמאַן איז ווייטער געבליבן אַ רוכב איבער אונז אַלעמען און זיין ממשלה איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, צו אונזער אַלעמענס ווייטאָג און פאַרדראָס.

אַז עס האָט זיך אַזוי געענדיגט, בין איך ווייטער געקומען צו מיינע אַלטע געדאַנקען:

— וואַנדערן.

דאָ קאָן איך מער נישט זיין. נישט איך טויג פאַר זיי, נישט זיי טויגן פאַר מיר.

אויף דער טעמע האָב איך איינמאָל געמאַכט אַ שמועס מיט פרידן. ער האָט אויך איינגעפונען דאָסזעלבע און האָט מיר געראָטן פאָרן קיין מאָסקווע. דער דאָרטיגער רב, ר׳ חיים בערלין, איז אונזערער אַ קרוב, וועט ער אים שרייבן אַ בריף און בעטן, ער זאָל מיך דאָרט איינאָרדענען אַרום די גבירים. דער רב איז בײַ זיי אַ חשוב. ער וועט אויך געבן אַ בריף צו זיינעם אַ גוטן פריינט, אַ גרויסן צוקער־סוחר און פאַבריקאַנט, וועט יענער עפּעס אויך טון פאַר מיר.

---

## קאַפּיטל XXIII

אין וועג. — מאָסקווע. — אידעלאַך, ווי אין ירושלים. — אין בית־המדרש. — באַם רב. — וואָס טוט מען? — קרעטשמע, פּאַקט, פּעלדר־אַרבעט, מלמדות, קרעמעריי. — דער חסידישער רבי. — דער רב און דער רבי. — חסידים אין מאָסקווע. — זינג!!! איך בין אויף צרות. — איך פֿאָר אַהיים.

ווייטער אין וועג... מאָסקווע.

אַדיע, כאַרקאָוו, מיטן „ליבן" גנאָרמאַנען, מיט די טירלאַך צו אויוונס, מיט פרידן, מיט די פֿאָרראַרן מיט אַלץ מיט אַנאַנדער! איצט איז מאָסקווע, אַ נייע סדרה.

אין דמיון איז מיר געשטאַנען מאָסקווע ווי אַ שטאָט מיט קאַצאַפּעס, און אירן וועל איך מסתּמא דאַרפֿן זוכן, ווי אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי.

נאָר גאָט צו דאַנקען, דאָס איז נישט געווען אַזוי.

איך קום צופֿאָרן אין מאָסקווע, טרעף איך אַקוראַט אויף זאַראַריע גאַס באַם טויער, וואוהין איך האָב באַדאַרפֿט אַריינגיין, שטייט, אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, אַ אידל אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַזאַ רחבות, פּונקט ווי באַם טאַטן אין ווייננאָרטן.

אין די מעבלירטע צימערן, וואוהין איך בין פֿאַרפֿאָרן, האָבן זיך אַרומגעדרייט אירן פון אירנלאַנד, מיט לאַנגע פאות, מיט געדיכטע ברעמען, מיט האָרבאַטע נעזער און מיט ברענענדיגע אויגן, און מען האָט גאַנץ געמיטליך געשמועסט וועגן דער קאָראָבקע און וועגן רבנים און וועגן שטעטלשע מחלוקתן א. אַז. וו. א. אַז. וו.

אידעלאַך, אָהן עין־הרע, לרוב, אויפֿן הויף איז דאָ אַ בית־המדרש און אירן דאַוונען זעקס מנינים אַ טאָג. פון זיבן אַזייגער אין דערפֿריה ביז צוועלף נאָכן דאַוונען לערנט מען, עס טראָגט זיך אַ זיסער גמרא־נגון — ירושלים.

און חסידים פעלן אויך נישט. פאַראַן אַ חסידים־שטיבל. איך קום אַריין, מאַכן אירן אַ גוטן לחיים און מען זינגט אַ חסידישן נגון.

דער רעסטאָראַן, וואו איך האָב געמיטאָגט, איז געווען געפּאַקט מיט אידן פון פאַרשיידענע געגנטן — חסידים און מתנגדים — עס איז פרייליך און היימיש. אידעלאַך ריידן און עסן, עסן און ריידן, אין דער אָנגערויכערטער לופט שמעקט מיט אידישע מאכלים, אידישע געבראָטנס — און בערד, בערד, בערד.

באַזונדערס גוט איז אין אָוונט אַריינצוקומען אין בית־המדרש — זעהן ווי מען לערנט. עס נעמט אָן אַ תענוג צו קוקן. אין שטאָט הויבן זיך צענדליגער קלויסטערס, און דאָ זיצן אידעלאַך און לערנען הויך, אויפן קול, און דאָס שולעכל זעהט אויס, פּונקט ווי דער קאַמעניצער נייער בית־המדרש.

אין אָוונט בין איך אַריין צום רב ר' חיים בערלין. בּאַ אים איז אויך געווען געפּאַקט מיט אידן. דאָ זיינען געווען סוחרים צוליב דין־תורות און פאַרשיידענע אידן — אורחים פון פאַרשיידענע קאַנטן. באַזונדערס מאָסקווע, זיינען זיי אויך אַריין צום רב. איך האָב איבערגעוואַרט אַלע געסט און דערנאָך דערלאַנגט דעם רב פרידס בריף.

רופט ער אַריין דאָס ווייב און שטעלט מיך פאַר פאַר זיינעם אַ קרוב. אויפגענומען האָט מען מיך גאַנץ גוט. אָבער עס איז באַלד געווען קלאָר, אַז זיינע אַ רעקאָמענדאַציע בנוגע צו מסחר האָט מיר קנאַפּ וואָס געקאָנט נוצן. וואָס פאַרשטייט דער רב אין מסחר? און וואָס פאַר אַ סוחר וועט זיך דאָס שטיצן אויף זיינער אַ רעקאָמענדאַציע, וואָס באַלאַנגט צו געשעפט!

האָב איך געהאַט איצט איין וועג: אַריינגיין מיט פרידס בריף אין קאָנטאָר פון דער צוקער־פאַבריק.

בין איך אָבער דער גרויסער בעל־מזל, און אַז איך קום אַריין אַהין, זאָגט מען מיר, אַז דער בעל־הבית איז אַוועקגעפאָרן...

דאָרטן האָבן זיך אפילו יאָ געפונען אייניגע סוחרים, וואָס האָבן געזוכט מענטשן, אָבער זיי האָבן גראָד געהערט פון רבס מויל, אַז איך בין אַ וואוילער יונגערמאַן, און דאָס איז געווען זעהר אַ שטאַרקער חסרון...

און געוואָרן איז מיר זויער, זויער אויפן האַרצן; עס האָט זיך געוואָלט די פינגער בייסן.

וואָס וועט עס זיין?

פריהער האָב איך זיך געלערנט הלכות קרעטשמע, פּאַקט, דערנאָך, אַז איך האָב שוין דעריין וואָס פאַרשטאַנען, האָב איך עס אַוועקגעוואָרפן און גענומען לערנען פעלד־אַרבעט.

געוואָרן אַ בקי אין עבודת האדמה, בין איך אַנטלאָפן פון וואַלד אין דעם גרויסן קיעוו און אָנגעהויבן צו לערנען באַקאַליי. באַקומען אַ השגה אין באַקאַליי, האָב איך געמאַכט אַ נסיעה קיין כאַרקאָוו און גענומען

לערנען פֿאָרראַרן מיט ליניעס, מיט רעמאַנטן מיט אַ גנאָרמאַן, מיט כל הצרות שבעולם. און איצט... וואָס וועט עס זיין איצט?

עס פֿאַרשטייט זיך, וואָס אַ טאָג ווייטער איז מיין לאַגע אַלץ קריטישער געוואָרן. איך האָב שוין געהאַט פֿאַרדראָס, וואָס איך האָב אַוועקגעוואָרפֿן כאַרקאָוו. דאָרט האָב איך דאָך פֿאָרט געהאַט אַ שטיקעלע באָדן אונטער די פֿיס. דאָ הייגג איך צווישן פֿרעמדן הימל און פֿרעמדער ערד.

מיינע גוטע פֿריינט האָבן מיך צוגערעדט, איך זאָל זיך באַקענען מיטן חסידישן רב, וואָס איז מיט ר׳ חיים בערלין ווי פֿייער מיט וואַסער. דער חסידישער רב האָט אַרום זיך אַ גרויסן קרייז פֿון חסידים — גבירים, גרויסע סוחרים, רייכע בעלי־בתּים.

— עס שאַדט נישט — זאָגן זיי — אַז איר זאָלט אים מאַכן אַ וויזיט און דווקא דערציילן, אַז איר זענט ר׳ חיים בערלינס אַ קרוב, אַז איר וואַלגערט זיך אין מאָסקווע, און ער, ר׳ חיים, קאָן אייך גאָרנישט העלפֿן, איר דאַרפֿט האָבן אַ שטעלע. אפֿשר וועט ער אייך אין דעם פּרט מיטהעלפֿן? דערביי מעגט איר אים מרמז זיין, אַז אייער טאַטע איז אַ הייסער חסיד. דאָס הייסט פּשוט אונטערחנפֿענען דעם חסידישן רב...

מילא, וואָס האָב איך געקאָנט טון? איך האָב דאָס אויך געפּרובט. איך בין אַוועק צום חסידישן רב, האָב זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר אַ קרוב פֿון רב ר׳ חיים בערלין און געקומען בין איך אַהער זוכן אַ שטעלע אָרער אַזוי געשעפֿטן, און ר׳ חיים בערלין, אויף וועמען איך האָב געלעגט גרויסע האָפֿענונגען, קאָן מיר ווייניג וואָס העלפֿן. בכן האָבן מיר גוטע מענשן אַן עצה געגעבן צו באַקענען זיך מיט אייך און אייך בעטן, איר זאָלט מיר דערין באַהילפֿיג זיין...

פֿרעגט מיך דער רב קודם:

— ווי אַזוי זענט איר ר׳ חיימס אַ קרוב?

איך האָב אים אָנגעוויזן ווי אַזוי, און דערביי אויסגערעכנט אומישנע מיין גאַנצן יחוס ביז ר׳ חיים וואָלאָזשינער.

— פֿאַרוואָס אָבער זענט איר באַלד נישט געקומען צו מיר? — האָט ער מיט אַ מין מוסר־מינע געשאָקלט מיטן קאָפּ — איך וואָלט אייך זיכער געקראָגן אַ שטעלע באַ אַ היגן גביר. איר זענט דאָך עפּעס יפֿון סאַמע גאונים און צדיקים. אָבער איצט האָב איך מורא, אַז חיים בערלין האָט אייך קאַליע געמאַכט...

איך האָב געשוויגן, און איבערן גאַנצן לייב איז מיר דורך אַ קעלט מיט אַ שמערץ צוזאַמען.

— נו, מילא, — האָט ער גאַנץ געמיטליך געזאָגט, — קומט אַריין, לאָזט זיך זעהן, אפֿשר וועט זיך עפּעס מאַכן.

קיין אַנדער ברירה האָב איך נישט געהאַט און האָב אָפּטער באַזוכט דעם חסידישן רב. זיין שטוב איז געווען געפּאַקט מיט אידן — חסידים, נאָך מער ווי באַ ר׳ חיים בערלין מתנגדים. דער חלוק איז נאָר געווען, וואָס באַ ר׳ חיימען זיינען די מתנגדים געזעסן און געשטאַנען אין גרויס אָרדענונג. יעדער האָט געוואוסט זיין אָרט, און אַז צוויי האָבן גערערט, האָט זיך אַ דריטער אינמיטן נישט אַריינגערעדט. דאָרט באַם חסידישן רב האָט מען דערויף נישט געקוקט. מען האָט געשמועסט גרופּעסווייז און אַלע צוזאַמען, איינער האָט פאַרשריען דעם צווייטן, דער צווייטער ווידער האָט פאַרכאַפּט דאָס אָרט פון דריטן א. אַז. וו. נישטאָ קיין רייכער און קיין אָרימער, קיין עלטער און קיין יונגער, אַלע גלייך, און אין שטוב שטייט אַ פרייליך טומלעניש.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער רב האָט מיך געבעטן, איך זאָל קומען ראַוונען צו אים אין שטיבל, וועט צוקומען נאָך אַ חסיד... איך האָב דאָס אויך געטאָן. אין שטיבל האָט מען געדאַוונט זעהר מונטער, זעהר רוישיג, נאָר איין ר׳ ישראל האָט געפעלט. פון אַלע זייטן פליסן האַרציגע נגונימלאַך, מען טאַרערייקעט, מען זינגט, מען שפּרינגט, מען טאַנצט, מען שטופּט זיך, מען לאַכט און מען מאַכט לחיים, ווי אין קאַמעניץ אַמאָל. די דאָזיגע פרייליכקייט איז, חלילה, נישט קיין געמאַכטע. דעם חסיד איז טאַקע באמת פרייליך. גאָט איז גרויס און זיין וועלט איז גרויס און פון אַלץ קאָן מען שעפּן שמחה.

און נישט אומזיסט טרעפט מען שטענדיג צווישן חסידים עפּעס אַ מאָדנע געמיטליכקייט, אַ פרייליכע זיכערקייט, פונקט ווי עס וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געווען קיין אידן־פראַגע און קיין גלות איז נישטאָ. נאָר דאָס זיינען אפשר צו הויכע זאַכן, צו גרויסע זאַכן. איך וועל עס זאָגן פּשוטער: פונקט ווי עס וואָלט קיין ווייב און קינדער נישט געווען...

און סיי באַ זיך אין דערהיים, סיי אין שטיבל אָדער אין רעסטאָראַן, אָדער באַם חסידישן רב פילט מען אַ מין ירושלים. קומט דער אָקאָלאָדאָטשני — גאַ דיר אין יד אַריין און אַראָפּ פון מאַרק. גיי און לאָז אונז צורוה.

איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס פּעקל חסידים, וואָס האָט זיך פרייליך געפּלאָנטערט באַם חסידישן רב אין שטוב, האָט נישט געוואוסט פון אידישע באַגרענעצונגען און פּלאָגן, וואָס האָבן זיך געשאָטן פון אַן אויבערשטער האַנט. איך האָב גאָר קיינמאָל נישט געהערט, מען זאָל דאָרט ריידן אויף דער טעמע, ווי עס טרעפט אָפּט באַ מתנגדים. און ווידער דאָס אייגענע: גאָט איז גרויס און זיין וועלט איז גרויס — און טו מיר עפּעס !...

אָבער באַ ר' חיים בערלין האָט מען פאַרביטערט גערערט פון פּאָליטיק און פון טשינאָווניקעס, און פון פּאָליציי, און פון פּאַספּאָרטן, און פון באַ־גרענעצונגען, און פון גזירות, און פון גלות און פון נאָך און נאָך אַזוינע זאַכן. און די כמאַרנע מתנגדים האָבן נאָך כמאַרנער אָנגערוקט די ברעמען.

ווען נישט מיין שווערע שטימונג, וואָלט איך באַם חסידישן רב געקומען צו די כחות. פון דער פרייליכקייט אַליין קאָן מען ווערן אַ ריז. שבת איז דאָרטן געווען אַ קוואַל פון שמחה. אָנגעהויבן האָט זיך די שמחה נאָך פרייטאָג צו נאַכטס.

פרייטאָג צו נאַכטס קומען צום רב מאַסן חסידים און מען „פּראַוועט" אַ טיש ביז צוועלף — איינס אַזייגער באַנאַכט. דער רב זאָגט חסידישע תּורה: די אויגן ברייט פונאַנדערגעעפנט, די הענט צעשפּרייט איבערן טיש, דאָס בערדל טאַנצט. נאָך אַ שטיקל תּורה זינגט מען חסידישע נגונימלאַך. ער — אָפּגעזאָגט, די חסידימלאַך — פאַרזונגען. דערביי נאַשט מען פון טיש.

דאָסזעלבע חזרט זיך איבער שבת אַ גאַנצן טאָג. דאַוונען דאַוונט מען שוין באַם רבין. שבת צו נאַכטס ווערט דאָס געזאַנג נאָך גרעסער. עס טאַרערייקעט פון יעדן האַלז. און טאָמער פאַרפוילט זיך עמיצער און שווייגט אונטער, מונטערט מען אים באַלד אויף מיט אַ קלאַפּ אין פּלייצע:

— נו, וואָס שווייגסטו דאָרטן, זעליג צי מאיר, זינג!!!

און מען זינגט.

איך בין געוואָרן אַ גרויסער מקורב באַם חסידישן רב און האָב אים אָפּטער באַזוכט. ער האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ משכיל און זיך געסטאַרעט ריידן מיט מיר פון אַזוינע זאַכן, וואָס זאָלן מיר געפעלן.

קיין שטעלע האָט ער מיר אָבער דאָך נישט געקראָגן, און איך מיין, אַז טיף אין האַרצן האָט זיך ר' חיים מער אינטערעסירט מיט מיין לאַגע, איידער ער. דעם צער פון נויט האָט ר' חיים אויך געמוזט מער פאַרשטיין, איידער דער חסידישער רב, און ר' חיים האָט אויך קיין זייטיגע פּניות נישט געהאַט.

ער, דער חסידישער רב, האָט מיך מקרב געווען, ווייל ער האָט געוואָלט קויפן אַ נפש, דאָס הייסט, מאַכן מיך פאַר אַ חסיד. זאָל צוקומען נאָך איינער צום חסידישן כולל.

אינטערעסאַנט איז אויך דער פאַקט. ר' חיים האָט געוואוסט, אַז איך זיץ טאָג און נאַכט באַם חסידישן רב, מיט וועמען ער איז געגאַנגען אויף מעסערס, ווי מען זאָגט אין ליטע.

באַ ר' חיימען אין שטוב האָט מען גערופן דעם חסידישן רב — „פערד־גנב", באַם חסידישן רב ווידער האָט מען גערופן ר' חיימען —

„רשע". פונרעסטוועגן איז ר' חיים נישט געווען אומצופרידן מיט מיינע וויזיטן באַם חסידישן רב: טאָמער וועל איך אפשר דאָרט געהאָלפן ווערן. טאָמער וועל איך זיך דערפון צו אַ שטעלע דערשלאָגן...

מיט יעדן טאָג האָב איך איינגעזעהן, אַז מיין זיין אין מאָסקווע איז נישט ווערט אַ שמעק טאַבאַק. איך שטיי צווישן צוויי רבנים און זוך מסחר. טאַקע זעהר אַ גוטע פּאָזיציע פאַר מסחר. און איך האָב זיך געפילט, ווי עפּעס אַן איבעריגער אויף דער וועלט, ווי אַן אַרויסגעוואָרפענער פון אַ טיר און — צוריק אין קיעוו אַוועקגעפאָרן...

---

# קאַפּיטל XXIV

**ווידער אין קיעוו. — ר' ליב שאַפּירא. — ווין. — פאַראַן פּרנסה. — אַ נאַכט אין שכּרות. — דער מאַניפעסט. — קיעווער צדקות. — ר' הירש עפּשטיין. — מאַנדעלשטאַם.**

... און אָט בין איך שוין ווידער אין קיעוו. צוריק מיט מיינע אַלטע באַקאַנטע און פריינט, חקרנים, בטלנים, פּלפּולניקעס, סוחרים, קרעמער, יונגעלייט אָהן אַרבעט, קבצנים א. אַז. וו. א. אַז. וו.

אַ ווײַלע רוהט אָפּ דער מח פון זאָרג. מען לאַכט, מען שמועסט, מען דערציילט נייעס. נאָר ביסלעכווייז הויבט מען אָהן צו קלערן מכּח אַ פּרנסה. איך קלער און אַנדערע קלערן פאַר מיר, איך זאָל שוין, חלילה, נישט דאַרפן ווידער לויפן פון קיעוו בּמקום אחר זוכן בּרויט. לאָמיר זיך שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינאָרדענען אויף איין אָרט, פאַרזוכן דעם טעם פון אַ קיום, ווי אַלע מיינע פריינט.

פאַלט איין ר' ליב שאַפּיראָן (איך בין שוין מיט אים גוט געוואָרן, קאָן דען זיין לאַנג בּרוגז אַזאַ מענש!), וואָס האָט שטענדיג געדאַגהט פאַר מיר, אַזאַ פּלאַן. דעם רבּס מלמד, צום ביישפּיל, קאָן מאַכן ראָזשינקעס־ווײַן. דערצו דאַרף מען נישט האָבן קיין ערלויבעניש, קיין פּאַטענט. אַ איר, הייסט עס, מעג מאַכן ווײַן אויף קידוש. וועט דער מלמד מיך אויסלערנען „פאַרפאַסן" ווײַן און חברה וועט מיר פּראָטעזשירן. אַזוי אַרום וועל איך האָבן פון וואַנען צו לעבן.

איך האָב איינגעשטימט. קיין אַנדער בּרירה איז סיי ווי סיי נישט געווען.

ויהי היום — און מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט — ראָזשינקעס־ווײַן.

איך האָב איינגעקויפט די אַלע מכשירים, וואָס מען דאַרף האָבן צום „זאַוואָד" צוזאַמען מיט אַ פּוד ראָזשינקעס, און דער מלמד איז געקומען און גענומען „לערנען". אַ קלוגער איד, האָט ער עס שנעל געמאַכט, און איך האָב זיך אויסגעלערנט.

דער ערשטער ווין איז אַרויס "זעהר גערָאָטן". מיר האָבן אים באַלד פאַרקויפט צווישן גוטע פריינט און זיך גענומען צוצוגרייטן מיט אַמאָל אַ צען פּור ראָזשינקעס ווין אויף פּורים און אויף פּסח. בעת דער אַרבעט האָב איך אָפטער אַריינגערופן דעם מלמד, ער זאָל מיר אויפן אָרט פאַר־ענטפערן אייניגע האַרבע קשיות, ווי עס טרעפט אין דער גרויס־פאַבריקאַציע...

דער צווייטער ווין איז ווייטער אַרויס גערָאָטן. איך האָב אים צעסאָרטירט אויף שוואַכן און שטאַרקן, אויף בעסערן און ערגערן. דער בעסערער סאָרט איז געווען „ממש שאַמפּאַניער". דער עולם האָט געכאַפּט.

קיין געלט האָט מיר שוין נישט געפעלט, גוטע ברידער האָבן געגעבן.

אַרויס דער ווין גוט, האָבן זיי מיר פּראָסט אַריינגעוואָרפן מיט גוואַלד גמילות־חסידים — הונדערטער, איך זאָל נאָר טרייבן דעם „זאַוואָד".

און... איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרדינען. עס גייט. עס ווערט פרייליכער, מען לייזט. האָב איך זיך פאַרגעסן אָן אַלע מיינע וואָגלענישן. אַז פּרנסה איז פאַראַן, רוכט זיך, אַז ישועות זיינען אויך דאָ. וואָרום אייננמאָל אין אַ שיינעם פריהמאָרגן גייען מיר אַרויס אין גאַס און לייענען אויף אַלע סלופּעס און ראָג גאַסן אַ מאַניפעסט.

אין מאַניפעסט איז געווען געשריבן, אַז די אַלע אידן, וואָס וואוינען ביז היינט אין די אינערליכע גובערניעס פון רוסלאַנד, מעגן בלייבן וואוינען דאָרט, מען טאָר זיי נישט רירן, סיידן דורך אַ פאַראָרדענונג פון סענאַט.

אָט דער מאַניפעסט האָט אונז דערפרייט, נישט ווייניגער ווי די אידן אין מרדכים צייטן, בעת זיי האָבן דערהערט, אַז המן איז אונטערגעגאַנגען.

עס איז געווען ששון ושמחה. וליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר. און באַ מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע מיינע גוטע ברידער, ובתוכם ליפּסקי מיט עטליכע סטודענטן, וואָס האָבן געהאַט אידישע הערצער, און מען האָט געטרונקען ווין לרוב. איך האָב געהאַט גוטן געצערטן ווין, שטאַרק ווי שפּירט.

דער עולם האָט זיך נישט געלאָזט בעטן. מען האָט געטרונקען ביז שכּרות און מען האָט זיך געפרייט, אויף וואָס די וועלט שטייט.

ליפּסקי האָט אַריינגעוואָרפן אַ רעדע מיט אַזאַ ברען, אַז מיר האָבן אים געהויבן אין דער הייך, שכּורע און התפּעלותדיגע. עס זיינען אָנגעלאָפן די אַלע אַרומיגע שכנים — קריסטן, ובפרט דער אָקאָלאָראָטשני, וואָס איז גראָד דעמאָלט פאַרבייגעגאַנגען און געפרעגט, וואָס איז דאָ די שמחה?

אָט אַ נאַר, דער אָקאָלאָראָטשני — פאַרשטייט נישט אונזער שמחה...

האָט ליפּסקי געעפנט דאָס מויל און געגעבן אים צו פאַרשטיין מיט אַ פריילינכן שכּרות, אַז פאַר אידן גרייטן זיך בעסערע צייטן... אַ מאַניפעסט

אין דרויסן... פּאַניע אָקאָלאָראָטשני... אירן נישט טשעפּען ... נישט רירן... פּאַניע אָקאָלאָראָטשני... העלפט אונז טרינקען ... פּאַניע אָקאָלאָ־ראָטשני... אַהער פלעשער ווײַן... פּאַניע אָקאָלאָראָטשני ...

אַזוי פיל ווײַן — דער בעל־האָרדענונג האָט שוין נישט באַדאַרפט קיין תשובה... ער האָט נאָר גנעפּנט אַ ברייט מויל און גענומען גיסן אַהין איינע נאָך די אַנדערע גלעזער שטאַרקן ווײַן...

חברה איז נאָך מער צעהיצט געוואָרן, האָט מען געכאַפּט ליפּסקין מיטן אָקאָלאָראָטשני — דער ווײַן האָט זיי אויסגעגלייכט — און געהויבן זיי בײַרן אין דער הייך.

אַזוי האָט מען ביז סאַמע פאַרטאָג געהוליעט און געזונגען, און געפּיל־דערט, און געשריען, און דער אָקאָלאָראָטשני איז אַוועק זעהר אַ צופרי־דענער נאָך מיט אַ פלעשל שטאַרקן ווײַן אין קעשענע. דערויף איז שוין באַ זיי אַזאַ טבע...

נאָר די אידישע שמחה איז זעהר אַ קורצע, און מיר, נאַראָנים, האָבן דאָס נישט געוואוסט. מיר האָבן נישט געוואוסט, אַז עס וועלן אָנשטיין פינסטערע, ביטערע און שווערע, שווערע טעג, וואָס וועלן זיך ציהען לאַנג ווי דער אידישער גלות און וואָס וועלן קיינמאָל נישט אויסגעמעקט ווערן פון זכרון. איך פאַרכאַפּ אָבער פאָראויס, מיט צרות איז נישטאָ וואָס צו איילן: מען וועט די סחורה נישט פאַרשפּעטיגן.

גיי איך ווידער צו מײַן ווײַן. איך האָב מיך גענומען פעסט צו אים און צונעגרייט די סחורה פאַר שיינע עטליכע הונדערט רובל. חברה, ווי געזאָגט, האָט מיך שטאַרק רעקלאַמירט.

אויף פורים האָב איך געלייזט פאַר אַ שיין ביסל ווײַן, און די וואָך, וואָס פאַר פסח, האָט מען באַ מיר דעם ווײַן געכאַפּט ממש ווי מצה־וואַסער.

איך האָב איינגעזעהן, אַז איך האָב געקאָנט פאַרקויפן פינף מאָל אַזוי פיל און נאָך מער פאַררינגען. אָבער צו דערמאַכן אים איז מיר צו ווייניג צייט געבליבן, דערויף דאַרף מען האָבן אַ פינף—זעקס וואָכן און פאַר אין ברירה האָב איך אויפגעהויבן דעם פרייז כמעט אין דאָפּלט. איך בין זיך באַגאַנגען ווי אַ גוטער סוחר, און קיינער האָט זיך נישט געדונגען, נאָר גיב ווײַן.

און אַז איך האָב דערזעהן, אַז אַ טאָג פאַר ערב פסח איז מען געקומען אַזש פון באַנקיר הורוויטש נאָך פינף פלעשער ווײַן, און איך האָב דאָס לעצטע געמוזט אויסזויגן פון די פעסלאַך — האָב איך צופרידן אַ טראַכט געטאָן, אַז איך האָב אַ גוטן עסק, אַז עס וועט זײַן פרנסה, אַז איך וועל מער נישט דאַרפן וואַנדערן און אַז איך האָב שוין אַ באָדן אונטער די פיס.

נאָר ווײַן איז זיך ווײַן — און כּלל־אַרבעט איז זיך אויך עפּעס ווערט. און מיך האָט שטאַרק געצויגן דערצו אין דעם סאַמען בּרען פון לייזונג.

ר׳ הירש עפּשטיין פלעגט אָפט אַרײַנקומען צו מיר און דערציילן וועגן קהלשע זאַכן, וואָס ער האָט שוין אויפגעטאָן און וואָס ער וועט נאָך אויפטון אין קיעוו.

— די גבירים — רעדט ער צו מיר מיט אַ האַרציגער רוהיגקייט — שיטן מיט געלט. זיי געבן, וויפיל מען בעט, און די מאַדאַם ראָזענבערג ווערט גאָרנישט מיד צו אַרבעטן גאַנצע טעג און נעכט אין צדקות און מעשים טובים. מען זעהט זי היינט אויך נאָך פאָרן אויף פּאָראָל צוועלף אַזייגער פאַר מיטאָג מיט אַ קעסטעלע פאַר פּראָשעניעס. און ר׳ ישראל בּראָדסקי ווערט אַלע מאָל מער נדבן און מער פּזרן. עס האָט זיך אויך בּאַוויזן אַ נייער נדיב, איינער אַ האַלפּערן, אַ האָלץ־סוחר, וואָס שיט מיט צדקה אין לשער...

נאָר ר׳ הירשן פעלן אַ פּאָר מיטהעלפער, וואָרום ער קאָן זיך אַליין נישט צערייסן. די בּעסטע צייט, זאָגט ער, איז איצט פאַר כּלל־אַרבעט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזוינע ווערטער האָבן אויף מיר שטאַרק געווירקט.

אין מיר האָט גענומען בּרענען דאָס בּלוט.

— ר׳ הירש, — האָב איך אים אַ זאָג געטאָן אַ צעהיצטער — פּרנסה האָב איך, עס גייט מיר נישט שלעכט, וועל איך זײַן אייער מיטהעלפער. גיט מיר אַרבעט — איך וועל טון. איבּערהויפּט אָבער דאַרף מען איינ־שפּאַנען יונגעלײַט אין דער אַרבעט, קאַוואַלערן מיט פרײַלינס... איך וועל נעמען ליפּסקין צו הילף. ער וועט מיר אַרײַנציהען סטודענטן...

עפּשטיין איז אַוועק צופרידן אין צווייען: אי איך האָב פּרנסה, אי איך וועל מיך פאַרנעמען מיט כּלל־אַרבעט.

נאָך אַזאַ איינעם, ווי דער ראָזינגער עפּשטיין איז געווען, האָב איך אין מײַן גאַנץ לעבן נישט בּאַגעגנט צווישן כּלל־טוער. איך האָב נישט בּאַגעגנט אַ ז אַ ערליכקייט, אַ ז אַ מסירת־נפש, אַ ז אַ איבּערגעגעבּנקייט, אַ ז אַ הייסקייט און אַ ז אַ ריינקייט. און כּלל־טוער האָב איך געזעהן נישט ווייניג. געווען אַזוינע כּלל־טוער, וואָס האָבן פאַרמאָגט די אָדער יענע עפּשטיינס מידה, אָבּער נישט אַלע צוזאַמען און נישט אין אַזאַ מאָס.

וואָס האָט ער נישט געטאָן? ער האָט געקליבּן מצה אויף פּסח, ער האָט געקליבּן געלט אויף רפואות, בּשעת אַן אָרימאַן איז קראַנק געווען. ער האָט פאַר אַרבּעטער געזאַמלט אויף מאַשינעס, בּשעת יענע האָבן נישט געהאַט מיט וואָס אַליין צו קויפן. ער האָט געזאַמלט פאַר אָרימע כּלות, פאַר אָרימע בחורים, פאַר אַלטע לײַט, פאַר יתומים, פאַר נשרפים,

פאַר קאַליקעס און רעסגלייכן. ער איז געווען זעהר אַ פרומער, אַ האַרט־נעקיגער פרומער, וואָס האָט מיט זיינעם אַ זון, זעהר אַ געראָטענער יונגער־מאַן, אַ גאַנץ לעבן נישט גערעדט דערפאַר, וואָס יענער האָט אַריינגעשיקט עפּעס אַן אַרטיקל אינם רעמאָלטיגן „כּרמל". אָבער ער האָט אויס־געביטן דאָס רוהיגע לערנען תּורה, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ פרומען אידן, אויף דאָס שווערסטע צדקה־זאַמלען.

מען האָט אים קיינמאָל נישט געזעהן לערנענדיג, אפילו אין דאַווענען האָט ער זיך ווייניג געדבוקעט. מען האָט אים נאָר געזעהן לויפנדיג פון שטוב צו שטוב, פון גאַס צו גאַס. דערפאַר האָט ער ערוואָרבן גרויס ליבע אַפילו בּאַ דער אפּיקורסישער קיעווער יוגנט, און יונגע פרייליגס האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון אַ גאַנג, ווען ער האָט זיי ערגעץ געשיקט.

אין דער ראָזינער צייט האָט שטאַרק אָנגעהויבן וואַקסן מאַנדעלשטאַמס פּאָפּולערקייט אין קיעוו. אָרימע לייט האָבן זיך געצויגן צו אים פון אַלע קאַנטן און ווינקלען, און מען האָט פאָראויס געקאָנט זעהן, אַז דאָס גייט אויף אַ גרויסער איד אין קיעוו.

# קאַפּיטל XXV

דער מאָרד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. — דער איינדרוק אויף אידן. — איגנאַטיעוו. — שוואַרצע בשורות. — וואַסילקאָוו. — וואַסילקאָווער חסידים. — מיין רעמעסלענע. — „קיעווליאַנין". — „שלאָגט אידן!" — מען לויפט קיין אמעריקע. — באָסיאַקעס. — שרעק. — ערב פּאָגראָם. — מיין גוטע בעל הביתטע. — זיך אָנגעהויבן... אכזריות, וואָס קומט פון שרעק. — אין שפּייכלער. — די עמיגראַציע אויפן בוידעם. — דאָס בוידעם־לעבן. — מיזז. — עס עקט זיך דאָס לעבן. — די מיזז ריידן אויף א מענשליכן לשון. — אראָפּ פון בוידעם. — ווידער מיין גוטע בעל־הביתטע. — גרויסע וויינען, ווי פּיצעלאַך קינדער. — איינגעשטילט דער פּאָגראָם. — קרבנות. — די קאַזארמע. — אַנטלויפן פון דאַנען. — דער טויט פון טאַטן און זיידן.

צו דער צייט האָט מען דערהרגעט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. די ידיעה האָט געמאַכט זעהר אַ שווערן איינדרוק אויף אידן. אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געווען זעהר פּאָפּולער און זעהר באַליבט צווישן אידן. אידן האָבן אים גערופן „מלך של חסד" און פאַר דער צייט פון זיין הערשן זיינען זיי געווען העכסט פּאַטריאָטיש געשטימט, ווי איך האָב שוין פריהער געשריבן. מיט גרויסן טרויער האָבן אים אידן געמאַכט אל מלא רחמים אין די שולן, און נישט ווייניג האָבן דערביי געוויינט.

נאָך זיין טויט האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן אין דער לופטן שוואַרצע סורות, פינסטערע בשורות.

דער ליבעראַלער לאָריס־מעליקאָוו האָט אָפּגעטראָטן זיין שטעלע דעם „באַרימטן" איגנאַטיעוון.

און דאָס אידישע האַרץ האָט דערפילט אַ געפאַר.

צו דער צייט אָבער בין איך געווען זעהר פאַרטון מיט מיין עסק, מיטן ווייב. באַ מיר האָט געשווינדלט און געגריבלט, און איך האָב באַדאַרפט נויטיג האָבן אַ „רעמעסלענע" אויף ווייב.

און באַלד נאָך פּסח בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַסילקאָוו, אַ קליין שטעטעלע אין קיעווער גובערניע, מיט אַ בריף פונם קיעווער ראַבינער צו דעם וואַסילקאָווער ראַבינער, אַז יענער זאָל מיר דאָרט אַרויסגעבן אַ

„רעמעסלענע". דער וואַסילקאָווער ראַבינער איז געווען אַ חסיד, דאָס שטעטל איז באַשטאַנען בלויז פון חסידים, און דאָס חסידים־שטיבל, וואו איך בין שפּעטער אַריין, האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסער בית־המדרש. איך האָב געמוזט גיין דאַווענען די עטליכע טעג, וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט.

אָבער ווי האָט מען געדאַוונט?

מען לויפט איינער אויפן אַנדערן, מען שטורכעט זיך, מען קלאַפּט זיך אין זייט, אין האַרצן, אין פּנים — און אַ וואונדער, וואָס מען צעקאַלעטשעט זיך נישט.

אין דאַווענען גופא קומט אויך פאָר דאָסזעלבע שפּרינגעניש. דער האַלט הודו, דער אשרי, דער דריטער אַז ישיר, דער פערטער ישתּבח — איינער ווייס נישט פונם צווייטן. דער חזן ווידער האַלט באַ קדושה און פּלוצלינג געבן זיך אַלע אַ שטעל אויף און מען שפּרינגט אָפּ דריי מאָל: קדוש, קדוש, קדוש, און מען לויפט ווייטער אין וועג אַריין.

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב נישט איין מאָל געקראָגן אַ קלאַפּ אין קאָפּ, אין האַרצן און אין זייט, אָבער איך האָב אויף קיינעם קיין פּאַראיבּל נישט געהאַט. אידעלאַך לויפן, שפּרינגען, שרייען און זינגען — אַ מחיה! פאַראַן אַ סך לעבּן.

אין איין ווינקל רעדט מען פון חסידות, ווייטער אַביסל זיצט אַן אַלטעטשקער און לערנט הויך און קלאָר דעם זוהר, אַ צווייטער קוקט אַריין אין מדרש, באַם בעלעמער שטייט דער אויבער־שמש און אַרום אים יונגעלייט מיט גאָלדענע קייטן אויף די זשילעטן, שיינע חסידישע קעסט־בעל־הביתלאַך, וואָס הויבּן אָן ערשט פירן אַ לעבּן.

אין שטיבל איז אפילו שטאַרק אָנגעראויכערט. חסידים האַלטן ליולקעס אין מויל און פּיפּקען, דער רויך ציהט זיך אין גרויע וואָלקנס צום באַלקן. נאָר דאָס אַלץ קאָן מען מוחל זיין צוליב דעם קאָך, צוליב דעם פרייליכן טאַראַראַם, צוליב דעם קוואַל לעבּן, וואָס שלאָגט פון די דאָזיגע צעהיצטע מענטשן.

אין עטליכע טעג אַרום האָב איך באַקומען די נויטיגע „רעמעסלענע" און אַוועקגעפאָרן אַהיים.

געפאָרן אַהיים בין איך אין אַ געהויבּענער שטימונג! עס וועט זיין פּרנסה, עס וועט זיין רוה, דאָס ווייב וועט שווייגן.

אָבער אידישע פרייד, ווי געזאָגט, האָט קיין יסוד נישט, און באַלד ווי איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געלייענט די שוואַרצע בשורה אין „קיעווליאַנין", אַז אין יעליסאַוועטגראַד האָט מען געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף אידן.

דער „מענשנפרייַנטליכער“ „קיעוולאַנין“ האָט אומישנע פונאַנדערגעשמירט באריכות דעם גאַנצן פּאָגראָם, ווי אַזוי מען האָט געראַבעוועט און געשלאָגן, ווי אַזוי מען האָט פונאַנדערגעשניטן פּערינעס און קישנס און די פּעדערן אין גאַס אַרויסגעוואָרפן, און די איידעלע און מענשנפרייַנטליכע כּונה פון דעם שוואַרצן בלעטל האָט אַ קינד אויך געקאָנט אויפכאַפּן.

דאָס איז די כּונה:

— שלאָגט אידן!

— ראַבעוועט, רייַסט אידן!

די דאָזיגע פּאָגראָם־בשורה האָט איינגעוויקלט אין אַ געדיכטער אימה אַלע קיעווער אידן. מיט אַמאָל זייַנען צעשטערט געוואָרן די האָפענונגען, צעריסן געוואָרן די חלומות, און דער אידישער עלנט איז אַרויסגעטראָטן, ווי אַ נאַקעטער סקעלעט אין דער גאַנצער מוראָדיגער גרייס. געפילט האָט מען, אַז מיט יעליסאַוועטגראַד וועט זיך דאָס אומגליק נישט ענדיגן, אַז עס וואַרטן נאָך שטעט און צווישן זיי די ערשטע — קיעוו...

פון שרעק האָט זיך באַ אידן געביטן די פאַרב אין פּנים. אַ מאָרנע געבויגנקייט האָט אויסגעדריקט זייער רוקן.

— וואָס טוט מען?

אַנדערע אידן, וואָס האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט גרויס אָפּטימיזם, האָבן נישט געוואָלט וואַרטן, ביז מען וועט זיי קומען ראַבעווען און שלאָגן. האָבן זיי איבערגעלאָזט האַק און פּאַק און אַוועק קיין אַמעריקע. און אַז איך האָב זיך מיט אַזוינע געזעגנט, זייַנען מיר הייסע טרערן געפאַלן פון די אויגן און דאָס האַרץ האָט שטאַרק פאַרדריקט...

נאָר באַלד איז אונז געוואָרן קלאָר, אַז אין קיעוו וועט זיין אַ פּאָגראָם, אַז קיעוו איז טאַקע די ערשטע... דערוויף האָט אונז עדות געזאָגט נישט נאָר דער גוי און זיין בליק, נאָר די טויטע לופט, די ווענט פון די מויערן, דער ברוק פון גאַס...

און מיר האָבן געוואַרט... קיין אַנדער ברירה נישט געווען ווי וואַרטן. וואוהין לויפט מען, גאַט מייַנער!

דערנאָך האָבן שוין מיילער קלאָרע דבורים גערעדט.

די באָסיאַקעס, וואָס האָבן געאַרבעט באַם ברעג דניעפּר און וואָס זיי ציילן זיך אין די טויזנטער אין קיעוו, האָבן שוין פרייַ געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך נעמען צו דער „אַרבעט“. זיי האָבן זיך אָפן באַרימט מיט דער דאָזיגער אַרבעט, פּילנדיג, אַפּנים, אַ זיכערן באָדן אונטער די פיס:

— דאָס שטיקל אַרבעט וועלן מיר מאַכן בעסער ווי אין יעליסאַוועט־גראַד.

אַנדערע זייַנען ווייטער געגאַנגען:

— מיר ווילן נישט ראַבירן, נאָר הרגענען! שעכטן!..

עס איז זעהר שווער איבערצוגעבן דעם צושטאַנד פון אַ אידן, וואָס וואַרט אויף אַ פּאָגראָם. דאָס איז עפּעס אַ שרעקליכע ווינעניש, אַ שטומע וואַקלעניש צווישן טויט און דערשראָקענעם לעבן. טויט — לעבן, טויט — לעבן. אַזוי באַראַפּן זיך פילן שעפסן, בעת מען פירט זיי צו דער שחיטה.

נאָר ערגער פון פּאָגראָם איז די באַליידיגונג פון פּאָגראָם, די גראָבע שכורע שטאַרקייט, וואָס וויל קריכן אויף דער איידעלער אומבאַהאָלפענער שוואַכקייט. און די, וועמעס הענט עס האָבן באַראַפּט אָנהויבן, זיינען נאָך פאַרן אָנהויב אָנגעגאָסן געוואָרן מיט הנאה, צוזעהענדיג די אידישע געבויגנקייט, דעם אידישן צער, דעם אידישן וויי, וואָס קאָן נישט אויסגעשריען ווערן. איצט איז די גאַס זייערע געוועז, זיי האָבן געמאַכט הילכיגע טריט איבער איר, און דער אויער פונם אידן, וואָס האָט זיך דורכגעגנבעט, ווי אַ שאָטן, די גאַס, האָט שמערצליך איינגעזאַפּט דעם טונקלען און שווערן גאַס־געשריי, וואָס איז נאָך דערווייל נישט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעשים:

— מיר ווילן אייך די בייכער אויפשניידן!..

נאָר שרעק האָט ליב צו וואַקסן.

און וואָס אַ שעה שפּעטער, האָט ער אונז אַלץ געדריכטער אַרומגעכאַפּט. עס האָט זיך נישט געוואָלט ניט עסן, נישט טרינקען, נישט זעהן מיט די אויגן, נישט הערן מיט די אויערן, נישט באַוועגן מיט די הענט.

אַלטע לייט האָבן זיך געלעגט אין די בעטן, און די אַלטע ביינער האָבן געציטערט אין זיי און געקנאַקט, ווי טרוקענע שפּענדלאַך אין אַ גרויס פייער.

קינדער האָבן אויפגעהערט צו שפּילן זיך, אין די אויגעלאַך איז פאַר־גליווערט געוואָרן אַן אומפאַרשטענדליכע פראַגע צוזאַמען מיט אַן אימה. באַ די גוטע טייערע קינדער איז דאָס געווען אַ פראַגע, די עלטערן אָבער האָבן געשוויגן...

און דערנאָך איז אפילו קלאָר געוואָרן דער טאָג, אויב נישט די שעה:

— זונטאָג וועט זיך אָנהויבן...

איך האָב דעמאָלט געוואוינט באַ איינעם אַ לאַשקעראָוו, אַ יונגער קריסט פון אַ יאָר דרייסיג. אויסער דעם הויז, האָט ער געהאַט אַ טאַבאַק־געשעפט און אַ האָלץ־געשעפט. ביידע, ער און זיין יונגע וואונדערליך־שיינע פרוי, זיינען געווען גוטע ליבעראַלע מענשן און געוואוינט האָבן אידן אין זייער הויז באַ אַ פיר פאַמיליעס.

די ראָזיגע קריסטליכע בעלי־בתים האָבן זעהר גוט געלעבט מיט די אידישע שכנים. אָפט מאָל פלעגן זיי אויפריכטיג באַוואונדערן די אידישע

ניכטערקייט, די אידישע שטילקייט און דאָס סאָלידע ציכטיגע לעבן צווישן מאַן און פרוי.

אַז די בעל־הביתטע איז אַריינגעקומען צו אונז דעם שבת, וואָס פאַרן פּאָגראָם, איז זי צוערשט אַ רגע אָהן ווערטער געבליבן, זיך אַרום־געקוקט, ווי אַ פאַרלאָרענע, און דערנאָך זיך פונאַנדערגעוויינט.

וואָס האָט זי געוויינט? פאַרוואָס זאָל זי נישט וויינען? זי איז געווען יונג און שיין און ערליך און האָט געהאַט אַ גוטע נשמה.

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויסער די טרערן, האָט זי אויך געהאַט פאַר אונז טרייסט און „באַשיצונג". צו באַשיצן אונז האָט זי אָרגאַניזירט אַ הייפעלע חיל פון אירע פריקאַזטשיקעס און ברידער. זיי דאַרפן באַוואַכן די אירן און נישט דערלאָזן. יאָ, נישט דערלאָזן.

אָט די ליבהאַרציגע מענשליכע פרוי האָט מיך וואונדערליך גערירט. אַ וואַרעמער טוי איז מיר געפאַלן אויפן האַרצן פון איר, נאָר וואָס אמת איז אמת, איר „חיל" האָב איך נישט געטרויט. מיין אינסטינקט האָט מיר געזאָגט, אַז ווען עס וועט זיך אָנהויבן, וועלן זיי אפשר אויך זיין דאָרטן... גויאישע הענט, ווער קאָן זיי טרויען אין אַזאַ מינוט?..

די, וועמען עס איז נויטיג געווען אידיש בלוט און פאַרמעגן„ זיינען אוראי פינקטליך געווען ווי אַ זייגער, און זונטאָג באַטאָג האָט זיך אָנגעהויבן...

אָט איז דאָס! אָט איז דאָס! אָט איז דאָס!

טאָמער איז אפשר איין איר פון צען טויזנט אין ספק געווען, קאָן ער איצט הערן: ווילדע געשרייען, אַ געפּלאַצעריי פון שויבן, אַ קנאַק פון צע־האַקט מעבל, אַ בראָך פון אויפגעריסענע שלעסער... נישט וויט פון אונז האָט זיך אָנגעהויבן...

די געשרייען וואַקסן און רוקן זיך נעהענטער. דער קנאַק פון שויבן און מעבל ברענען די אויערן.

צי איך בין געווען צעמישט און מיין אויג האָט אויפגעהערט צו באַמערקן, צי עס איז ווירקליך אַזוי געווען — נאָר מיין גוטער און שיינער בעל־הביתטעס שמירה האָב איך נישט געזעהן. נישטאָ קיין שמירה.

אוראי איז גערעכט געווען מיין אינסטינקט. און מיר, די פיר אידישע געזינדן פון הויז, לויפן, ווי די מאָדע איז, באַהאַלטן זיך ערגעץ. לויפן מיר אַריין אין אַ שפּייכלער אויף אונזער הויף מיט די ווייבער און קינדער. דער שפּייכלער איז גרויס און טונקל. האָלץ ליגט אין אים. טוליען מיר זיך מיט פאַרהאַלטענע אָטעמס צו דעם שטומען און קאַלטן האָלץ. וויינען זיך פונאַנדער די קינדער פלוצלינג. קינדער זיינען אויפריכטיגע מענשן: דאָס האַרץ וויל וויינען — וויינט מען. באַ אונז אָבער ווערן שפּיציג די אויגן און מיר סטראַשען מיט בלויע פאַרביסענע ליפּן:

— ווינט נישט! שווייגט! די פּאָגראָמשטשיקעס גייען! שטומען זאָלט איר! הערט איר — ששששטוממען זאָלט איר!

זיינען די קינדער פאַרגליווערט געבליבן מיט גרויסע אויגן און מיט נאַסע פּנימלאַך פון טרערן.

דאָס קינד האָט נישט געוואוסט, וואָס איז דאָס אַזוינס פּאָגראָמשטשיקעס, און האָט נישט געקאָנט אויפהערן וויינען. וואָס ווייטער, האָט עס אַלץ שטאַרקער געוויינט. נאָר אַז איך האָב עס נישט געקאָנט איינשטילן, האָב איך דעם קינד מיט דער האַנט דאָס מיילעכל פאַרדריקט, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס זאָלן נישט הערן, וואו מיר זיינען.

און באַלד האָבן מיר איינגעזעהן, אַז דער שפּייכלער טויג נישט פאַר אונז. אַ בוידעם איז בעסער... אידישליכער. אַ איד האָט ליב אַ בוידעם, און מיר האָבן עמיגרירט אַהין.

דאָ האָט זיך באַוויזן אונזער גאָלדענע ווירטין און האָט פאַרלענגט מיט האָלץ די טיר פון בוידעם, עס זאָל זיין זיכערער. און אונז האָט זיך געוואָלט קושן איר האַנט נישט פון דאַנקבאַרקייט און נישט פון איידלקייט, נאָר גיכער פון עקלדיגער דערשלאָגנקייט, פון חיהשער פּחדנות, ווי מייז, וואָס זיינען אויף אַ רגע ניצל געוואָרן פון דער קאַץ.

אַרום און אַרום האָט מען געשריען און געוואַלדעוועט, און געראַבעוועט, און געשלאָגן, און געבראָכן, און געהרגעט. און גערוכט האָט זיך אונז, אַז מיר הערן דאָס פאַרשטיקטע שלוכצערן פון אידן, וואָס ראַנגלען זיך אין גסיסה.

אַזוי איז אַ שוואַרצע נאַכט אַוועק, אַ בוידעם־נאַכט. צו וואָס האָט אונז די בעל־הביתטע מיט האָלץ פאַרשטעלט? וואָלט נישט גלייכער געווען, מען זאָל אונז אויסהרגענען? וואָרום איידער צו ליגן באַהאַלטן און הערן, ווי עס דוכט זיך די ווייטע געוויינערייען פון געשלאָגענע אידן, איז גלייכער און שענער געהרגעט צו ווערן. אָבער מיר זיינען גאָרנישט געווען קיין מענשן, נאָר מייז.

אַז די שווערע בלייערנע בוידעם־נאַכט איז אַוועק און אין די שפּאַלטן האָט אַריינגעדרונגען דער טאָג, האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט: טויטע פּנימער, אַרויסגעשפּאַרטע אויגן, צעקרימטע מיילער. און מיר האָבן געשוויגן. אַ חרפּה צו קוקן אין די אויגן אַריין, אַ חרפּה צו ריידן.

די קליינע קינדער האָבן זיך שוין געהאַלטן בעסער פון אונז, זיי זיינען געלעגן פאַרשמאַכטע, פאַריתומטע, אָבער פילאָזאָפיש־רוהיג, מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגלאַך.

אַז דאָס ליכט פון טאָג איז שטאַרקער געוואָרן, האָבן מיר זיך ערלויבט אַ קוק צו טון דורך די שפּאַלטן פון בוידעם. עס האָט זיך געוואָלט וויסן: וואָס טוט זיך אויף אונזער גאַס...

איך ווייס נישט, ווער האָט געאַרבעט אין דער מינוט אויף אַנדערע גאַסן, נאָר בײַ אונז אין געסל האָבן געבושעוועט דאָס רוב קליינע באָרוועסע שקצימלאַך, צוועלף־יאָריגע, מיט אייזנס, לאָמעס און העק אין די הענט. קוקנדיג דורכן שפּאַלט אויף די ראָזיגע משחיתים, האָט זיך געוואָלט די פינגער בייסן: טאַטעס, נאַרישע טאַטעס האָבן זיך פאַרקליבן אויף אַ בוידעם און מען זיצט. אין גאַס גייט! אין גאַס אַריין! עס וואָלט געווען אַ מצוה אַראָפּצוּוואַרפן אונז פון דאָרטן.

מיר זײַנען אָבער געווען שרעקליכע פּחדנים, און אויף דעם ראָזיגן בוידעם זײַנען מיר אָפּגעלעגן אין פּײַן און אימה גאַנצע צוויי מעת־לעת.

אַזוי פיל האָט געדויערט דער פּאָגראָם.

צײַטנווײַז האָט זיך געוואָלט נעמען אַ מעסער און זיך אַליין דערהרגענען. אַזאַ בײַגער איז באַפאַלן אין די „ליכטיגערע“ מינוטן, ווען מען האָט געפילט, אַז עס באַגערט זיך עפּעס, ווען עס איז עטוואָס אָפּגעפאַלן די מורא, ווי עס טרעפט אַמאָל נאָך אַ שטאַרקן ציין־ווייטאָג...

אין די ראָזיגע מינוטן האָט אויך פאַרדריקט דאָס האַרץ פאַר די אומשולדיגע קינדערלאַך. זיי ווילן געוויס עסן: זיי פּייניגט דער הונגער. זיי ווילן געוויס טרינקען: זיי מאַטערט דער דורשט. וואָס גיט מען זיי?

נאָר אָט דערטראָגן זיך ווילדער די געשרייען פון פּאָגראָמשטשיקעס, און דעמאָלט פאַרגעסט מען שוין ווידער אָן אַלעם, און עס באַפאַלט ווידער אַ חיהשע אימה און מ׳פאַרלירט זיך אינגאַנצן.

די צווייטע נאַכט זײַנען מיר שוין געבליבן פאַרחלשטע. מיר זײַנען געלעגן כּמעט ווי אָהן אָטעם, פון די קינדערלאַך האָט מען קיין „פּאַרע“ נישט געהערט. מען האָט נישט געוואוסט, צי זיי לעבן, צי זיי זײַנען טויט. זיי, די וואונדערליך קלוגע עופעלאַך, האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען קאָן זיי איצט נישט העלפן — און האָבן געשוויגן.

טייל מאָל האָט זיך נאָר געהערט דאָס שטילע אָטעמען פון די זויג־קינדער: זיי האָבן געפּאָכט מיט דער נשמה. אָבער עס האָט קיינעם נישט געאַרט פאַר זיי.

אַז עס איז געוואָרן טאָג נאָך דער צווייטער נאַכט, זײַנען ביסלעכווײַז אָפּגעשטאָרבן די ווילדע פּאָגראָם־קולות. עס ווערט לאַנגזאַם שטילער, שטילער. אַפּנים, די קאַץ איז אַוועק, און מיר, די מייז, האָבן אויפגעהויבן די קעפּ. און אויפגעהויבן די קעפּ — האָבן זיך די מייז בײַ אַלר דורכגערעדט אויפן מענשליכן לשון:

— דוכט זיך, אויפגעהערט?..
— מען הערט נישט...
— שטיל...
— געגומען אַ סוף...
— אפשר אַראָפּגיין?..
— וואַרט, דוכט זיך, איך הער קולות...
— וואָס רעדסטו?..
— איך הער...
— ניין, דיר דוכט זיך דאָס...
— האַ...
— ס'איז שטיל...
— טאָמער יאָ...
— ניין...
— שטעל גוט אָן דעם אויער...
— פּאָרט שטיל...
— ששש...
— און מיר דוכט זיך...
— און מיר שיינט...
— איך האָב מורא...
— האַ...
— שטיל...
— טאַקע שטיל...
— שטיל...
— געווים?..
— שטיל, שטיל...

נאָר דאָ האָבן די מייז דערהערט, ווי עמיצער קריכט אויפן בוידעם. די מייז האָבן תּיכּף פאַרהאַלטן דעם אָטעם, און אַ קאַלטער, אַ לעצטער שוויים האָט זיי דורכגענומען. דאָס איז אָבער געווען דער בעל־הביתטעס דינסט. זי איז אונז געקומען אָנזאָגן, אַז מען קאָן שוין אַראָפּ.

— איר הערט? מען קאָן אַראָפּ! חזרט זיך דאָס איין: מען קאָן אַראָפּ. מען קאָן אַראָפּ. מען קאָן אַראָפּ!..

די מייז האָבן זיך אויפגעהויבן, אָבער אַז אָך און ווי איז געווען צו זייער גאַנג: זיי האָבן קיין פיס נישט געהאַט. און מיט גרויס מאַטער־ניש איז מען קוים אַראָפּגעקראָכן פון בוידעם.

אַלע האָבן זיך פאַרקליבן צו מיר אין וואוינונג. די ווירטין איז אַריינגעקומען און איר מאַן און איר ברודער, און אַז זיי האָבן אונז דערזעהן,

זיינען זיי געבליבן  פ אַ ר ג אַ פ ט ע.  די בעל־הביתטע האָט ספּאַזמירט...
די מייז האָבן זעהר שוין אויסגעזעהן.

דער בעל־הביתטעס ספּאַזמעס האָבן באַ אונז צוגענומען דאָס לעצטע שטיקל געזונט אונזערס, עס איז צעגאַנגען דאָס האַרץ פון רחמנות צו זיך, צו די קינדער, און מיר האָבן זיך אַלע צעוויינט הויך אויפן קול, ווי עס וויינען שרעקליך־פאַריתומטע קינדער פון זעהר אַ  ג ר ו י ז אַ מ ע ר  שטיפמוטער.

איך געדיינק נישט, ו ע ן  און  ו ו י  אַזוי האָבן מיר אויפגעהערט צו וויינען. אַפּנים, די בעל־הביתטע האָט אונז באַרוהיגט. זי איז באַלד געקומען צו זיך און האָט אונז באַרוהיגט, יאָ, זי איז אויפן בוידעם נישט געלעגן.

האָט מען זיך גענומען צו די עופעלאַך: דעם מילך געגעבן, דעם טיי פון דער בעל־הביתטעס סאַמאָוואַר, וואָס די רינסט אירע האָט אַריינגעטראָגן. מיר, די גרעסערע, האָבן גאָרנישט געקאָנט נעמען אין מויל אַריין. דער קאָפּ האָט געשווינדלט ווי נאָך אַ טויזנט־יאָריגן הונגער.

דערנאָך איז געקומען דער אָקאָלאָראָטשני. ער האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז מען קאָן שוין גיין אין גאַס אַריין, אַז עס איז שוין שטיל, רוהיג און מען קאָן אפילו עפענען די קראָמען.

אַ דאַנק אים פאַר דער בשורה. זעהר אַ גוטער אָקאָלאָראָטשני...

איצט — זאָגט ער — מעג מען שוין גיין אין גאַס...

זעהר אַ גוטער אָקאָלאָראָטשני.

ווי עס איז נישט געווען שווער, נאָר אין גאַס בין איך דאָך אַרויס, אין דער  ש ט י פ מ ו ט ע ר י ש ע ר  גאַס. דאָרט איז געווען שטיל, ווי נאָך אַ מלחמה. נאָר מיינע באַקאַנטע און פריינט, ווי איך בין דערגאַנגען, זיינען בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק, אויב שרעק ברייננגט נישט קיין שאָדן.

פון דער קיעווער אידישער קהלה איז געוואָרן אַ תּל. דאָס האָבן געוואָלט די פּאָגראָמשטשיקעס און דאָס האָבן זיי פולקאָם דערגרייכט. וואָרום די פאַרמעגליכערע אידן, וואָס זיינען נישט צעראַבירט געוואָרן, האָבן באַנקראָטירט, און די שטאָט האָט אויסגעזעהן, ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש. אין די עטליכע טעג זיינען אידן פאַרעלטערט געוואָרן, און מער ווי אַ טיפן זיפץ האָט קיינער נישט געקאָנט אַרויסברייננגען פון זיך. אויף פיל גאַסן, איבערהויפּט אויף פּאָראָל, איז די ערד באַדעקט געווען מיט פעדערן, מיט צעריסענע העמדער, מיט כלים און מעבל.

דערנאָך האָט מען אין גאַס אָפטער געזעהן פירן אין צירקל אַריין קופּעס פּאָגראָמשטשיקעס. פאַר דעם אָנגעווייטאָגטן אידישן געפיל איז דאָס געווען אַ טראָפּעלע „טרייסט". עקסיסטירט דאָך כאָטש אַ זכר פון אַ געזעץ, איז דאָך פאַראַן, הייסט עס, אַ צוים פאַר אַ וואַלד־גזלן, פאַר אַ בלוטדורשטיגער חיה. אָבער באַלד האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז דאָס

איז נישט געווען אַזוי. פון די צירקלען האָט מען תיכף באַפרייט די פּאָגראָם־שטשיקעס און מיט אַ חווק־שמייכעלע האָבן זיי זיך גערדרייט איבער די גאַסן...

איצט איז געווען קלאָר, אַז מיר האָבן נישט אויף ווען צו האָפן (פאַראַן נאָך אַנדערע, וואָס האָפן).

און נאָך קלאָרער איז געוואָרן, ווען אויף די גאַסן זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרן התראות פון גובערנאַטאָר, וואו עס איז געזאָגט, אַז אויב עס וועלן זיך אָנהויבן פון דאָס נייַ די „אומאָרדענונגען", וועט ער געברויכן געווער און שיסן אין די פּאָגראָמשטשיקעס.

האָט מען דאָס, הייסט עס, פריהער נישט געקאָנט...

דער פּאָגראָם איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַלע פּיטשעווקעס: מיט שענדן פרויען, מיט שלאָגן קראַנקע, מיט ברעכן מעבל, מיט ראַבירן קראָמען און מיט אָפּפירן דאָס אָנגעראַבירטע אין די דערפער אַריין.

פון די גאָר גרויסע אידישע געשעפטן האָבן שטאַרק געליטן ראָזענבערגס באַקאַליי־געשעפט, וואָס האָט באַטראָפן באַ אַ מיליאָן רובל, בראָדסקיס הויז, וואו מען האָט ראַבירט אָהן אַ שיער און אָהן אַן ערך, און נאָך אייניגע.

ערגעץ אין אַ גרויסער קאַזאַרמע האָט מען צונויפגעשלעפּט די אַלע אידן, וואָס זיינען געבליבן אָהן אַן אָפּדאַך. אַהין האָט מען אויך געבראַכט די קראַנקע און קינפּעטאָרינס, וואָס זיינען אינגאַנצן דערשלאָגן געוואָרן פון שרעק. איבערהויפּט די קינפּעטאָרינס, דאָס הייסט, די פרויען, וואָס זיינען געגאַנגען צו קינד. אויף די איז גאָר געווען אַ שרעק אַ קוק צו טון. געפונען אַ צייט ווען צו האָבן אַ קינד. און דעם גאַנצן עסק מיט די קינפּעטווייען האָבן זיי באַראַפּט פאַרענדיגן אין אַ קאַזאַרמע, צווישן פרעמדע אידן, וואָס האָבן זיך נישט געהאַט וואו אַהינצוטון, צווישן קרעכצערייען פון קראַנקע און שרעקליכע געוויינען פון געזונטע. דאָס בילד פון דער קאַזאַרמע איז געווען אַזאַ, וואָס קוים האָט עס עמיצער געזעהן, איז עס שוין ווי מיט פייער אויף אייביג אים איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון.

אָבער ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, איז נאָך דער קיעווער פּאָגראָם געמאַכט געוואָרן מיט „חסר". אין באַלטע, אין נעזשין איז געווען טויזנטער מאָל ערגער. דאָרט איז די אכזריות דערגאַנגען אַזוי וויים, אַז מען האָט איבערגעשטייגט די סאַמע ווילדעסטע און בלוטדורשטיגסטע חיות.

אַ פינף טויזנט אידן זיינען אַוועקגעפאָרן באַלד נאָכן פּאָגראָם קיין אַמעריקע.

מאַסן אירן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיט ווייב און קינד אין תּחום אַריין — אפשר איז דאָרטן פאַראַן אַזאַ שטיקעלע אָרט, וואו מען קאָן רוהיג דעם קאָפּ אָנשפּאַרן.

פּרנסה, האַנדל, לעבן — וועגן דעם האָט מען נישט געטראַכט. מען האָט נאָר געקלערט וועגן אַ רוהיג שטיקל אָרט, וואו קיין פּחד זאָל נישט זיין, וואו מען זאָל נישט קומען צו דיר מיט העק און מיט לאָמען אין די הענט, וואו מען זאָל דיינע טעכטער נישט שענדן, וואו דיין קינד זאָל זיך נישט דאַרפן וואַלגערן אויף אַ בוידעם צווי מעת־לעת אין טויט־שרעק און וואו דו זאָלסט נישט דאַרפן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מויז.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב שוין אויך נישט געוואָלט מער פאַרבלייבן אין קיעוו. זאָל די שטאָט זיין אַ שטאָט אָהן מיר. מיר האָט געעקלט פון די גאַסן און מיר האָט געאיבלט פון די גוים. איך האָב שוין מער נישט געקאָנט איינאָטעמען די קיעווער לופט.

גוטע פריינט האָבן מיר אַפילו געראָטן צו פאַרבלייבן. מען איז דאָך עפּעס אַ איד. וואוהין וועסטו לויפן? איך האָב זיי נישט געהערט. איך האָב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף מיינע קיעווער פּרנסות. כאַפּט עס דער רוח. און איך האָב באַשלאָסן אַרויסצופאָרן אין פּוילן — אין וואַרשע.

— פּאָלאַקן — האָב איך דעמאָלט געטראַכט (איצט טראַכט איך עטוואָס אַנדערש) — וועלן אויף אידן קיין פּאָגראָמען נישט מאַכן. פּאָלאַקן זיינען אַ קולטורעלע אומה און ווייסן געגנוג דעם טעם פון פאָלקס־יסורים, פון פאָלקס־אַנגסטן. זיי פאַרשטייען אַליין גענוג, וואָס הייסט אַ פאָלקס־טראַגעדיע, וואָס הייסט זיין געמאַטערט, געפּייניגט און געוואָרגן.

און איך האָב פאַרלאָזט קיעוו, אַ פאַרשמאַכטער און אַ צעבראָכענער.

אַרויסגעפאָרן בין איך קיין וואַרשע אַליין דערווייל. מיין פּלאַן איז געוועזן — אָפּזוכן אין דער גרויסער שטאָט אַ שטיקעלע געשעפט און שיקן דערנאָך נאָך ווייב און קינד.

צו די אַלע צרות מיינע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין קיעוו: נויט און פּיין, און אַ געוויסער, און שרעק פאַר אָבלאַוועס, און אַ פּאָגראָם, איז מיר אויך צוגעקומען די בשורה, אַז מיין טייערער טאַטע איז אַוועקגעשטאָרבן. ער, דער שיינער, ריינער און האַרציגער איד, האָט נישט אויסגעהאַלטן...

אויף קאַטאָרגע, מסתּמא, פילט מען זיך בעסער, ווי ער האָט זיך געפילט אויפן דאָרף, און אין עלטער פון זעקס און פערציג יאָר איז ער געשטאָרבן. די פויערשע סביבה, די ברייטע פרייע פעלדער, איבער וועלכע

חסידים שפּאַצירן נישט מיט געזאַנג, די אומבאַקאַנטע און האַמעטנע פעלד־אַרבעט, דאָס ביינקען נאָכאַנאַנד נאָכן רבין, נאָך גאָט און נאָך אידן — דאָס אַלץ האָט אים דאָס האַרץ צעלעכערט, און ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ פויגל אין אַ שוואַרץ אייזערן שטייגל. דאָס האַרץ האָט זיך אים אָפּגעשטעלט.

ווי יונג: זעקס און פערציג יאָר.

ער האָט נישט אויסגעהאַלטן...

אין אַ יאָר אַרום נאָכן טאַטנס טויט איז געשטאָרבן דער זיידע אהרן־לייזער. די לעצטע עטליכע יאָר האָט ער שוין נישט געוואוינט אין דאָרף, נאָר אין קאַמעניץ. זיין השפּעה אויפן שטעטל איז נאָך אַלץ געווען גרויס. עס פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי גרויס, ווי אַמאָל אין די יונגערע יאָרן. אין די יונגערע יאָרן האָט ער זיך געקאָנט ראַנגלען מיטן ווילן פון אַ גאַנצער קהלה. למשל, שטאָט וויל דעם רב, און ער וויל יענעם רב, און די שטאָט האָט זיך געבראָכן אונטער זיין מאַכט. אַזאַ פאַקט איז געשען.

אַז דער פעטער, דער קאַמעניצער רב, איז געשטאָרבן און מען האָט באַדאַרפט נעמען אַ נייעם, איז געווען אַ גרויסער ישוב־הדעת: מען האָט געקאָנט נעמען פאַר אַ רב דעם געשטאָרבענעם רבס אַ זון, וואָס איז געווען אַ איד אַ למדן. איז ער אָבער געווען אַ חסיד. דער צווייטער זון, שוין אַ מתנגד, איז געווען רב אין אַ פּויליש שטעטעלע און האָט נישט געקאָנט פאַרטרעטן דאָס בכבורינגע אָרט פון זיין טאַטן.

פאַר קאַמעניץ איז ער געווען צו קליין. אויך האָט ער געהאַט אַ שם פאַר אַ נאַר. קאַמעניץ האָט אים נישט געוואָלט פאַר אַ רב. דער זיידע אָבער האָט אים ראָך געוואָלט שטיצן. דער טאַטע געווען רב, זאָל איצט זיין דער זון, הגם דער לעצטער איז דעם זיידן אויך נישט שטאַרק געפעלן געווען. און טאַקע דאָ, צוליב דערזעלבער מעשה, האָט זיך דער זיידע מוטיג פאַרמאָסטן מיטן ווילן פון דער קאַמעניצער קהלה.

קיין קאַמפס־מיטלען האָט דער זיידע נישט אָנגעווענדט. ער האָט נאָר געטאָן איין זאַך: איז געקומען אַ רב אין קאַמעניץ און, ווי די מאָדע איז, געהאַלטן אַ דרשה און נושא חן געווען, און די שטאָט האָט אים שוין געוואָלט נעמען פאַר אַ רב, האָט דער זיידע נישט געגעבן זיין חתימה אויפן כתב, וואָס מען האָט באַדאַרפט מאַכן. נישט מער ווי דאָס. און דערביי האָט ער געזאָגט:

— איך וויל זיך נישט מישן אין די רבנות. איר קאָנט זיך נעמען אַ רב, וועמען איר ווילט, איך וועל אייך קיין רעה נישט זאָגן. טוט אייך, וואָס איר ווילט. אגב אויף אַ רב בין איך קיין מבין נישט...

נאָך אַזאַ ענטפער זיינען די פּני אַוועקגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע נעזער, וואָרום זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז קוים וועט זיך אהרן־לייזער נישט חתמענען, איז דאָס רבנות נ י ש ט ז י כ ע ר.

איינמאָל איז געקומען קיין קאַמעניץ איינער אַ באַוואוסטער ר׳ יהושעלע, אַ גדול בישראל, אַ איד מיט אַ סך תּורה. ער האָט געזאָגט אַ פּאָר דרשות און איז זעהר געפעלן געוואָרן דער שטאָט. האָט מען שבת צו נאַכטס געמאַכט אַן אסיפה באַ דוד־יצחקן. אויף דער דאָזיגער אסיפה זיינען געקומען אַ ל ע בעלי־בתּים פון שטאָט. מען האָט געמאַכט אַ כּתב, און אַלע האָבן זיך אונטערגעשריבן. דאָס ערשטע אָרט אָבער האָט מען איבערגעלאָזט ליידיג פאַר אהרן־לייזערן.

צוויי בעלי־בתּים חשובים זיינען געגאַנגען בעטן דעם זיידן, אַז ער זאָל קומען געבן זיין ערשטע חתימה. וויל ער נישט.

— טאָ דאַרף מען נישט זיין חתימה — זיינען די בעלי־בתּים אויפגעבראַכט געוואָרן — וויל ער נישט חתמענען, דאַרף מען נישט! אַזאַ גדול בישראל לאָזט מען נישט אַרויס!

אָבער צווישן ריזעלבע אויפגעבראַכטע בעלי־בתּים האָבן זיך געפונען סקעפּטיקער, וואָס האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיט אַ לצנות־טאָן אַרויסגעזאָגט:

— נאַראָנים, נאַראָנים, זאָגט, אדרבה, צי האָט איר אַמאָל עפּעס אויס־געפירט אָ ה ן אהרן־לייזערס הסכּמה! גרויסע בריהס זענט איר אָהן אים. אַ רחמנות נאָר אויף ר׳ יהושעלען, וואָס מען מאַטערט אים דאָ.

ר׳ יהושע, וואָס האָט געזעהן, אַז ער וועט דאָ גאָרנישט מאַכן, האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און איז אַוועק מיט דוד־יצחקן צום זיידן.

— ר׳ אהרן־לייזער, — האָט ער זיך מיט טרערן אין די אויגן געבעטן — איך מיין נישט אייער שכירות. אָך און וויי צו אַזאַ שכירות. איך וועל קוים האָבן ברויט. נאָר מיר ווילט זיך זיצן אויף דעם שטול, וואו ׳עס זיינען געזעסן אַזוינע גרויסע גאונים און צדיקים.

דער שטאַרקער זיידע האָט דאָס מאָל נאָכגעגעבן...

ער איז אַוועק צו דער אסיפה און האָט געלעגט די חתימה. דערבּיי האָט ער אַנידערגעלעגט אַ צען־רובלדיגן פאַרן רב...

דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מאַנעוור און אויך אַ מין נקמה. וואָרום די קאַרגע קאַמעניצער בעלי־בתּים האָבן שוין אויף אַזאַ אופן אויך ג ע מ ו ז ט ג ע ב ן כאָטש צו דריי־פיר רובל, און דאָס האָט זיי זעהר נישט געשמעקט...

געשטאָרבן איז דער זיידע צו זיבעציג יאָר. אַ סך האָבן געוויינט בײַ זיין טויט און נישט ווייניג האָבן זיך געפרייט: פּ ט ו ר געוואָרן פון אַ זאַ שכל, פון אַ זאַ מאַכט.

געפונען האָט ער זיין אייביגע רוה אויפן קאַמעניצער בית־עולם. די מאָגערע ליטווישע ערד, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, האָט ער זעהר ליב געהאַט, און צומאַכנדיג אויף אייביג זיינע קלוגע אויגן, האָט אים אוראי די קילע גוססע בלוטן אַ ווארעם געטאָן דער געראַנק — אפשר דער לעצטער — אַז זיין מידער גוף גייט אָפּרוהען אין דער שטילער מוטערליכער קאַמעניצער ערד...

---

# אינהאַלט

## מ. גידעמאַן
# יידישע קולטורגעשיכטע אין מיטלאַלטער
(יידן אין דייטשלאַנד דאָס XIV און XV יאָרהונדערט)

יידיש — נחום שטיף

מיט גרויס קענטעניש האָט גידעמאַן אויסגעפאָרשט די אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע קוועלן, וואָס האָבן אַ שייכות צום יידישן לעבן אין דייטשלאַנד אין XIV־טן און XV־טן יאָרהונדערט. אין זיין באַרימטן בוך באַקענען מיר זיך מיט די יידישע מנהגים, מיטן משפּחה־לעבן, מיטן קולטורעלן און עקאָנאָמישן מצב פון די יידן אין יענער צייט; מיר באַקענען זיך אויך מיט די באַציהונגען פון די אומות העולם צו די יידן און ווי אַזוי די יידן האָבן זיך באַצויגן צו דער אַרומיגער וועלט, און זייער קעגנזייטיגע ווירקונג. אַראַנק דעם באַקומט די אַלטע פאַרגאַנגענע צייט אַ גאַנץ באַזונדערן אַקטועלן אינטערעס און לעבט אויף פאַר אונזערע אויגן. מיר זעהען קלאָר פאַר זיך דעם גאַנצן קולטור־היסטאָרישן וועג, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט אין יענע פינסטערע צייטן. פון גרויס חשיבות זיינען גידעמאַנס הערות, בפרט די, וואו ס׳רעדט זיך וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך, וואָס האָט נאָך אַ גרויס באַדייטנדן ווערט פאַר די שפּראַכפאָרשער.



# אהרון איזאַקס אַוטאָביאָגראַפיע

### יידיש — נחום שטיף

אהרון איזאַק, געבוירן אין דייטשלאַנד אין דער ערשטער העלפט
פון XVIII־טן יאָרהונדערט, דערציילט זיינע לעבנס־זכרונות אין
דעם יידיש, ווי מען האָט גערעדט דאַמאָלס אין דייטשלאַנד. ער
שילדערט דאָס יידישע לעבן אין מעקלענבורג, לייפּציג און אין
אַנדערע קאַנטן פון דייטשלאַנד. אהרון איזאַק איז געווען דער
ערשטער ייד, וואָס האָט, אויסוואַנדערנדיג פון דייטשלאַנד, באַ־
קומען אַ דערלויבעניש צו וואוינען אין שוועדן. ער האָט נאָכ־
געצויגן נאָך זיך קיין שוועדן אַנדערע יידן פון דייטשלאַנד און זיי
געהאָלפן זיך באַזעצן דאָרט, ער האָט פאַר יידן געעפנט „אַ נייַ
לאַנד" — שוועדן, וואו ביז אים האָבן יידן ניט געטאָרט קיין פוס
שטעלן. זיין וועג איז געווען ניט קיין גרינגער. ער האָט אויס־
געדינט אַלע עבודה־זרהס: לויט זיין פּראָפעסיע אַ שטעמפּל־
גראַווירער, איז ער געוואָרן אַ סוחר, געהאַנדלט מיט צירונג,
מיט גאַלאַנטעריי, אַפילו מיט ציגן, געווען אויך אַ צושטעלער באַ
דער אַרמיי (אין שוועדיש־רוסישן קריג). און אַדאַנק זיין זעלטענער
ערליכקייט און גרויסער ענערגיע האָט ער זיך סוף כל סוף דער־
שלאָגן צו אַ גרויס אָנזעהן.



# בער באָלעכאָווער / זכרונות

### (אַ יידישע און אַ העברעאישע אויסגאַבע)

### צום ערשטן מאָל פאַרעפנטליכט מיט איינלייטונג און הערות פון ד"ר מ. ווישניצער

אַ יידישער סוחר פון XVIII־טן יאָרהונדערט דערציילט זיינע
איבערלעבונגען אויף אַ בולטן אופן. ער גיט איבער קלאָר דאָס
לעבן פון אַ קליין יידיש־גאַליציש שטעטל אין זיין צייט, דערציילט
די פאַרשיידענע צרות, וואָס די יידן האָבן זיך דאַמאָלס אָנגעליטן
סיי מצד דער פוילישער רעגירונג, סיי פון ווילדע באַנדעס,
וואָס פלעגן מאַכן אָנפאַלן אויפן שטעטל, הרגענען, רויבן, פאַר־
ברענען די הייזער וכדומה. בער באָלעכאָווער גיט אַ סך מאַ־
טעריאַל פאַרן יידישן היסטאָריקער וועגן דער דאַמאָלדיגער סאָ־
ציאַלער און עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן און איבער זייערע
בילדונגס־פאַרהעלטענישן.

### מ. זילבערפארב
## דאָס יידישע מיניסטעריום און די נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע אין אוקראַינע

דער בוך — דאָס איז די געשיכטע פונם מיניסטעריום פאַר יידישע ענינים אין אוקראַינע. אינגאַנצן האָט עס עקסיסטירט ניט מער, ווי איין יאָר, פונם 15־טן יולי 1917 ביז דעם 18־טן יולי 1918. דאָס איז אָבער געווען ניט קיין געוויינטליכע צייט, נאָר אַ יאָר מלחמה פאַר נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע בכלל, און פאַר יידישער אַווטאָנאָמיע בפרט. דאָס יידישע פאָלק איז גע־שטאַנען בראש פון דער באַוועגונג. ניט אַזוי גרינג אָבער איז געווען דורכצופירן די יידישע נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע אין לעבן, ניט ווייניק מניעות האָט מען באַדאַרפט בייקומען פון אויסן און אינעווייניג. דער ערשטער יידישער מיניסטער, דער מחבר פון דעם דאָזיגן ווערק, וואָס האָט געמוזט דורכמאַכן דעם שווערן וועג, דערציילט אָביעקטיוו און אויספירליך די גאַנצע גע־שיכטע פון ערשטן טאָג אָן ביז די שווערע האַנט האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף דער יידישער אַווטאָנאָמיע. דער בוך איז רייך מיט אַ סך דאָקומענטן און מאַטעריאַלן.



### יעקב לעשצינסקי
## דאָס יידישע פאָלק אין ציפערן
**(יידן אין דער גאַנצער וועלט)**

„דאָס יידישע פאָלק אין ציפערן" איז דער ערשטער וויסנ־שאַפטליכער בוך אויף יידיש, וואָס באַהאַנדלט אַזאַ וויכטיגע פראַגע, ווי די צאָל יידן אין דער גאַנצער וועלט ביז די סאַמע לעצטע יאָרן. דאָס ערשטע מאָל קאָן דער לעזער געפינען אין אַ יידיש בוך, ווי אַזוי די יידן זיינען פאַרשפּרייט און צעטיילט צווישן פאַרשיידענע פעלקער און לענדער, וויפיל יידן וואוינען אין גרויסע שטעט, שטעטלאַך און דערפער. אַ חוץ דעם, ווערט געגעבן באַהאַנדלט די קאָנצענטראַציע פון די יידן אין גרויסע קהלות און ס'ווערט אָנגעוויזן אירע סבות. דער בוך איז זעהר רייך מיט דאָקומענטאַלע ציפערן, אין אים געפינט זיך 57 ספּעציעלע טאַבעלעס מיט אַ גרויסער ביילאַגע־טאַבעלע. „דאָס יידישע פאָלק אין ציפערן" איז אי אַ האַנט־בוך, אי אַ לערן־בוך, אי אַ לייענבוך.